# ליטעראַרישע זאַמלונגען

# V

•

רעדאַקטירט:

מ. גיציס
שלמה שוואַרץ

•

שיקאַגע
1948

• שלמה שוואַרץ

# ויהי ערב

## א.

ויהי ערב,
איצט איז רייף די פינצטערניש, געמיט.
אַלע גלוסטונגען אין דולן שווייגן,
אין דיינע אָרעמס די שירה, מיין ליד,
ווי אַ סגולה קעגן ליידיקע צווייגען.

ויהי ערב,
נישט אַנדערש אַ גזר פון מאָנסטערשע געבאָטן,
איצט וויל דער חלום, דער אייביקער קרבן,
זיך פאַרקנסן מיט מיין לאַנגן שאָטן.

ויהי ערב,
דער סוד פון ליכט איז אי אומעט, אי שאַנד.
ס'בליצט דער עלנט דורך מילדע שויבן.
נאָר דו ביזט שוין לאַנג דעם שלאָף באַקאַנט:
אנגסט און חידוש, דער משפט פון אויבן.

ב.

די לבנה
אַ רמז אין שויב אין אויג, צויבערט.
ווער עס וויל בענטשט אינטים דעם אַסטראַנאַם.
ס׳רעדט דער זייגער, דאָס קול צויבערט.
די קלוגשאַפט רייצט ,די האָר אַ שטראָם.

די לבנה
אַ פּאַרטאַיעטע חיה לעקט ווילדע ווערטער:
און ווינט, אַ סופּליאָר, דורך גראָז און בלאַט.
די נאַכט היט מיסטיש אדמ׳ס ווילדן עלטער
ווי איך מיין עלנט צווישן לייבליכן אַראָמאַט.

די לבנה
אַ פלאַטערדיק שילד צווישן שטערן־שריפט,
די וואונד אַ חתימה: סודותדיק, פּרימיטיוו,
נאָר די ערד די לאַיאַלע אינערלאַך, פּאַרטיפט,
טוליעט אונדז ביידן מיט שלאָף, אורסטער באַגריף.

ג.

ויהי ערב,
דער ווינט ווישט די שויבן ,
מיין הויז־געזינד, זעקס מעת־לעת'ן
שאַרפן אויף מיינע ליפּן
די ווייסע שווערד, דעם שטאָלצן פראָסט.
דער הימל איז פּעלזיק־בלוי.
אומזיסט, אומזיסט געהאַלדזט די קליינע שעה'ן,
די קברימדיקע בליטן.
די זיכערקייט אין אייגענעם אויג פאַרשניטן.

געמיינט די זון פון גאָלד איז מיין היטל.
דער שניי ,
אַ ווייסער קיטל ווי מיינע זיידעס,
נאָר די זקנה, די ווינטער נאַכט
מיט ציפּערבלאַט שפּראַך
ווי תמיד איבער מיין דאַך דעם שלאָף
פון שטערן באַפרייט, באַהערט:
נאָר דיין קוש צו מיין אויג,
ווי אַ גאַסט וואָס דריקט די בלום פאַרקלערט.

ד.

מיין שרייבטיש, די וואונד, איז יונג, געפּלעפּט.
דער פאַרנאַכט דרימלט ווי אַ סידור.
דאָס יינגל צינדט דעם זונפאַרגאַנג,
די ליבע פיטערט מיינע לידער,

און צען מאָל די ליפּן אין שפּיגל געקייט
אַ גאָט־געפאַרבטער אויף מיין סטעליע.
דער ווייסער שלאָף פאַרעקשנט ווי פראָסט,
יאָר איין, יאָר אויס, די פאַרפרוירענע קאַפּעליע .

דער הונט, ווי מיין אויער, שלאָפט פאַרטראַכט.
די ראַדיאָ שפּייזט אי מיט קעז, אי מיט ברויט.
דער ווינט אין אויער דעם סוד פאַרקניפּט:
אַז שענער פון טרער בליט דער טויט.

ה.

די טרער אין ראָם, אַ ווייסער פלאַם:
געננוג באַוויינט אַ גוף אי ביין.
אין טיפֿן שניי דער שטיין, מיין אויסגעפוצטער ווײ,
די רגע אין אויג שווימט זויבערדיק קליין.

און ווי אַ קינד די ביינקעניש זויבערט אין מיר.
כאַטש דער ווינטער־שטראָף
אַן אָפּגעפּליקטער דעקרעט.
די שטערן קלינגען אין יעדער טיר,
נאָר די לבנה אַ באָרוועסע וויינט אין מיין בעט.

קום, די שטאָט שאַצט דיינע אויגן.
די הייסע שריפט אין פאַרהויכטן שפּיגל.
כ'מיין אַז איך שטאַם פון די זכות אבותדיקע לאָרדן
וואָס זוכן אין שטיינערנעם גן־עדן — מיין וויגל.

ו.

דער רויטער האָן האָרכט פֿאַרשעמט דעם זונפֿאַרגאַנג,
די ווייסע פּוסטקייט,
אַ שטומע ליאַלקע
הוידעט זיך אין ווינט.

דער ניגון שנירלט זיך פֿון דאַך אַראָפּ,
כוואַלט געשוואוירן
אַז גאָט איז איצט אַ פֿליג
אויף דיין ליפּ, דו שטערנקינד,

אַצינדערט דער אָטעם איז שוואַרץ אין געשוועב;
און דאָס באַקעט וואַסערל
ווי דיין לייב
זעטיקט מיין סקעלעט.

נאָר די פֿאַרב מצבהדיק צעזינגט,
ווי דער חלום אַ פּיצלדיקער שכר .
דער רויטער האָן אין שפּרונג נאָך שטים
וועקט צו שפּעט אין שנייאיקן מינוטע.

ז.

פליגלדיק גרינג די אָפּגעברענטע שעה.
אָט דאָ אין ספערע, די ברעם, די מאָס
פון באַוועג, פון אַראָפּ.
עס דרעמלט דער הירש און פראָש
ווי מיין סוד:
טאָ גאַדיר אַ געשאַנק, מיין אויג,
די זון וואָס בריט אין מיין קאָפּ.

טאָ גאַדיר די שיינקייט פון ערדישן קני:
פון שטענגלאַך די ליכט
ווי אָנגעצונדענע טרערן.
כ'קרוין דיר מיט געוויין,
די טראָפּנס פון געשריי!
אַז געבליבן איז מיר נאָר דער וואָרעם,
און דער קלינגדיקער שטערן.

ח.

אָט אַזוי האָב איך דיך ליב,
ביימעריש שלאַנק דורך אַלע וויאָרסטן.
חלפדיק-יונג ווינט'ס אויסגעשריי!
ס'זינגט די וויסטקייט, ס'טאַנצן האָזן;
דו וואונדער,
דו וויי.

אָט אַזוי האָב איך דיך ליב.
שאָפּענדיק מיטצושפּאַנען
אין דער ווייסער שירה פון אויטאָ־דאַ־פע.
ס'זינגט די ווייסקייט. ס'טאַנצן האָזן;
דו וואונדער,
דו סנה.

אָט אַזוי האָב איך דיך ליב.

ט.

זע, די באַן וואָס פירט מיך צו דיר
אין פאַרטאָגן איז מיין שול, מיין היים.
אין געהיים
דיינע יונגע בריסט קליין
ווי אַ פּאָר תפילין אויף מיין אָרעם,
אויף מיין שטערן,
אַ תפילה, שניי־ריין.

און די פאַרטאָגיקייט, אַ בלויע נבואה
הויכט ,וואָגלט און וויקלט דעם אַרום .
רום
איז בלויער פרוכת,
דער הימל
היט דעם ניגון דורך פאַרפרוירענע שויבן,
טאָג איין,
טאָג אויס,
און דו אויף מיין שוועל די מגילה, דער דרימל.

י

עס פּליט דער שניי,
אַ װײַסער נדר
אין אויג, אין מויל, אין אויער.
טרויער!
לאָמיר צעקושן אַ בונד.
דער טײַך אַ פֿאַרפֿרױרענער האַלדז
דאַװנט הייזעריק
אין טיפֿן גרונט —

דער װינט קניט װינטערדיק פֿרום
װי איך און דו
אין שניי־פֿײַער — שטום!

יא.

ויהי ערב,
די מאַמע קומט אין חלום, דער טאַטע מיט עלטער,
דער וואָלקן פירט צום אוראַלטן ראַנד.
כ׳קום צו דיר אין אַ בינטל שקיעה׳ס
אַ פאַרשטעלטער
מיט פייער, מיט פראָסט אויף מיינע וויעס.

און אַז דער רעגן ווי אַ צירונג אויף דיין ליאַלקע
צעקניפּט איינציקווייז דעם אייביקן ווידער,
צינד זיי אָן די מילי׳אָניקע טראָפּנס, די בלויאיקע —
דעם ניגון, דעם אות, מיינע גלידער.

ויהי ערב,
דער מאַרמאָרנער לייב וואָס היט מיין בעט,
באַוואַכט די פינצטערניש הינטער מיר
אין דולן שווייגן.
האַלדז מיך דו שירה, דו ליד,
דו סגולה קעגן ליידיקע צווייגן.

*
* *

## • א. סוצקעווער

# לידער

## תחית המתים

איך האָב געזוכט דעם שופר של משיח
אין פּלעקן גראָז, אין אָפּגעברענטע שטעט,
צום אויפוועקן חברים. האָט גערעדט
מיין בייניקע נשמה:
זע, אָט גלי איך
אין דיר אַליין,
וואָס זוכסטו מיך אין דרויסן?

האָב איך אין גרויסן
איינגעשמידטן צאָרן
אַרויסגעריסן פונעם לייב מיין גייסט,
ווי אַ שאַרפן האָרן
פון אַ לעבעדיקער חיה
און אָנגעהויבן בלאָזן:
תקיעה,
שברים,
ווערט לעבעדיק, די וועלט איז איצט אַ פרייע.
לאָזט איבער אייער ניט־זיין אין די קברים
און שפּרינגט אַרויס מיט בענטשונג.
זעט, ווי ריין
עס וויגן זיך פון וועגן אייך די שטערן !

איז אָפּגעשווומען ווי אַ טייך
די ערד מיט גראָז און שטיין
און מענטשן־רייד האָב איך געטאָן דערהערן:

— מיר ווילן ניט, אַוועק, דיין ערד איז טמא !
— פון שטראָף צו זיין געבוירן האָט מען איינמאָל אונדז באַפרייט !
— מיר דאַרפן ניט דיין צייט ,

דײַן בלינדע, לאָמע,
און ניט די שטערן,
אונדזער אומליכט שימערט מער ווי זיי!
— די וואָר דאָס זעגען מיר,
דו טרוים פאַרשאָלטענער פאַרגײ!
סײַ ווי סײַ פאַרשפּילט און אויסגעשפּילט איז דײַן מלחמה.
בלויז אײנער, מיט אַ שטים אַ ניט־געהערטער
ווי דאָס בליען פון אַ וואַלד, מיך האָט
פאַרבענקט גערופן: לייז מיך אויס, באַשערטער — —

— ווער ביסטו איך זאָל האָרכן דײַן געבאָט?

און גראָזשפּראַך האָט מיר געענטפערט: גאָט.
איך האָב אַמאָל געלעבט אין דײַנע ווערטער.

## דער פרעמדער

וואָס יאָג איך זיך נאָך דיר אָן זינען, ווי אין יענער נאַכט
ווען דו האָסט זיך פאַרפּלאָנטערט אין די שטערן און געלאַכט?

אַצינד ווו ביסטו? און דײַן אָטעם אויף מײַן ליפּ ווו איז?
איך בין מקנא דעם סקעלעט, וואָס וואַרעמט דײַנע פּיס.

מעדאַליאָן.
מיט גאָרנישט־ליפּן זייגט ער אָנשטאָט איך דײַן רויטן מאָן.
מיט אומליכט־אַפּלען שמעלצט ער אויף דײַן ברוסט מײַן

און אַלץ וואָס איך האָב ניט דערצערטלט ווערט דורך אים פאַרפּילט —
אַ מאָלער, ניט געזעטיקט מיט די פאַרבן פון זײַן בילד.

באַליידיקט, וואָס ניט מיטגעגאַנגען איז מיט דיר מײַן שפּאַן —
ביסטו זיך נוקם — צוגעאײביקט צו דעם פרעמדן מאַן.

און כאָטש עס טיילט אונדז ביידן אָפּ אַ רויזנדיקער שיכט —
בין איך דיר ווייטער פון אַ שטערנס אויסגעלאָשן ליכט.

דײַן שאָטן אָבער, וואָס ער שאַרשעט ווי דײַן זײַדן קלייד —

האָסטו צו מיר אַרויפגעשטראַלט. דיין שאָטן איז מיין פרייד.
ער פליִיצט דיין לעבעדיקער שאָטן איבער פריש געבלים.
איך שליידער זיך אויף אים און שווים צום שמייכל פון
דיין שטים.

נאָר דיך באַרירן קען איך ניט. עס גילט אויף מיר אַ שטראָף.
דער פרעמדער ווי אַ ביינערדיקע שווערד באַוואַכט דיין שלאָף.

דיין איינגעשטילטן שווײַגן נאָך דיין שטורמישן געשוועב.
און איך מוז ווייטער בענקען אָן אַ זין. און בענק. און לעב.

## אַמאָל איז געגאַנגען אַ רעגן

אַמאָל איז געגאַנגען אַ רעגן.
האָט זיין יעדער וואַסער־פינגער געטראָפן
די באַהעלטעניש פון אַ מינדסטן גראָז.
געטראָפן —

איז דאָס גראָז אַרויס פון דער ערד
אין אַ וואַסער־קלייד,
אין אַ זונען־קלייד.
איז אַרויסגעשוווּמען די ווייסע רויז
אַרומגעכאַפּט מיט דערשראָקענע בלעטלעך
ווי אַ נאַקעט מיידל באַם דערהערן טריט.
האָט דער ווײַנשלבוים זיך אונטערגעגעבן
און אַרויסגעקניפּן פון זײַנע ליפּן
די שטראַליקע ווײַנשל,
די קושן ווײַנשל
וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר זיך אַליין.

דו האָסט עס באַמערקט?
אויב ניין — אַ שאָדן!

עס האָט גאָר די ערד זיך געפרייט מיטן רעגן,
בלויז מענטשן אין ווייסע שטרויענע היט
זענען געלאָפן
מיט הירשענע טריט
גיך און גיכער

צום גלעזערנעם טויער,
ווו אַ וועסערל האָט געזשומעט אין טרויב
ווי אַ פליג, וואָס פאַלט אַריין אין אויער.

אַמאָל איז געגאַנגען אַ רעגן.
היינט —
איז ניטאָ מער קיין רעגן
מיין ליבער פריינד.

דו האָסט עס באַמערקט?
אויב ניין — אַ שאָדן!

אַנשטאָט אַ רעגן
גייט, קומט
אַ וואָלקן וואָס טונקלט אַראָפּ צו דער ערד
און באַרירט שטעט מיט שפּיניקע פינגער.

דו האָסט עס באַמערקט?
אויב ניין אַ שאָדן!

דער וואָלקן צעגייט ווי טראָפּנס צין.
שווענקט דעם באָדן.
וואַשט די הייזער.
און אַז די טראָפּנס צעשטעפּן דעם שטויב —
שווימען אַרויס די צעקנייטשטע הייזער
מיט פאַרהאַקטע לאָדן,
פאַרזשאַווערטע האָקנס,
און אַנשטאָט היימישע דעכער —
שטוינען
שוואַרצע דערנער ווי בינטלעך בליצן.

און דעמלט זענען די טראָפּנס מטהר
די פולע פוסטקייט
וואָס הענגט אָף די האָקנס.
ניטאָ מער די ווייסע שטרויענע היט
וואָס לויפן צום טויער,
צום גלעזערנעם טויער.

דו האָסט עס באַמערקט?

**אויב ביין — אַ שאָדן!**

מיליאָנען טראָפּנס,
(אַזויפיל טראָפּנס
וויפל מענטשן
עס פעלן אויף דער ערד)
ציען זיך,
שנירלען
שורשען
ריזלען
אַהין, אַהין,
צו דער אייביקער נידער,
צום אוראַלטן פאָטער פון אַלע טראָפּנס.
נאָר אַהינטער זיי —
וויי, וויי,
גראָזן מער ניט אַרויס קיין גראָזן,
בלימלט מער ניט אַרויס קיין בלימלונג,
נאָר עס בלייבט אַ וועג,
אַ צעקאַרבטער וועג,
וואָס האָט ניט קיין אויסוועג וווהין צו פירן.

און ניט קיין רעגנבויגן גייט אויף —
נאָר אַ שטיינערנער פּויסט אין זיבן קאָלירן.

## די יונגע מאַמע

אַז פון גאָרער וועלט איז איר פאַרבליבן
בלויז איר קינדס אַ ליאַלקע און ניט מער —
וועמען זאָל די יונגע מאַמע ליבן,
ווער וועט זי אַן ענטפער געבן, ווער?

האַקט זי צו די טיר אויף שלאָס און ריגל
און ווי פריער לייגט זי איצט אויף סניי
אין דעם פּוסטן, פּוסטן, פּוסטן וויגל
דאָס פאַרגאַפטע קינד פון פאָרצעליי.

וויגט און באַלקן גלימצערן אין פרירונג.
אינעם פענצטער שטעקט אַ בינטל שטרוי. —

טוט זי אָן אַ שמייכל ווי אַ צירונג
אויב דאָס קינד זאָל מיטשמייכלען אַזוי.

נאָר די ליאַלקע וויינט. מע האָט איר חלום
צוגערויבט פון אויסגעשטרעקטע הענט.
איז זי קראַנק געוואָרן חס־ושלום?
וויי מיר, ווי דאָס שטערנדל איר ברענט!

וויקלען מאַמעס ליפּן איין דעם שטערן:
— „ניטע, ניטע חנהלע, ניט וויין
ווייל אַ וואָלף אַ בייזער קען דערהערן״
און די טרערן ווערגן איר אַליין.

טוט די מאַמע חנהלען שוין לייגן
צו דער זיסער ברוסט, און וויגט זי צו,
און זי גיט דער ליאַלקע אויך צום זייגן:
— איילעליו, מיין לעבן, איילעליו״.

און די ליאַלקע זייגט. עס גיט אַ בלייכל
אויף די ליפּעלעך בלעזלדיקע שוים.
און פאַרדרעמלט איינגעוויגט אין שמייכל,
בלויז די וויעס ציטערן קוים־קוים.

דרעמלט אויך די מאַמע ביי איר שענסטער,
אָבער פּלוצעם וועקט איר אַ געשריי:
מער ניטאָ דאָס בינטל שטרוי אין פענצטער.
און ווי שטערן פאַלט אַריין אַ שניי.

## יידישע גאַס

ביסט ניט פאַרגאַנגען. דיין פוסטקייט איז פול.
פול מיטן פאָלק ווי מיין אויג מיט דער מאַמען.
ערגעץ נאָך פלאַטערט אַ שיימע, אַ שול,
ס׳האָבן אין זיי ניט קיין שליטה די פלאַמען.
איך וואָלט געשוואוירן: אומערדיש דיין גבול.
טיף איז געוועזן און וועט־זיין — דיינע שטאַמען.
אָט איז די באָרד אויפן בלויליכן ש״ס,

אָט איז דאָס הייליקע קרעמל מיט קוואַס.
ייִדישע גאַס.

דו ביסט דער ניגון, וואָס דורות צוריק
האָבן אַרויסגעשפּילט מיינסטער כלי־זמרים.
ס'האָט זיך פאַרשטעלט אין אַ גאַס די מוזיק,
בלויז פאַרן אָרעמען דאַכט זיך — ביסט אָרעם.
ווען ס'איז אָבער געשאָנקען דאָס גליק —
זאַמלט דיין פראַכט מיט אַן אָפענעם אָרעם:
אָט איז די פאָנע פון בלוטרעגן נאַס.
אָט איז די לערערין מירע אין קלאַס.
ייִדישע גאַס.

אויב נאָר דיין שטערן־פּרוכת איז וואָר —
איז אויך דיין וואָר ניט קיין חלום קיין בלינדער.
אָט איז דער נביא מיט שטיינערנע האָר,
מאָלט די נבואה פאַר נאַקעטע קינדער.
קען דען די וואָג פון אַ פינפהונדערט יאָר
ווינציקער וועגן פון פּיצל אַצינדער?
ווער זאָגט פאַרשווינדן? אַ ליגן, אַ שפּאַס,
ערגעץ נאָך בומקעט דער באַסער אין באַס.
ייִדישע גאַס.

לעבט ניט דער ניגון, ווען טיף אויף זיין גרונט
שטראַלט דאָס געביין פון געפאַלענעם שפּילער?
שטיינערנע צערטלעניש וויקלט מיך רונד, —
מיך, דיין פאַרוואָגלטן, מיך דיין דערפילער.
ייִדישע גאַס, לאָמיר שליסן אַ בונד!
לאָז מיך דערהערן דיין אייביקייט, שטילער:
אָט ביסטו ווידער אַזוינס און אַזאַס,
העכער פון האַס און פון צייט דער מרשעת —
ייִדישע גאַס!

# עס פליט אַריין אַ פלאַטערל

עס פליט אַריין אַ פלאַטערל,
פון ערגעץ הער, פון אויבן ,
און עפנט אַ טעאַטערל
אין אויסגעהאַקטע שויבן.

דאָס פלאַטערל — געווען אַמאָל
אַ וואָרעם אונטער שטיינער.
אַצינדער זע דאָס פנימל —
ניטאָ נאָך אַזאַ איינער.

די קינדער די פאַרריגלטע,
און צווישן־ווענט באַהאַלטן —
זיי וואַכן־אויף באַפליגלטע
פון שטיקנדיקע שפאַלטן.

דאָס פלאַטערל אַ גילדערן
עס מורמלט: שטילינק, שטילינק.
נאָר קינדער שפרינגען, פילדערן:
— עס איז אַריין דער פרילינג!

און מער ניט קיין געבויגענע
זיי ציען זיך אים פאַנגען.
זיי לויפן רעגנבויגענע
מיט הענטלעך אים דערלאַנגען.

דאָס פלאַטערל, דאָס פלאַטערל
מיט גאָלד באַצירט די חורבות, —
אַ כישופדיק טעאַטערל
עס שפילט צו דער נאַטור וואָס.

און ווי עס שפילט באַגראָזן זיך
די אָפּגעברענטע בייטן,
און יונגע ווינטלעך לאָזן זיך
אַ בעזן־ריח שפרייטן.

דער אָפּגעדאָרטער קאַרשנבוים

ער ווערט אַ „מענטש" ווי אַלע.
ער ווערט אַליין זיין ירשנבוים ,
אין ווײַסן ווי אַ כלה .

דאָס פלאַטערל, דאָס פּרילינגל,
נעמט זינגען ווי אַ פויגל.
עס בליט אַ בלויאינק בלילינגל
בײַ איטלעכן אין אויגל.

נאָר אומגעריכט דאָס פלאַטערל
פאַרפליט אַהינטער דראָטן.
עס לעשט זיך דאָס טעאַטערל.
פאַריתומט בלייבט דער שאָטן.

און אויף דער דראָט באַהאַנגענע
עס בלוטיקן די קינדער.
ווי פלאַטערלעך געפאַנגענע
זיי ראַנגלען זיך אַצינדער.

## אַ שטים

עפּעס האָט אַ פליגלדיקס אַדורכגערוישט די הייכן
און איך האָב אַ שטרעק געטאָן אַ האַנט עס צו דערגרייכן.

האָט מיך אָנגערירט אַ שטים, אַ זומער־שטים אַ שטילע:
— ווי זשע לעבסטו איין־אַליין און רופסט מיך ניט אַפילו?

ווי בײַטאָג אַ שטערן בין איך דאָ, נאָר דו דערזעסט ניט,
און מיין נעסט איז גאָר די וועלט, נאָר דיר געפעלט די נעסט ניט".

און די שטים האָט מיט אַ שוואַרצן פאָדעם מיך פאַרשפּונען,
און די שטים האָט מיך פאַרטראָגן הינטער זיבן זונען, —

און זי האָט זיך דאָרט פאַרוואַנדלט אין אַזאַ מין וועזן,
קיינמאָל ניט צו ווערן, ווייל ס'איז איינמאָל שוין געוועזן.

# די פרוי פון מירמל אויפן פערלאַשעז

די פרוי
פון מירמל, אויפן פערלאַשעז
האָט מיך געפאַנגען.

עס איז געווען אַזוי:
איך בין געגאַנגען
אויף פערלאַשעז,
מיט פרישן בינטל בעז,
אים צו דערלאַנגען
שאָפּענס געביין
פאַרוואַנדלען אין קלאַנגען

שוין דאָס אַליין
וואָס אויפן שטיין
איז אָנגעשריבן ווו דער
מייסטער איז געבוירן
האָט געטאָן מיך אַ צערודער.
וועדליק אָרט איז ער כמעט אַ ברודער.
און וועדליק צייט? —
נאָר וואָס איז אַ יאָרהונדערט
אין פאַרגלייך מיט אונזערע מינוטן?
אָסור, אויב איך בין מיין פּיצל איצטיקייט מקנא!
איך האָב מיין אויער צוגעלייגט צום שטיין
און דערהערט: עס רעגנט דאָרט אַ פּיאַנע.

נאָר דעמלט האָט מיין גאַפנדיקער אויער
דערשפּירט אַ וואַרעם צאַפּלען,
אַ באַוועגן,
אַ הייב דעם קאָפּ —
אַ פרוי־מצבה בייגט זיך מיר אַנטקעגן.
די פרוי־מצבה אויפגעלעבט און וואַך,
צעעפנט ליפּן אָנגעשימלט־גרינע.
זי שטעקט אַריין איר האַנט אין מיין טשופּרינע
און שטיינערט מיר אין פּנים אויף איר שפּראַך:

דאָס האַרץ פון דעם וואָס איך היט
איז לאַנג אַוועק אין זיין היימלאַנד.
און בלויז דער שטויב זיינער בליט
אין רויטן, טויטן ליימלאַנד.

נאָר דו אַז דו ווילסט, מעסיע,
ווי מיין האָר שאָפּען פאַרברענגען, —
צי ווייסטו ווו ביין, ווו יע,
מע זאָל דאָס האַרץ דיינס ברענגען?״

די זון האָט אין מיין צווייגל בעז
פאַרשרומפּן זיך, פאַרלאָשן׳
געבליבן בין איך אויפן פערלאַשעז
געליימט, אָן לשון:
קעדאַי געווען צו זאַמלען אויף מיין קאַנטע
דרייסיק יאָר,
פאַרלירן אַלע נאָנטע,
בלייבן הענגען אויף אַ האָר,
אַרויסגיין פונעם קאַלכאויוון
מיט ניט פאַרברענטע טרערן,
אַז איך זאָל איצט, אויף פערלאַשעז דערהערן
אַז מיין אַלמאַכטיק האַרץ איז ווערט אַ פּיים.
און אויב איך וועל מיר אַ צוואָה מאַכן
מען זאָל שפּעטער ברענגען עס אַהיים —
וועט גאָר דאָס טרויעריקע וועלטפּאָלק — לאַכן.

# אַ שולכל

כ׳האָב פאַרוואָגלט אין אַ שולכל — ווינט און פאַוועטינע,
אין אַ שעה ווען דו דערקענסט ניט פון אַ וואָלף ביז הונט.
ערגעץ פון אַ טורעם אין דער שטאָלענער מדינה —
אַ האַרמאַט, וואָס לויערט אויף די וועגטלעך גראָע, דינע.
נאָר דאָס שולכל, ווי אַ חלום איינגעפלאַנצט אין גרונט —
האָט קיין האָר זיך ניט געקימערט, מיט די שאָטנס מיך באַשימערט,
עלעהיי ס׳וואָלט אין אַ ברונעם פאַרביק זיך צעזינט.

אינעם ברונעם האָט געברומט אַ צאַנקענדיקער לערנער.
אייגער בלויז. און איך האָב זיך פאַרוואַנדלט אינעם אות
אויפגעלעבט אויף זיינע ליפּן. אַלע נעכטנס דערנער

האָב איך דעמאָלט שוין געצערטלט היימישער און גערנער:
אַט דער לערנער ברומט אין ספר און ער ווייס פאַרוואָס.
גאָלדיק האָט אַ ליכט געטריפלט מיין מחשבה — זיך געשפילט.
ביז דער לערנער אַפריכטן האָט אָנגעהויבן חצות.
און געטראַכט האָב איך אַזוי: פון סורא, פומבדיתא,
האָט אַ קלוגער שפליטער זיך פאַרקליבן דווקא דאָ,
ווי ער וואָלט געזען די צוקונפט. און די צייט די מיאוסע —
קען דעם גורל־שפליטער ניט פאַרשפאַרן אין קיין תפיסה.
דאָס האָט ער אין יענע טעג באַשטימט וואָס ניין, וואָס יאָ.
און אַוועק בין איך אין קלערן, מיט אַ נייעם קנייטש אין שטערן,
און דאָס שולכל — מיך באַגלייט אַ קיילעכדיקע שעה.

## מיין פאַרגעסענע ביקס

אין חלום וואַכט אויף מיין פאַרגעסענע ביקס
וואָס אַן עלנטע לעבט אין די וועלדער:
— „עס לאַקערן ווידער פאַרדעכטיקע פיקס
און זיי ווילן צעפליקן דיין שוועל דיר!"

איך שפרינג פונעם חלום אַרויס אין געאייל
און פאַרטרייב ווי די היינט זייגע פאַרבן.
נאָר ס׳ביקסענע קול, איבער הונדערטער מייל
בויערט־דורך מיין פאַרלידערטן שאַרבן:

— „עס דרעמלט דיין טאָכטער אין ווערבענער וויג,
ביסטו גרייט צו באַשיצן איר דרעמל?
צי קען דיך באַרוען דער זיגל פון זיג,
און צי ביסטו פאַרגלייבט דעם געזעמל?

דאָס אָקערשט פאַרגאַנגענע איז ניט פאַרגאַנג,
און אין היינט איז פאַרוואַנדלט דער נעכטן.
ווי ברענגראָז פאַרלויפט דער אומזיכער דיין גאַנג,
און דער מערדער — פאַרשטעלט אין גערעכטן.

איז דאָס פאַר דער פריישאַפט דער לאַרבער, דער שכר?
איז אַ סתם־אַזוי־ווערטל מיליאָנען?
דערפאַר ביסטו איבערגעבליבן, דערפאַר,
דו זאָלסטו ווידער אַ קרבן זיין קאָנען?"

איך רוף מיין פאַרגעסענע ביקס אויף דאָס ניי:
ניט געשטעלט נאָך קיין פונקט, ניט קיין קאָמע.
אַצינד, ווען עס קילט אויף די פעלדער דאָס בליי,
פירט די שארית הפליטה — מלחמה!

## ב. גראָבאַרד •

# אריה שמרי

דער טאָן אין אַ נאָרמאַלער, אַלזייטיקער ליטעראַטור ווערט געגעבן פון דיכטער פון גרויסן פאַרנעם. נישט נאָר גיבן זיי איבער דעם עסענץ פון רעאַליטעט, געבנדיק אַן אוניווערסאַלן כאַראַקטער זייערע אינטעלעק־טועלע און עמאָציאָנעלע דערפאַרונגען, נאָר זיי גיבן אויך אַ זין און אַ די־רעקציע צו מענטשלעכע דערפאַרונגען בכלל. זיי אינטעגרירן אין זייערע שאַפונגען פעסטעמענטשלעכע ווערטן, וועלכע זיינען אין משך פון דורות געשאַפן געוואָרן און געוואָרן אַ טייל פונ׳ם לעבן. דער אוניווערסאַלער טאָן איז דער אייגנאַרטיקער סימן מובהק פון די פירנדיקע יידישע דיכ־טער אין אַלע צייטן. פון תהילים ביז ה. לייוויק האָבן נאַציאָנאַלע און אינ־דיווידועלע דערפאַרונגען אָפגעשפיגלט אַלגעמיין מענטשלעכע איבערלע־בונגען. זעלטן ווען האָבן אויסערלעכע זאַכן פאַרכאַפּט דעם יידישן דיכטער און שאַפער. אפילו שטילע, לירישע געזאַנגען זיינען געוואָרן די אָפּקלאַנגען פון אוניווערסאַלע איבערלעבונגען און שפירונגען. זעלטן ווען זעט מען ביי אונדז אַ דיכטער, וואָס זאָל פאַרכאַפּט ווערן פון לאַנדשאַפטן אָדער נאַ־טור דערשיינונגען און זיי באַזינגען פאַר זייער אינערלעכן באַטייט. לירי־שע דיכטער באַזינגען זייער געמיטס צושטאַנד, זייער אמתע לאַנדשאַפט איז זייער האַרץ און געמיט. פון דאָרט פליסט פאַרב און קאָליר צו באַשיי־נען יעדע נאַטור דערשיינונג אָדער פייזאַזש, וואו זיי זאָלן זיך נישט גע־פינען, אין ארץ ישראל, אין רומעניע אָדער אין פוילן וועלן זיי באַזינגען הויפּטזאַכלעך דעם וויי און צער פון לעבן. די לאַנדשאַפט וועט בלויז באַ־זונגען אָדער באַשאָטענען דאָס בילד. אַ לירישער דיכטער מיט אַ צעווייטיקט געמיט וואָס וואָרצלט אין פאַרשיידענע לענדער, און זינגט וועגן פאַרלוי־רענע אילוזיעס און אַ נישט דערפילט לעבן איז אריה שמרי.

זיין בוך „אין טויער פון טעג״ איז דערשינען אין ארץ ישראל אין מרחביה. אַרויסגעגעבן פון דער הסתדרות העולמית השומר הצעיר וספרית פועלים. צי דאָס וואָרפט אַן עמאָציאָנעלע און אידייאישע ליכט אויפן דיכטער איז שווער צו זאָגן. דאָס יאָר ביינצן זיבן און פערציק איז אַ וויכ־טיק יאָר אינם לעבן פון ישוב. אַזוי פיל האָפנונגען, קאַמפן און דערגריי־כונגען האָבן געשפילט אַ ראָליע אינ׳ם לעבן פון ישוב. אַ ניי לעבן איז דאָרט געשאַפן געוואָרן. סאָציאַליסטישע קאָאָפעראַטיוון זיינען געשאַפן געוואָרן. פון די לידער וועלן מיר קריגן אידייען, שטימונגען, בענקשאַפטן און אי־

לוזיעס, וואָס וועלן גיבן אַ בילד פון אַ סענסיטיוון פיין פילנדיקן מענטשן אין ארץ ישראל. די לידער דאַרפן אונדז געבן סיי ביאָגראַפישע און סיי אידייאישע אינפאָרמאַציע וועגן דעם דיכטער. עס זענען אין בוך נישטאָ קיין שום „האַפּלאַ" לידער פון פרייד און געזאַנג צום נייעם לאַנד און זיין אויפבוי. מען קאָן בלויז פון אַ ליד דאָ און דאָרט דערשפירן דעם דיכטערס באַציאונג צום נייעם לאַנד און זיינע האָפנונגען און פּראָבלעמען. אין די לידער שפירט איר זיין באַציאונג צום לעבן אַרום אים. איר שפירט די שטימונגען פונם דיכטער אין שייכות מיט די טראַנספאָרמאַציעס פונ'ם לאַנד.

זיין ריטם, זיין דיכטעריש געמיט און זיינע מעטאַפאָרן וואָגלען אַרום אין אַ פאַסטאָראַלער קולטור. עס זענען דאָ זייער וויניק אורבאַניסטישע בילדער און אימאַזשן. דאָרף, פעלד, בוים און וואַנדער וועגן זיינען די הויפּט אָבליגאַטאָס צו זיין בענקענדיק געמיט. די היים, דאָס שטעטל, די משפחה, דער מענטש מיט זיינע חלומות, אַלע די היימישע זאַכן און זייער אָרט אין דער היינטיקער וועלט זיינען די הויפּט טעמאַטיק פון אַריה שמריס לידער. עס איז נישט נייטיק קיין וועלט קאַטאַסטראָפעס און אויפטרייסלונגען כדי צו זען דאָס פּנים פון דער וועלט. אין די רואיקסטע צייטן ווערט דאָס לעבן צעטרייסלט פון עוולות און דיסהאַרמאָניע. נאַטירלעך רייסן זיך אַריין אין זיין ליריש געמיט כאַאָטישע גרילצן פון דער איצטיקערצייט וואָס צעטרייסלען יעדן רו און שטילן פיין. אַפילו אין דער רו פון הייליקן לאַנד ווערט ער אויפגעטרייסלט פון כאַמסיניקע ווינטן, וועלכע צעטרייסלען די פאַסטאָראַלע אידיליע.

זיינע אימאַזשן און פאַרגלייכן זיינען פאַסטאָראַלע. שוין אין זיין ערשט ליד, ווען ער באַטרויערט זיינע פאַרלוירענע אילוזיעס פון אַ שלווה'דיקן לעבן זינגט ער „זעאונגען ציגנדסטו און זע איך דיר ווען ווי אַ גאָלדענעם הירש, לויף איך נאָך דיר — ווערט אַ זומפּ. זע איך דיך ווען ווי אַ דופּטיקן בוים". אָפטמאָל דערמאָנען די אימאַזשן גיכער אין געזאַמלטע, אָפּגעהיטע ביבלישע אוצרות פון דער קינדהייט, וועלכע זיינען געוואָרן אַ טייל פון זיין געפיל און טראַכט קלימאַט אין זיין דערוואַקסענקייט. דער וואָרער אַרום האָט נאָר באַשטעטיקט און סאַנקציאָנירט די רעמיניסענצן פון דער קינדהייט און יוגנט, זיכרון פון אַ גאַנצע, רואיקע נאַטירלעכע וועלט איז דער הויפּט כוח, וואָס באַהויכט זיין ליריש געמיט און וועקט און רופט.

„נישט פון זונליכט די גאָלדענע רענדלעך,
נישט אויף הוידל פון זאָרגלאָזע שטערן,
אויף אַ שוועל ביי אַ הייזל פון שינדלען
קניט זכרון און פּיבערט אין טרערן.

ווער גייט פאַרביי? ווער רירט אָן מיין פּנים?
ליקוי חמה — דער גורל פון געסלעך:
סגי־נהור — אַ צעציטערט געבעט:
טראָג ווייטער מיין צער. נישט פאַרגעס מיך.

ווי שווער דעם וואָרט, וואָס שטאַרבט אָן אַן אָפּקלאַנג
דעם בלינדן וואָס גייט אָן אַ פירער
איך קני אויף אַ שוועל, אויף אַלע שוועלן
און עס דאַכט מיר — באַלד פאַלן די טירן”.

אין דעם ליד, וואָס איך האָב בלויז דריי פּעראַן ציטירט, אין דעם ליד „אויף אַ שוועל פון אַלטן מאַרק” זענען שוין דאָ אַלע עלעמענטן פון שמריס דיכטערישן באַגאַזש. אין די ערשטע לידער זעט מען שוין שמריס סענסיטיוויטעט צו געוויינטלעכע טאָג־טעגלעכע זאַכן. געוויינטלעכע זאַכן ווערן דערהויבן צו שיקזאַלהאַפטיקעריכטונגען אין דעם מענטשנס לעבן. זיי זענען סימבאָלן פון דעם אייביקן צער און פּיין וואָס באַגלייטן דעם מענטש פון וויגל ביזן קבר. דער סדר עולם פון דער וועלט שפּילט נישט קיין דעצידירנדע ראָליע אין דעם מענטשנס טראַגישן גאַנג דורך דער וועלט. די נאָרמאַלע דערשיינונגען אַרום אונדז טראָגן אין זיך די פּגימה פון'ם וועלט באַשאַף. דעם שינדלערס ווייב, דער דבוק, די געסלעך, אַ לאָק פון אַ פּאה, צעטראָטענע גראָז, אַלע ווערן סימבאָלן פון דער עצבות פון אַ וועלט, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן מיט פּגימות, וועלכע פאָלגן אונדז נאָך און פאַרפאָלגן אונדז פון דער קינדהייט אָן. „גייען נאָך מיר יענע פלאַמנדיקע שויבן, וואו איך קער, און וואו איך ווענד. און לידער אין מיר וויינען, ווייל נאָר צען פינגער האָבן הענט”. דער גאַנצער אָנגענומענער שטייגער פון לעבן איז פול מיט טרויער, ווייל מיר זענען געבונדן פון נאַטור געזעצן, איבער וועלכע מיר האָבן נישט די מינדסטע דעה. מען מוז פאָלגן. אַ פאַטאַליזם פון רעוואָלט.

ווען מען לייענט די לידער דוכט זיך אָפט, אַז שמרי ווערט פאַרשלונגען פון זיינע אימאַזשן און פון זיינע רעמיניסענצן. זיי האַלטן אים געפאַנגען און געשמידט אין קייטן. אָפטמאָל גיט זיך זיין פערזענלעכקייט אינגאַנצן אונטער זיין פּאָעטישער וויזיע און ער ווערט אינגאַנצן באַהערשט פון איר. ער ווערט אינגאַנצן און בלויז פּאָעט. ער אַליין ווערט אַן אַבסטראַקציע. ער האָט אָפטמאָל בלויז אַ פּאָעטישע באַציאונג צו זיך אַליין. דאָס שלינגט אים איין און עס בלייבט בלויז איבער די פּאָעטישע געשטאַלט. דער פּאַראַדאָקס איז, אַז ער שיינט צו זיין באַוואוסטזיניק וועגן דעם פּראָצעס און ער האָט הנאה דערפון, וואָס ער פאַרלירט זיך. אָפטמאָל ברענגט עס דערצו, ער זאָל פאַרלירן די צענטראַלע אידייע. ער ווערט פאַרכאַפּט פון דער פּאָעזיע. דעריבער פעלט אָפטמאָל אַן איינהייט־

לעך פליסנדיק געמיט אין די בילדער. ער ווערט איינגאַנצן באַהערשט פון זיין דיכטערישער וויזיע און זי פירט אים. יעדעס ליד באַזונדער איז גאַנץ דורכגעפילט און ווערט באַהערשט פון אַ שטימונג, אַ דיכטעריש דורכגע־לעבטע. די לידער צוזאַמען פעלט אַאַ איינהייטלעכקייט. זיינע פשוטסטע ווערטער נעמען זיך אָפּט הילן אין אַבסטרטקטע און לופטיקע וואַלן. עס פון זיי אָפּטמאָל אַוועק דעם נאָרמאַלן, פאַרשטענדלעכן קאָלאָריט און עס גיט זיי אַן אוניווערסאַלן זין. די אַבסטראַקטקייט דערהויבט זיי און טראָגט זיי אַוועק אין אַנדערע העכערע וועלטן. דאָס ייִנגל, וועמען ער פירט איבער לענדער און צייטן ווערט אויך פאַרוואַנדלט אין אַן אַב־סטראַקטן בעל חלומות, וואָס שטייט איבער צייט און אָרט. מען ווייסט ניט זיין אַדרעס.

„געווען אַ מאָל אַ שטעטל, אַ שליאַך אַ ווייסער
און אַ שטעגל אַ ליכטיקס פון קינד צו זיין גאָט,
אַ גאָט געווען — אַ נאָענטער, אַ הייסער,
זיין הויך און זיין אָטעם — קינדס מינדסטן טראָט.
געוועזאַמאָל אַ קינד אַזוי נאָנט צו זיין גאָט
געווען אַמאָל אַ גאָט אַזוי נאָנט צו זיין קינד
די גאַנצע וועלט איז געווען אַ דערציילטער סוד
קוים קוימיקער גלעט פון נישט געבלאָזענעם ווינט״.

וואָס האָט קאַליע געמאַכט אָט דעם אידילישן צושטאַנד איז שווער צו באַשטימען. אָדער נעמט אַזאַ ליד:

„טיר און טויער צו
מענטש צו מענטש — וועג פאַרגעסן.
חלום, וואו ביסטו
אין בלינדער שעה פון מעסער.
ליד פון ייִנגלס האַרץ
וואנהין ביסטו אַנטלאָפן?
העלף מיר אין מיין האַרבסט
גיי אויף שטערן פון צפון״.

דער אַבסטראַקטער חלום פונ׳ם ייִנגל באַגלייט אים אויף אַלע וועגן, און ער ווערט באַפלעקט און צעשטאָכן. ער באַגעגנט זיך ניט מיט קיין קאָנקרעטע קאָנפליקטן, וואו דער חלום ווערט מאָדיפיצירט אָדער פאַר־צערט. נישטאָ קיין קאָנפליקטן מיט מענטשלעכער רשעות אָדער מיט סאָצי־אַלע כוחות,וועלכע לאָזן דאָס אינגל ניט לעבן. דער אַבסטראַקטער חלום איז

אַן אָבליגאַטאַ צו אַן אייביקער מעלאָדיע פון נישט דערפילטקייט. ריינע לירי̄ק האָט ביי פיל פון אונדזערע דיכטער געוואָרצלט אין אַ קינסטלעכן גאָרטן מיט הימלישער ערד. עס האָט געגעבן אומבאַגרעניצטע פרייהייטן דער מוזע. עס האָט נישט געצאַמט דאָס ליד, ווי עס ווערט געטאָן פון אַ געמיטס־צושטאַנד, וואָס וואָרצלט אין צייט און אָרט. אין היימלאָזע, וועלט־ליכע לירישע לידער בעמען גאַנץ קאָנקרעטע ווערטער אָן אַן עקזאַטישן און אַבסטראַקטן בלענד. עס גיט זיי גרעסערע מעגליכקייטן, עמאָציאָנע־לע און אידייאישע. מיר גייען מיט מיט דעם פאַרחלומטן יינגל אויף אַלע זיינע בלאָנדזשענישן, זעען זיינע אַלע שאָטנס און פאַטאַ־מאָרגאַנאַס און קאָשמאַרן. אָפט מאָל הערט איר אויפן וועג דעם „עמעץ״ פון אַ טייל פון די אַמאָליקע „יונגע״. דער „עמעץ״ איז אויפגעשטאַנען תחית המתים און וויינט און קלאָגט זוכנדיק מיטן יינגל זיין פאַרלוירענעם חלום. איר גייט פאַרביי געוויסע באַנאַליטעטן ווייל זיין קרעכץ און צער איז אַזוי דיכטעריש עכט און אוממיטלבאַר און זיין וואָרט און אימאַזש זיינען אַזוי בילדלעך אייגן.

אריה שמרי פרישט אָפּ דעם ראָמאַנטיזם אין אונדזער דיכטונג, וואָס איז פאַרחלושט געוואָרן אונטער די קלעפּ פון די איבעקערעניש אין יידישן לעבן. עס לויכטן אויף פיל שטעטלשע בילדער אין ארץ ישראל, ביל־דער, וועלכע לייכטן זוניק און העל מיט דער בענקשאַפט פון היים ווי. די בענקשאַפט נאָכן פאַרלוירענעם גן עדן, פון וואַנען מען האָט אונדז פאַר־טריבן פאַר אונדזערע זינד. גלויבן, ליבע און האָפנונג וואַקסן אַרויס פון זיין מעלאַנכאָלישער ליבע צום לאַנד.

„אויך דאָ ביי קאַזאַרמעס זינגט ווייטער, שוואַלבן
טראָגט אַ פרימאָרגן צו דעם אויג פון געווער
אויך דאָ, אונטער קלעם פון טויט, לאָז נישט שטאַרבן
זאָל נישט אונטערגיין די זון אויך אין דער טרער״.

זיין אָפּטימיזם און גלויבן געטראָגן אויף כוואַליעס פון מעלאַנכאָליע און צער איז דערפרישנד. אַ פריש רעגנדל אין אַ הייסן, שטיקנדיקן טאָג. ער פאַרברידערט אין אַ ליד „און ס׳וועט זיין אַמאָל״ יעקבן און עשון, דער האָריקער פון פעלד, דער שטערנפיטערער פון צעלט. די שטימונג און דער גלויבן איז דער קלימאַט פון זיין געמיטס־צושטאַנד. אָפטמאָל ווערט אָט די ליבע צו מענטשן באַגלייט פון אַ מעלאַנכאָלישן נאַרציסוס קאָמ־פּלעקס. עס ראַנגלען זיך דאָס פאַרחלומטע יינגל מיט מעלאַנכאָליש פאַ־טעישן דערוואַקסענעם, און אין דער ראַנגלעניש ווערט געבוירן אַ שטאַרק מיטגעפיל און ליבע צו זיך זעלבסט. מען שפּירט דעם טרויער און די טרער. נאַרציסוס קוקט אין שפּיגל אַריין. דאָס יינגל באַגלייט דעם דער־וואַקסענעם אויף אַלע זיינע וואַנדערונגען און בלאָנדזשענישן. זיין זיכרון

ראַנגלט זיך מיט אַ לירישן איך, זיך בייטנדיק, זיגנדיק אין אַן אַנדערן טעמפּאָ, נוצנדיק אַנדערע ווערטער. ווען די פאַרשיידענע שטימונגען קו־מען זיך צונויף קומט דער ראָמאַנטישער פּאָעט און פאַראייניקט זיי. אין פיל פון שמריס לידער איז דאָ דער קאָנפליקט און צוזאַמענשטויס צווישן דעם פאַרחלומטן ייִנגל און דעם אַלטן קלוגן, דערפאַרענעם אייביקן ייִדן. און דער צוזאַמענשטויס ווערט אויפגעלייזט פון דעם דיכטער אין אים, וואָס שטייט ווי אַ שומר און לאָזט נישט שאַדן טאָן קיינעם פון זיי. איר זעט דעם דיכטער אַלע מאָל אַן איינגעבויגענעם אין אַ גאָרטן אין אַ פריצן פרילינג פאַרנאַכט, איידער עס ווערט גוט פינצטער, די קליינע בליטן זע־נען נאָך האַלב פאַרמאַכט. זיי וועלן זיך עפענען, אויב עס וועט נישט זיין קיין פראָסטיקע נאַכט. זיין באַלויכטן אָנגעשטרענגט פּנים מעלאַנכאָליש אין פאַרטראַכטקייט און דמיון. ער וואַרט. און דער פרימאָרגן נאַרט נישט אָפּ. מילדע ווינטן און אַ קלאָרע זון. אָבער דאָס געמיט איז אומרואיק. עס וואַקלט זיך צווישן שטילן טרויער און איינגעהאַלטענע מונטערקייט. דאָס אַליין שאַפט די מעלאַנכאָליע.

דער טיפער גלויבן אין דער וועלט און אין מענטשן, און אַנטוישונ־גען פון דעם לעבן אַרום גיבן דעם אייגנאַרטיקן לירישן טאָן צו שמריס לידער. דער צער און די מעלאַנכאָלישע פרייד ווערן באַלויכטן פון אַן אייגנאַרטיק ליריש געמיט. אים איז געלונגען צו קאָמבינירן דעם גלויבן פון דעם פאַרחלומטן ייִנגל מיטן צער פון דעם דערוואַקסענעם מענטשן.

„שטערנדל, שטערנדל
בלייב כאָטש הענגען אין ווינקל פון הימל
אויך ווען סיאָגן דיך ווינטן
אויך ווען וואָלקן פאַרשטעלט
דיין שעה וועט נאָך קומען
וועסט שיינען זיבן מאָל העל
און דיין פייער וועט צינדן
דעם דאַך און די ווענט פון דער וועלט".

**אָדער:**

שאָפּישע הערנער — מיינע און דיינע
און אויגן תמ'ישע בלאָע אַזעלכע
מיר וועלן ביידע גיין און נישט וויינען
סיזוי, אַ סיי ווי וועט גאָר נישט העלפן
ווייל ס'האָט געבליצט אין טיפן וואַלד
אונס'זיינען אַלע האָזן אַנטלאָפן —
וועלן מיר ביידע גיין, איך יונג, דו אַלט
און זיך לייגן ביים טייך שלאָפן".

אין די מערסטע לידער גייען זיי בײדע, דער ייִנגל מיטן שמייכל פון ערשט אויפגעגאַנגענער זון, און דער אַלטער, וואָס האָט שוין אויפגעהערט וויינען. גייען זיי בײדע עולה רגל זיך צו אַלע פֿייערן און צו אַלע חרובות און זיי טראָגן זיך אַ שטילע רעזיגנאַציע צום אייגענעם גורל און צום גורל פֿון דער וועלט. ווייל פֿון אַלץ טראָגט זיך געזאַנג. מען דאַרף בלויז אָנבייגן דאָס אויער און הערן. מען דאַרף אויך אויפרייסן די אויערן פֿון דער וועלט זיי זאָלן דערהערן דאָס געזאַנג און זיך מיט דעם אָנשטעקן, און מיט געזאַנג פֿאַרטיליקן דאָס פֿעלערהאַפֿטע און שלעכטע.

זיין ליבע צו דער נאַטור איז מער ווי אַ טייל פֿון דעם ייִנגלס חלום. עס איז אַן אָרגאַנישער טייל פֿון זיין פּאָעטיש נאַטור. עס העלפֿט אים דער־שפּירן און זען זאַכן אין זייער עכטקייט. עס איז אַן אינערלעכער צונויפֿ־גיסן זיך מיט דער וועלט. עס איז אַ פּאַנטעאיסטישער באַנעמען פֿון דער וועלט. נישט מאַשינען, נישט אייזן און שטאָל, נישט קיינע פֿון די וויסנ־שאַפֿטלעכע דערפֿינדונגען, וואָס דאַרפֿן ראַטעווען די וועלט, נאָר גראָז, בלום, וואסער און נאַטירלעכע ריינקייט.

„כבין נישט מער ווי אַ בלאָנדזשער ביים שליאַך
וואָס פֿרעגט אויף זיין וועג ביי יעדער זאַנג
און וואו ס׳רופֿט אים אַ ליכטל ביינאַכט
דאָרט איז זיין פֿרייד, דאָרט איז זיין גאַנג.״

אָדער:

פֿאַר איילבירט בוים דעם, דאָ אין שיכטן פֿון זאַמד
פֿאַר זיין מידע קרוין פֿון כאַמסינען צעהיצט
וואָס האָט צו זאָגן דער תּכלית פֿון ראַנד
דער רוישיקער שטראָם אויפֿן באַרגיקן שפּיץ.

יאָ, אַמאָל־אַמאָל האָסטו ייִנגל געשפּאַנט
אויף שפּיצן פֿון בערג צו דעם שענסטן פֿון שיין
האַרץ פֿון די שטערן אָנגערירט מיט דיין האַנט
און אַלץ העכער און העכער — העכער צו גיין.

נאָר דו, גראָער מאַן אין סתם טאָג פֿון גראַלאַנד
ביים איילבירט בוים דעם אין פֿאַרנאַכט רגעס איצט
דער רוישיקער שטראָם אויפֿן באַרגיקן שפּיץ״.

אומעטום טרעפֿן זיי זיך דאָס ליכטיקע ייִנגל מיטן גראָען מאַן. בײדע זענען זיי פּאַסטאָראַלע זינגער. בײדע זענען זיי ליבהאָבער פֿון דער פּאַסטאָראַלער קולטור, וואו מענטשן זענען ערלעך און ריין. פֿון דער

נאָנטקייט פון׳ם יינגל מיטן גראָען מאַן איז אויסגעוואַקסן דער צעפּיעשטשעטער נאַרציסוס וואָס האָט זיך ליב און האָט אויף זיך רחמנות. ער שרעקט זיך צו גיין אויף טרויעריקע פּלעצער, אויף שטאַמען פון אונטערגעהאַקטע ביימער, אויף אויסגעטריקנטע טייכן. שוין אָפּגערעדט אַז ער גייט אומווילּיק אויף אַ בית עולם אָדער אויף אַ שרפה. שמרי איז אַ פּאָעט אין אַ באַשטימטער טראַדיציע. דאָס געוויינטלּיכע ווערט פאַר אונדז אַנטפּלעקט אַלס פּאָעטישער אוצר. ער נוצט בילדער און אימאַזשן צו זאָגן די געוויינטלעכע זאַכן. די ווערטער זענען ביי אים אָפּגעפּרישטע און אָפּגעוואַשענע אין אייגענעם צער און פּיין. זיין וועלט איז אונדזער וועלט. די פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און סאָציאַלע וועלט אין וועלכער ער לעבט איז אַן אכזריות׳דיקע, מערדערלּיכע, אַ דערדריקנדיקע. אַלע גרינע און בלייכע האָפענונגען זענען אונטערגעגאַנגען, אַנשטאָט זיי טונקלט זיך אַ בלינדער און בלוטיקער הימל. דער שטילער צאַרטער טאָן פון טרוימער וואָס זינגט אַזוי איינגעהאַלטן און אַזוי פאַרבענקט פון אַלע זיינע לידער איז אַ טראַדיציאָנעל יידישער. עס איז דער טאָן פון קינות און פון פּיוט. צי דאָס געזאַנג קומט פון די צפת׳ער בערג, אָדער אַנטגעגן תבור אָדער אין די אַלטע געסלעך פון דער הייליקער שטאָט ירושלים. פון אומעטום טרויערט און וויינט דער דיכטער אויפן פאַרראַט פון אַ וועלט, וואָס האָט געקאָנט גוט זיין און איז עס נישט געוואָרן. אַ ראָמאַנטישער בייראַנישער טאָן באַגלייט דאָס וואַקסן פון איילבירטן ביימער דאָס רוישן פון ים אָדער דעם כאַמסין פון מדבר. דאָס ליכטיקע יינגל זעט אין אַלץ דעם פאַרשוואונדענעם חלום און די פאַרפלויגענע אילוזיעס.

אין די מערסטע לידער פון אריה שמרי איז דאָ דאָס געפיל פון פיקציע, פון אַן אויסגעטראַכטע וועלט, וואָס איז ראַיעלער פון דער וואָרער וועלט, זיין פיקטיווע וועלט איז גאַנצער, פולער ווי אונזערע כאַאָטישע רעאַלע וועלט, וואָס איז פול מיט קרומקייטן און עוולות. ער זעט זאַכן מיט אויגן פול מיט וואונדער. דערפאַר איז זיין וועלט פריש און ניי. און אויפסניי דערבליקטע. דאָ און דאָרט רייסט זיך אַריין אונדזער אומגליקלעכע וועלט און שטערט דעם וואונדער.

„הויפנס אַש אויף די וואָרצלען
טראָפּנס בלוט אויף די קארעס.
יעדער שטיין אַ מצבה.
אַן סוף דער בית הקברות
טיפע טאָלן פול מיט ביינער
שאָטנס שפּרייזן לאַנגע רייען
צעריסן העמדל פּורפּורט
אויף בלענדנדיקע שנייען“.

ווען מען פאַרענדיקט דאָס בוך לידער פילט מען געזעטיקט פון אַ סענסיטיוון דיכטער מיט אַ צאַרטן לירישן וועלט באַנעם. עס ווערט אָנגע־וואַרימט אַן אָפּגעפרישטער אייגענער יוגנט חלום פון אַ גאַנצער, ליכטיקער וועלט. עס וואַכן אויף אַקאָרדן פון אַ ליכטיקן חלום אין די קינדער און יוגנט יאָרן. אין די רעמיניסענצן פון אַ גאַנץ אויסגעטרוימט לעבן מיט גאַנצע מענטשן וואַשט זיך דעם דיכטערס געמיט. און מיט דעם ריי־נעם געמיטס צושטאַנד שפיגלט ער אָפּ און רייניקט די וועלט אַרום. דער יוגנט חלום און די וויזיע פרן אַ וועלט אַ פולע און אַ לעבן אַ פולס אַ געזעטיקט ניט אַרויס אַ משפט און פסק דין אַ וועלט אַ ברוטאַלע אַ וועלט אַן אכזריור׳דיקע.

„יינגשאַפט מיין פריע, אין דיין צייטיק ווערן —
הויב אויף דיינע הענט און בענטש אַלץ וואָס אין וועג.
אַ דאַנק, אויך אַ דאַנק די געפאַלענע שטערן
און אַלץ וואָס פאַרגייט פאַר דעם טויער פון טעג״.

די כּעלאַנכאָלישע אַקצעפּטירונג פון דער וועלט, מיט אַ לירישן ווי אויף דעם ליכטיקן טאָג אַזוי גוט ווי אויף דער פינצטערער נאַכט איז דער עסענץ פון אריה שמריס געזאַנג, עס איז אַ תהילמל צו לייענען אין פאַר־בענקטע בין השמשותדיקע שעהן. ווען שוואַרצע שאָטנס און פינטטערע מאָמענטן דריקן אייך געפינט איר טרייסט אין די טיפע לירישע תפלות פון אַריה שמרי. זיינע לידער ברענגען טרייסט און האָפנונג. ס׳איז דאָ אין זיי ליכט אַפילו אין די שווערסטע חושך מאָמענטן. אַזאַ אַקצעפּטירונג פון דער וועלט האָט בלויז געקאָנט געצייטיקט ווערן אין דער אַלטער און נייער וועלט פון ארץ ישראל. בלויז די בילדער פון עבר צוזאַמען מיט שמריס דיכטעריש געמיט האָבן געקאָנט אַזוי ליכטיק אויפנעמען די וועלט. אויה שמרי דאַרף פאַרנעמען אַ זייער פראָמינענט אָרט צווישן די ארץ ישראל דיכטער. ביי אים איז אַ סך אַ לויטערער ליריזמווי ביי פיל אָנגעזעענע העברייאישע דיכטער אָן מליצה. אויף זיין שטילן באַשיידע־נעם אופן ווירט ער אָן אַלע מאָמענטן און פאַזן פון מענטשליכן לעבן און גיט זיי פּאָעטישע געשטאַלטונג. מיט אַזעלכע לידער דערגרייכט מען דעם טויער נישט נאָר פון טעג, נאָר דעם טויער פון צייטן. מען פאַרוואָרצלט זיך אין געמיט פון פאָלק. אַריה שמרי פאַראייניקט אין זיינע לידער ביידע עקסטרעמען אין מענטשלעכן באַוואוסטזיין. דעם פאַרגעניגן און צער פון געוויינליכער מענטשלעכער דערפאַרונג. ביידע עקסטרעמע עמאָציעס פון פרייד און לייד קריגן אוממיטלבאַרן אויסדרוק אין זיין לירישן ליד. זיינע ווערטער און אימאַזשן זענען אָנגעזאַפּט מיט אַ נייער פרישער סימבאָ-ליק.

# חיים גראַדע

די יונג ווילנער האָבן זיך געמאַכט אַ נאָמען אין דער ליטעראַטור אין די דרייסיקער יאָרן. ספּעציעל האָבן זיי זיך אויסגעצייכנט אין דער דיכטונג. זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט יידישער ערודוציע, נאַציאָנאַלער אַחריות. זיי האָבן אָנגעהאַלטן די טראַדיציע פון ווילנע — געלערנטקייט און עכטע טיפּע טראַדיציאָנעלע יידישקייט. זיי האָבן ווי ווי יחידים און סיי ווי אַ גרופּע זייער פיל פאַרשפּראָכן. זיי האָבן זיך אויך געמאַכט אַ נאָמען מיט זייערע אָפּגעדרוקטע זאַכן. דער חורבן פון ווילנע האָט זיי נישט געלאָזט מאַכן קיין ליטעראַרישע געשיכטע. זיי זיינען געבליבן בלויז אַן עפּיזאָד. עטליכע זענען אומגעקומען פון די היטלער רוצחים, אַנדערע זענען צעשפּרייט איבער דער וועלט. אַ טייל האָבן מיט זיך מיטגענומען ווילנע, און זיי זעצן דאָס איבער אין נייער ערד. חיים גראַדע איז פאַרטראָגן געוואָרן קיין פאַריז. ער האָט דאָרט געמאַכט זיין ציטווייליקע היים. אין פאַריז איז אויך אַרויסגעגעבן געוואָרן זיין בוך לידער „פאַרוואַקסענע וועגן”.

די לידער אין דעם בוך זענען אַלע געשריבן געוואָרן פאַר דער גרויסער יידישער קאַטאַסטראָפע. די לידער דאַרפן ווייזן צי זענען זיי אָפּגעריסן פון דעם יידישן אומגליק, אָדער זענען זיי אָנזאָגער. איז דער אומגליק געקומען פון אַ פּלוצלינגדיקן וואָלקן־אויסברוך אָדער איז ער געקומען ווי אַ קולמינאַציע פון כסדרדיקע רדיפות און אומגליקן. ווי שרייבט גראַדע אין דער פאָררעדע „ צי האָט בכלל אַ זין צו פאַרעפנטלעכן איצט שאַפונגען פון פאַר דעם קריג, שילדערונגען און שטימונגען פון אַ שוועדער ערב צייט, וואָס איז אינגאַנצן באַגראָבן געוואָרן אונטער די חורבות פון אונדזער רואינירט לעבן? איך מיין אַז עס האָט יאָ אַ זין. שוין צוליב דעם אַליין מען זאָל וויסן אויף וויפיל אונדזער שרייבער דור האָט פאָרויסגעזאָגט די קאַטאַסטראָפע און אויף וויפיל מיר האָבן נית פאָראויסגעזען דעם ברוך וואָס רוקט זיך אָן”. דאָס בוך לידער ווייזט, אַז נישט נאָר האָט חיים גראַדע געאַנט דאָס אָנקומען פון קאַטאַקליזם, נאָר ער האָט פאַקטיש באַשריבן שטאַרק און טיף אַ שרעקליכצייט. דער פאָר און דער נאָך קאַטאַסטראָפאַלע צייט איז נאָר אַן אונטערשייד אין גראַד אָבער נית אין תוך. אין די לידער געפינט מען בילדער סיי פון אינדיווידועלן און סיי פון נאַציאָנאַלן פּיין און טרויער. דער פּאַטאָס וואָס באַגלייט די לידער גיט זיי אַ באַלדיקן כאַראַקטער. זיי זענען אָפּקלאַנגען פון אַן אומגליק, וואָס קומט פאָר ערגעץ נאָענט. ערגעץ אין דעם אייגענעם באַוואוסטזיין, ערגעץ אין דער אייגענער פאַנטאַזיע זענען דאָ אַלע שפּירונגען פון׳ם אומגליק וואָס האָט אָפּגעווישט די יוגנט און אַלע האָפנונגען צו רעאַליזירן וועלכע עס איז פון די אילוזיעס, וואָס זענען נייטיק פאַר אַ נאָרמאַל

מענטשליך לעבן. פאַר נײַנצן נײַן און דרײַסיק זענען שוין אַלע ברעגן פון ייִדישן לעבן פאַרפּלייצט געווען פון כוואַליעס פון טרערן און בלוט, וואָס האָבן שפּעטער דערטרונקען דאָס ייִדישע לעבן. נישט נאָר דײַטשן, נאָר אוקראַינער, ליטווינער און אַנדערע גרייטן צו די בלוט־באָד פאַר דעם מזרח אייראָפּייאישן ייִדנטום. גראָדע מיט זײַן אָפּטמאָל אויסטערלישער פאַנטאַזיע זעט עס פאַרויס אין זײַנע לידער. ער איז איינער פון די וויכ־טיקע שומרים פון דער נאַכט.

שוין אין דעם ערשטן ליד פון ייִדישע שטעטלעך האָט איר אַ מין אַני מאמין פאַרן ייִדישן לעבן און דער ייִדישער לאַגע צווישן די פעלקער.

„צו פרי האָט איר ברידער צעבראָכן די האַרף
געוואָלט שוין די לידער פון חורבן פאַרגעסן,
זאָג איך אײַך: וויפיל איר האָט ניט געליטן
זײַט איר ניט ליידן געוואוינט ווי מען דאַרף
און ניט גענוג שבעה געזעסן".

דאָס ליד קאָן דינען ווי אַ שליסל און אַ מאָטאָ צו אַלע גראָדעס לי־דער. אונדזערע ליידן זענען אייביק און גורלדיק אין דער וועלט אין וועל־כער מיר לעבן. צי ער מאָלט יחידים אָדער כראָניקעס פון פאַמיליעס צי ער מאָלט נאַציאָנאַלע דערפאַרונגען, ווערן זיי באַגלייט פון אָט דעם גורלדיקן טרויער, צער און פּיין, מלחמות און רעוואָלוציעס און איבעריקע— רעניש. ניט נאָר פאַלייכטערן זיי נישט אונדזער גורל נאָר זיי פאַרטיפן נאָך אונדזערע ליידן, כאָטש זיי גיבן זיי אַ זין און אַ באַטײַט. דאָ און דאָרט ברענגען זיי אַ בליץ אויף האָפנונג און אויף טרייסט און באַלד קומט די אייביקע נאָרמאַלע פינצטערניש. ליכט און פינצטערניש היילן אַלע וואונדן. אַלע אַ חוץ איין וואונד — דאָס גורלדיקע ליידן. און דאָס ווערט קורירט פון פינצטערניש און שווייגן. גראָדע פאַלט אָפּט אַריין אין אַ מיסטישער עקזאַלטאַציע. אַ פינאַלע און אַבסאָלוטע פרייהייט, אַ פאַרבינדונג מיט רוים און אײַנזאַמקייט אין אַ וועלט איבער אונדזער וועלט. חיים גראָדע צייכנט זיך אויס מיט וואונדער וויזיעס פון זײַן אַרום. אָט זינגט ער וועגן נאַרעוו:

„פאַרוואָס ביסטו אויף אונדז אַזאַ דערצאָרנט אויפגעבראויזטער
ס׳איז אונדזער שול און דער בית עולם אַלט
אַזויפיל ווי דער ישוב דאָ, אַן עדות איז דער קלויסטער
און דער אַרומיקער, געקרויזטער
געדיכטער סאָרנע וואַלד.
אָ, פאַשוועגק אונדז מער ניט, נאַרעוו!

טו־ויער, און אַ נאָגנדיקער עלעגישער טאָן באַגלייט אַלע זיינע ביל־דער פונ׳ם שטעטל. צי דאָס איז די פּוסטקייט, לאַנגווייל און אומעט פון „חורבן״ אָדער דער אומעט און דער חורבן פון „וואָלקעניק מיין ישיבה, די קלויז און דער רב, אויף אַלץ ליגט אויסגעגאָסן דער טרויער פון אַ וועלט וואָס פאַרשווינדט, און דער פּיין, וואָס באַגלייט די שטילקייט פונם קלאָגנדיקן עלנט. „דאָס קעניגרייך פון מעלאַנכאָליע געעפנט פאַר מיר האָט זיין טויער, די בוימער וואָס זענען געשטאַנען פון ביידע זייט גאַס מיך דורכגעלאָזט האָבן אינמיטן ווי שומרים פון אייביקן טרויער״ מען זאַפּט איין אין זיך די מעלאַנכאָליע פון די שטעטלעך און מען טראָגט זי מיט אין דער וועלט אַריין. זי ווערט דער בוי מאַטעריאַל פון דער וועלט. זי גיט קאָליר און אינהאַלט פון דער וועלט. דאָס שטעטל איז בלויז דער מיקראָקאָזם אין וועלכן עס שפּיגלט זיך דער עלנט און מרה שחורה פון דער גאַנצער וועלט. די ישיבה, די ביבליאָטעק, די פּרנסות, די היים, דאָס גאַנצע שטעטלשע לעבן איז איין שפּינוועבס פון אומעט אין וועלכן עס ווערן פאַרפּלאָנטערט די טעג און די יאָרן. אַ חוץ דעם נאַטירליכן אומעט וואָס באַרייכערט דאָס לעבן מיט אַ טרויריקער עשירות איז נאָך דאָ דאָס מעסער, וואָס גראַדע זעט מיט פּאַטאָס און פּינאַליטעט. דער אומעט פון שטעטל ווערט נאָך צוגעדעקט פון הרוגים און רוצחים, פון שרעק און מאָרד. נישטאָ ביי גראַדן דאָס אידילישע סאַמעטענע בילד פון ליכטיקן שבתדיקן שטעטל, די בת מלכה, וואָס ברענגט ליכט און פרייד אין יידישע הייזער. עס איז אַן אַנדער שטעטל. עס איז אַ שטעטל וואָס וואַרט אויפן רוצח. עס איז אַ שטעטל וואָס לערנט זיך ליידן און שטאַרבן. עס גרייט זיך אויפן יום הדין וואָס איז אַכזריותדיק געקומען.

אין דעם געמייזעכץ פון שטעטל צייטיקט זיך די יידישע טראַגעדיע. די נאָך מלחמה באַריכטן פאַרצייכענען די ראָליע פונם מאַרק, פונם טייך אין די יידישע הריגות. דער טייך און דער מאַרק זענען לעבעדיקע עדות פון די שוידערלעכע מעשים פון אונדזערע שכנים, — די פּאָליאַקן, די אוקראַאינער און די ליטווינער. יידן האָבן געקעמפט און אויסגעשאָכטן געוואָרן אין די דערפער און וועלדער וואוהין זיי זענען אַנטלאָפן. אין „דער אוקריינער פרוש״ האָבן מיר אַ נביאישע וויזיע פון דעם וואָס איז שפּעטער פאָרגעקומען. די בילדער אין דער פּאָעמע גליען מיט פּראָפעטישן פּאַטאָס. זיי האָבן דעם גלי און פּאַטאָס פון אויסגעקריצטע זכרונות פון דער יוגנט און גלייכצייטיק דעם לעבדיקן פייערלעכן שניט פון איצט און אייביק. דאָס פּנים פון דעם משוגענעם אוקריינער רב ווערט דערהויבן צו אַ גורלדיקן סימבאָל פון יידישן לעבן אין עבר און אין דער צוקונפט. עס טרייסלט אויף מיט וואָרהאַפטיקייט. דער סימבאָל פון דער אייביקער עקדה שטאַרט אַרויס פון אַלע בילדער, אַן דער לאָם אַלס אויסלייזער.

„בן יקיר לי אפרים —
אונדזער בלוט איז הפקר, ביליק,
יידן טרינקט מיט מיר לחיים,
יידן, מיר איז ניט קיין חילוק,
וואָס עס וועט מיין בלוט באַשמירן,
צי אַ רינשטאָק, צי אַ גאָרטן —
וואו מען וועט צום טויט מיך פירן —
וועל איך פוילן בלייבן דאָרטן.
מיך באַוויינען וועלן ראָבן,
ווערים וועלן קדיש זאָגן
וועט מען נישט מיין רעשט באַגראָבן
וועט עס שוין דער ווינט צעטראָגן".

די גאַנצע פּאָעמע איז אַ איבערדיכטונג פון אונדזער געשיכטע, פון אונדזער שיקזאַל אין אַלע דורות, אין אַלע צייטן, אין אַלע לענדער, אונדזער גורל אונטער אַלע אימפּעריעס, און אונטער אַלע ציוויליזאַציעס, צי אין אַלטן מזרח צי אין דער ציוויליזירטער אייראָפּע, אומעטום די זעלבע שחיטות און מאָרדן. מיטן נצח ישראל לא ישקר פּייעריק אויפגעהאַנגען אין חלל פון דער וועלט הענגט דער פּרוש פון אוקריינע. און מיטן פּרוש דאָס יידישע פאָלק. גראַדעס וואָרט קאָכט זיך אין זיין הייסן טעמפּעראַמענט און ברענט הייסער און שטאַרקער ווי ביאַליקס נאַציאָנאַלער פּאַטאָס. גראַדעס וואָרט איז מער אָנגעגליט אין וויזיעס פון פּיין און שטאַרע ליידן. ער טראָגט אייך אויף ברענענדיקע פליגלען פון אַ שפּאַרבער איבער צייט און אָרט. ער באַלייכט אונדזער גוטמוטיקן בטחון, און אונדזער תמימותדיקן גלויבן. די פּערזון זענען געשריבן מיט אַ גראַדיעזקייט פון פיינער עפּיק מיט תהילימשער ליריק. ניטאָ קיין גייסטיקער קאָנפליקט, אָדער פּסיכישע וואונד. ס'איז דאָ איין גרויסע אויפגעריסענע וואונד אין וועלכער ס'זעט זיך דער נאַקעטער ברוטאַלער פּרצוף פון דער וועלט. אַלע טראַדיציאָנעלע ווערס פאָרמען און קאָנווענציאָנעלע פּאָעטישע טעמעס ווערן איינגעשלונגען פון גראַדעס דיקטירישן טעמפּעראַמענט. אַלע סטעראַטיפּטע רעוואָלט אויסגעשרייען און רו מאָטיוון ווערן אָפּגעשווענקט פון דער פּערזענלעכער טראַגיק פונם פּרוש צוזאַמען מיט דער נאַציאָנאַלער טראַגעדיע.

אין „געוויין פון דורות" ווערט אויסגעזונגען אַ משפּחה כראָניק וואָס איז אייגנאַרטיק אין אונדזער דיכטונג. עס איז אַן עפּיק פון וואונדער און וואונדער. עס איז אַן עולה רגל זיין אין יידישע קולטור גלגולים און די באַגלייטנדיקע אינדיווידועלע איבעלעבונגען. עס דערהייבט זיך איבער אַ משפּחה כראָניק. עס ווערט אַ טראַגישער גערעַנגל פון דורות. ער זוכט אַ

זין און אַ תּיקון אין די אַלע מאַטעריאַלן און ליידן. זיין געפיל פון נאַציאָ־נאַלער אַחריות זוכט אַ נאַציאָנאַלן באַשייד אין די אַלע מאַטעריעלן און ליידן. זיין געפיל פון נאַציאָנאַלער אַחריות זוכט אַ נאַרמאַלן באַשייד אין די אַלע ראַנגלעניש און גלגולים. עס קאָן דאָך נישט זיין בלויז צופאַל. אויב המשכדיקע צרות און רדיפות דאַרפן זיי דאָך צו עפּעס פירן. עס קאָן דאָך נישט פירן בלויז צו הריגות און חלומות. דאָס געוויין פון דורות גיט אַ טיפן אַריינבליק אין חיים גראַדעס אייגענער פּסיכיק. עס גיט אונדז זיין פּערזענלעכן געוועב פון וואָס זיין טאַלאַנט שפּינט זיינע עלעגיעס און וויזיעס. פון די דורות האָט ער איבערגענומען מער ווי געוויין. עס האָט אים געגעבן אַ מיסיע, אַ מאַנונג. עס האָט אים אַ תּיקון געגעבן.

„חשבון מאָנען דיינע זיידעס,
וואָס איז דיין באַרוף, און וואָס — דיין וואָרט?
אָן ענטפער גיב די דורות עדות,
אויב דיין געבורט בלייבט בלויז אַ צופאַל — איז עס מאָרד״.

אין דער פּאָעמע זעט מען גראַדעס גאַנצע דיכטערישע עשירות. מען זעט די קוואַלן פון וואַנען סיי זיינע וויזיעס, זיין טעמפּעראַמענט און זיינע בילדער און אחריות האָבן זייערע וואָרצלען. דאָס געוויין פון דורות באַגלייט גראַדען אויף אַלע זיינע נאַציאָנאַלע עקסקורזיעס און גיט אים אַ שליחות וואָס צו געפינען און וואָס צו מתקן צו זיין. זיינע זיידעס דאַרפן אַוודאי תּפילה טאָן פאַר זייעראייניקל, וואָס האָט זיין שליחות דערפילט מיט וויזיע און מיט אַחריות פאַר דער יידישער ירושה.

אין די שטעטלעך בלאָנדזשען נישט נאָר אַרום לעגענדעס וועגן זיידעס, רביים און פּירושים. דאָרט דרייען זיך אויך אַרום מענטשן, וואָס דאַרפן לעבן, וואָס האָבן ווילנס, עמאָציעס און אינסטינקטן. און זיי לעבן זיך אויס אין די שטעטלעך. זיי האָבן חתונה, האָבן קינדער און פּרוּוון מאַכן דאָס לעבן אַזוי רייך און פול ווי מעגלעך. וועגן אָט דעם לעבן זינגט חיים גראַדע מיט מער איינגעהאַלטענעם פּאַטאָס, אָבער מיט געגליטע ווערטער. ער מאָלט בילדער פון אָרימקייט, הונגער נויט און לאַנגווייל. בילדער פון נישט דערפילטע הבטחות. זיי זענען אַ טייל פון גראַדעס טרויעריקן מעלאַנכאָלישן בליק אויף דער וועלט.

„איי־לע־לו — דאָס ליד פון אָנהויב איז מיט ראָזשינקעס און מאַנדלען
בלוט און וואָלל — איז דאָס ליד פון סוף.
ס׳וויסט איין גאָט, ווי לאַנג דיינע קינדער וועלן וואַנדלען,
און ווי בידנע שאָף
וועלן פעלקער זיי פאַרהאַנדלען —
שלאָף מיין מאַמע שלאָף״.

ווען מ׳לייענט די לידער פון שטעטל אין ליכט פון היינצייטיקע דערשיינונגען זיינען זיי בישט שטעטל לידער, נאָר קאָסמישע, אוניווער־סאַלע פּאָעטישע באַטראַכטונגען פון דער וועלט לאַגע, און אונדזער אָרט אינ׳ם געוויסן פון דער וועלט. די לידער, כאָטש הויפּטזעכליך, אויטאָבי־אָגראַפישע זענען אין תוך ביאָגראַפיע פון מענטשלעכן גייסט, פון יידישן גייסט. אַ פיינטליכע סביבה אַרום איז ער אָבער זייער היימיש אין דער וועלט פון גייסט. ער שאַפט אַ סביבה פון לעגענדע, אידייען, זעאונ־גען און געשטאַלטן און ווערט אינגאַנצן באַהערשט פון זיין טעמע. זיין אויסוואַל פון ווערטער איז די נאַרמאַלע אין דער טראַדיציע פון גוי־טער דיכטונג, נישט נאָר ווייל ער וואָרצלט אין דער טראַדיציע, נאָר ווייל אמת גוטע דיכטונג איז אַלע מאָל פאַרוואָרצלט אין ווארן לעבן און נוצט טראַדיציע כדי צו קלאַריפיצירן די וויזיע. זיין אויסוואַל פון ווערטער, אונ־טערגעזאָגט פון די נויטן פון דער אייגנאַרטיקער וויזיע שוועבט צווישן אַן אייגנשיינלעכן ראָמאַנטיציזם און דער צמצומדיקייט פונ׳ם שכל. ער נוצט ניט ווערטער און בילדער כדי אַוועקצוגיין פון דער טעמע און אַב־סטראַקציעס, נאָר זיי זענען באַשטימט פון אַ באַוואוסטזיין און עקאָנאָמיע, אַז זיי שאַפן שפּאַנונג ביז דער ציל איז דערגרייכט. זיי פירן צו אַן אי־דייאישן און גייסטיקן ציל.

שטילער אַך, שטילער, נעם שטיל זיך צוזאַמען
מיין האַרץ, נעם צונויף די צעשאָטענע פונקען,
פאַרגיי ווי דער טאָג איז פאַרגאַנגען אין פלאַמען,
פאַרזינק ווי די זון אין איר בלוט איז פאַרזונקען
אַך טרוימען פאַרוואָגלטע, נעמט זיך צואַמען,
פאַרטונקעלטע זעאונגען, קומט אין מיין שטיבל
אין הייליקער ליבשאַפט געננט, אַן פאַראיבל
ווי קינדער צוקאָפּנס דער גוססער מאַמען
פאַרגיט מיר, חלומות, און האָט ניט קיין טענה
איך, אייער אָפּנאַרער ,בין אַ גענאַרטער.
פעלן דען פליגן אייך, טרוין־פייגל מיינע?
פליט עמעצער פריידיקער, בויגיקער, צאַרטער״

קיינעמס חלומות זענען נישט בויגיקער, צאַרטער און פּאָעטישער און מעלאַנכאָלישער, סיי זיינע קינדער־יאָרן, און סיי ווען ס׳פעלן אים דריי פרילינגס צו דרייסיק יאָר זיינען זיינע חלומות רייך און נאָך רייי־כער דער פּתרון. חיים גראַדע האָט אַ ספּעציעלע ליבע צו וויזואַליזירן זיינע חלומות און זיי צו באַשיידן אינ׳ם ליכט פון היינטצייטיקע דערפאַ־רונגען. זיי ווערן טראַגישע איבערלעבונגען פון זיין דור.

די אָפּטיילונגען „חברים“, די ווערבע, און „די אָזערע“ כאַטש זיי האָבן דעם זעלבן אָטעם ווי די אַנדערע לידער, האָבן זיי אויך אַ פיינעם לירישן אונטערטאָן. עס זענען דאָ דאָרט פיינע פייזאַזשן. אָפּט אַזוי סובטיל און דין ווי לעוויטאַנס בילדער און לייוונטן. דאָס פולע און צמצומדיקע וואָרט העלפט מאָלן בילדער פון סעזאָנען און דאָס פויערישע לעבן. זיין וואָרט איז בויגיק, ווען עס מאָלט דאָס פאַסטאָראַלע לעבן. דאָך רייסט זיך באַ אים אַריין די טראַגישע וויזיע פון אומגליק. אַזוי ענדיקט זיך ביי אים איינע פון די נאַטור לידער „סאיז יעדע וואַלד באַשעפעניש אַ קרבן, און איטלעך בערגל אַ — מזבח“. אפילו אין דער שטילער נאַטור הערשט דאָס געזעץ פון מאָרד און פאַרטיליקונג. אַפילו אין דער שטילער נאַטור הערשט דער וואָלפישער געזעץ פון פאַרציקונג ווי אין דער וועלט פון מענטשן וואו זיינע חברים זענען פאַרצוקט געוואָרן. דער טאָן פון פאַרטריקנטקייט און וויסטעניש ווייַנט אַרויס פון די נאַטור לידער. ביי גראַדן פעלט די אידילישקייט פון ביאַליק׳ס אָדער שניאורס נאַטור לידער. ביי גראַדן איז אַפילו אין די נאַטור לידער דאָ דאָס זוכן פון אַ מידן וואַנדערער נישט צו שטילן זיין דאָרשט אָדער צו געפינען אַ שאָטן, נאָר אַ זוכן פון גייסטיקער און עמאָציאָנעלער רו. אַן אָרט וואו דאָס געמיט קאָן רו געפינען. און דאָך אָטעמען די פעלדער, וועלדער און וואַסערן מיט פרימיטיווער גבורה. דער פּאָעט ווערט מיטגעריסן פון די נאַטור כוחות און קעגן זיין ווילן מוז ער זיך בייגן צו זייער ריזיקן פאַרנעם. און דאָך ווייטיקט אים די רואיקייט ווייל זי איז אַ פאַגאַנישע.

חיים גראַדע האָט נישט נאָר געאַנט דאָס אָנקומען פון דער אכזריותדיקער וועלט און דעם גורל פון יידן, ער האָט עס פּאַקטיש פאָרויסגעזען. ווען די דאַטומס אויף די לידער זאָלן אויסגעמעקט ווערן קאָנען זיי געלייענט ווערן ווי איכהס פון היינט, נישט נאָר אין רוסלאַנד, נאָר אין אַלע לענדער, וואו יידן לעבן און האָפן. די לידער זענען אָנגעלאָדן מיט צער און וויי. זיי זענען קרעפטיק דאָרט וואו זיינע עמאָציעס ווערן טיף אויפגעטרייסלט. אין די לידער וואָס ער לעבט נישט טיף איבער פילן זיך דיסטילירטע גראַפישע באַשרייבונגען, וואו ווערטער און רעטאָרישע אויסדריקן פאַרנעמען דאָס אָרט פון אמתער קונסט. אַזוינע לידער זענען דאָ זייער ווייניק ביי חיים גראַדע. זיין דיכטערישע געשטאַלט איז אַ קלאָרע, אַ טיף נאַציאָנאַלער דיכטער מיט עפּאָקאַליפּטישע זעאונגען, מיט נביאישן פּאַטאָס און אַ חוש פאַרעכטן פּאָעטישן וואָרט און פּראָזע. ער פּיבערט אין זיינע לידער מיט אַ מיסיאָנס גייסט. ער פילט ער דאַרף עפּעס פאַרריכטן. לתקן עולם במלכות שדי. די הימלישע קעניגרייך אויף דער ערד אַראָפּ ברענגען און זיך מיט איר ראַנגלען. זיינע לידער זענען מער ווי אַן „אָנדענק טאָוול נאָך דער אייגענער יוגנט און נאָך די חברים וואָס האָבן אַזוי גלויביק געקעמפּט“ די לידער זענען אַ מצבה נאָך אַ יידיש לעבן,

וואָס האָט געזאָלט און געדאַרפט פריידיק ווערן און איז ניט געוואָרן. דאָס בוך איז אַ גרויסע און הייליקע טרער אויף אַ פאַרפייניקט יידיש לעבן. די לידער האָבן אַ טיפן זין אין דער איצטיקער צייט, ווייל אַלע צייטן זענען די יידישע צייט. אַלע יאָרן זענען הכנות צו דער גרויסער צייט פון והיה באחרית הימים. די געהאָפטע צייט וועט מוזן קומען דורך טרערן און פיין און קרבן, אָבער זי וועט קומען. חיים גראדע וועט דאַרפן זינגען און זען פאַר די אומגעקומענע ווילנער חברים. ער וועט דאַרפן מיט זיין ליד העלפן דערנענטערן די באחרית הימים׳דיקע צייט.

• אריה שמרי

# לידער

## מיט הייסע טלאָיען

נישט מרגל ווינטיקער מיט הפקר אויף די פּאָלעס,
נישט סתם אַ בלאָנדזשלינג, אַ כאַפּ־לאַפּ אורח,
דיין זון — מיין בלוט,
דיין ערד — מיין עול איז,
פון דיינע לייטן יויר איך.

און לידער מיינע —
מיטצוגלעקלען, מיטצושפּאַנען
מיט קאַראַוואַנען,
אין אויג די קוואַלן,
אויף צונג די פלאַמען.

ווי און וואונדער, עס זינגען דאָרשטן,
האַרבן שווער באַלאַדן — בלאָען.
און כ׳קוש דיינע וויסטע וויאָרסטן
מיט הייסע שלאָען

## ביז לעצטער שעה

ביז דער לעצטער שעה ביז זון מיט חלפדיקן בלאַנק
פראַלט פענצטער אויף און געפינט מיין דינעם האַלדז —
בין איך דיינער, געזאַנג,
מיט לייב, מיט האַרץ, מיט אַלץ.

דורך טעג און נעכט, דורך יעדן אָוונט און באַגין —
פאַר דיינעטוועגן זון און שטערן אַ געשאַנק.
איך בלייב דיין קנעכט, דיין קינד,
אין קאַיאָר, אין פאַרגאַנג.

אַ קנעכט — מיט שווערע שטאַנגען עול ווי דו פאַרלאַנגסט,
אַ קינד — מיט בלאָע אויגן אין אַ כישוף־טאַנץ.
און אויך ווען חלף בלאַנקט —
פליסט שירה אין מיין האַלדז.

# טאָכטער פון געוויין

וואָר ביסטו שיינקייט אויפגעגאַנגענע?
אַלע פרעגן
און בלייבסט אַ סוד.
נאָר שטומע בערג פרייען זיך מיט דיר,
ווי זון און רעגן —
דיין באָרוועס־טראָט.

אַ פורעמער שניצט שוין דיין פנים אויף האַרטן שטיין,
שטיינהעקער חלומען דיין אַנטקעגנגיין,
און ווענען וועסטו געהערן?
אַלצאיינס!
עס פליט דיין קאָפּ אויף די געבערגן,
און ער איז שיין, —
אַ באַאויערינגטער פון טרערן,
איז ווענען, ווענען וועסטו נישט געהערן?
גריל און זשוק, פייערפליג און פראָש —
אַלע זינגט שוין לויב צו דיין געשטאַלט.
לבנה אויף דיין האַלדז — אַ בראָש,
און קרוין דיר —
אַלע קרוינען פון אַלטן וואַלד.

וואָר ביסטו שיינקייט אויפגעגאַנגענע?
איך זע דיך אַ באַבלומטע, אַ באַהאַנגענע
מיט שטערנטיכער פון אַלע טויטע מאַמעס.
גייסט אויף איבער די געבערגן
פון טיפטן טרויער מיינעם אין זונפאַרגיין,
און אַלע טויטע מאַמעס וויגן דיך:
— וואַקס, טאָכטער אונדזערע,
וואַקס שטאַרק און שיין.
און עס זאָגט דער שטיינהעקער צו דיר:
— טאָכטער פון געוויין,
ביסט שיין, ביסט מיין!

## נאַט איך מיינע אַקסל

מחשבות פון חצות ווי וואָלקנס צעקנאָדערט,
מיינע אויגן דיר, טאָג, — פלאַמיקע טומאַנען.
איך בעט ביי דיר אַן עפּל. גיב זאַפט און יאָדער:
מדבר אין מיין מויל באַקוואַליק אים מיט טעם׳ען.

אין וויסטע ספערן, אין פוסטן קידער־ווידער
געגנוג געה׳הפקר׳ט, ערגעץ מוז איך דערציען.
אָט איז אַ דאָרף, עס שמעקט היימישקייט פון שטיבער,
אויף אַלץ פרימאָרגן, איז וויל איך אויך מיטפריען.

כ׳בין פול שוין פון דער נאַכט און פאַרברענט פון דעמער.
ווו האָב איך בישט געשפּאַנט? וואָס האָב איך געפונען?
נאַט איך מיינע אַקסל! טוט מיר אַן צוויי עמער,
און שיקט מיך מיט אַ שטריק צו דעם טיפסטן ברונעם.

## דאָס ליכט פון קאַטעוו און קיטעוו

אויף דערפל מיינעם — לבנה פון קאַטעוו,
פון דערפל מיינעם — שטערן צו קיטעוו
טעפּיכער גרינע, בלאָ־בלאָע ראָסעס,
און די שטויביקע טעג גייען פאַרכישופט.

וואָס היינט און וואָס נעכטן? אייביק די רגע,
נר תמיד ברענט אין אַ האַרט קיניק העלצל.
פון קאַטעוו און קיטעוו שיינען אַנטקעגן
שטערן געקנעפּלט אויף פּראָסט־פּשוט פעלצל.

לייטן — אַ הימל מיט וווּנדער באַגאָסן.
קושן פון גאָט אויף יעדערנס פּנים.
איך עפן מיין פענצטער — שיינט מיר פון קאַטעוו — —
בין איך מיט יידן מחדש די לבנה .

## אַנטקעגן תבור*)

מיט אויגן אויסגעוואַשענע פון קילן טוי
גיי איך דיר אַנטקעגן, שטאָלץ־שווייגיקער תבור,
דיינע הימלען ווינקען מיט איילבירט און מיט טרויב,
און זאַנגיק שפּראָצן שוין די שטראַלן פון קאַיאַר.

איך לאָז זיך גיין מיט דעם זונאויפגאַנג צוזאַמען,
און דײַן העלע רחבות אין בויג פון מײַנע קני.
איך קוש באָרוועס דיינע שטענגעלעך און שטאַמען,
און כ׳זינג מיט זיי דאָס ליד פון פעלדערדיקן פרי.

איך גיי צו דיר און נאָך מיר גייען אַלע מײַנע יאָר —
שוואַרצציגלדיקע האַרבסטן, ציגגער אויסגעשטרעקט.
צו דיינע קאַריטעס די גאָלדענע תבור, —
ווי אויסצולעקן ביזן דעק.

## גוטמאָרגן

גוטמאָרגן מיינע ביימער,
ציפּרעסן און ציטרינען.
אײַך הימלען העלע, ריינע,
וואָס קושן מײַנע קינען .

אייך הימלען אָנצורירן,
אײַך לאַנען — סאַמעט־ווייכע.
ווער זאָגט: פאַרמאַכטע טירן?
איך גיי און וועל דערגרייכן.

דער הימל שוין פאַרשפּרייט זיך
אויף אונדזערע געצעלטן.
און יעדעס מילבל פרייט זיך — — — —
גוטמאָרגן אַלע וועלטן!

---

*) תבור — אַ באַרג אין עמק יזרעאל.

## פרילינג אין דער יונגער שטאַט

אויף רוישנדיקע טראָטואַרן,
אין שאָטן פון צעבליטע סיקאַמאָרן —
וועל איך בעטן, אַ באַלאָדענער פון אַלטע צער׳ן:
— טו הייַנט אָפּ די סדום־שטעט פון זכרון !

זון אויף אַלע מויערן,
ביימער פלאַטערן ווי חופּה׳ס און ווי סכך׳ן.
דערמאָן מיר נישט די שווערע טרויערן,
לאָז מיך ווי די די יונגע שטאָט מיט פרילינג לאַכן·

זען לייב אין ים, ווי קינדער שפּרינגען
אין וווּנדערשווּנג פון אויפגעשוימטע ריגגען
מיט זונענשפּרענגלען אָפּגעפינקלט.
ליכט פון אַ מתבודד האָב איך געהיט אין ווינקל ,

נאָר דו ביסט שענער, זון אויף ברייטן ים.
ברעג און כוואַליע שפּילן אין מיידל־ייִנגל,
און אויך גאָט איז פריילעך מן הסתם
מיין ליכטל איז פאַרלאָשן,
נאָר שייַנט די זון — אַ לויב דעם גרויסן פלאַם !

שייַנט די זון און בלאָ די הויכן —
וועל איך גיין אויך דאָרט ווו עס וויקלען זיך רויכן,
זיין דאָרט ווו גראָע שפּרייזן
מיט האַמערס, מיט קעלניעס, מיט דלאָטן.
— נעמט מיך אַרום מיט בעטאָן און אייזן,
מיט צוואַנגען און געבאָטן !

און באַרג אַראָפּ וועל איך זיך לאָזן שוועבן
צו כאַטעס אָרימקייט, פאַרשרומפּענע תימנ׳ער,
— אָרעמע, איר האָט מיר וואָס צו געבן,
אַ רענדל פון · ש ב א , אַן אַלטע אבידה.
איך מאָן איר !
אייערע קריעה׳ס בליעה׳ס ווי אַלטע מלכותפאָנען
אייערע קריעה׳ס בליעה׳ס ווי אַלטע מלכות פאָנען

מיר פלאַטערן אַנטקעגן צו דערמאָנען:
— הנני העני,
בין איך מיר אַ מלך —
ווי קעמל גאָלד־באַלאַדענער דיין גאַנג מיט אופיר־שטאָלץ
שווייגיק און פאַמעלעך
נאָר זינגען הער איך אין דיין הכנעה —
אַ כבוד און אַן עזות.
פלוצלונג — כאַטעס זיך צעבלאָען
מיש שבתליד — ש ב ז י ׳ ס. *)

און דורך גאַסן און דורך פלעצער וועל איך גיין
מיט ליפ און קנעכל זינגען צו יעדן שטיין,
און וועט מיך רופן אַ שיכפוצערביים ראָג —
וועל איך זיך צעלאַכן ווי אַ ווינט אין גלאָק:
— זע, איך בין באָרוועס גאָר,
און אויף מיין קאָפ פלאַטערן די האָר,
און וויטער גיין פון שטיין צו שטיין,
היפּענדיק, זינגענדיק ווי אַ שוועלבל אינדערפרי,
און סיקאָמאָרן איבער מיר שכורע פון בלי.
און פאַרנאַכט אין ווינקל,
ווי אַ בין וואָס אָנגעזאַמלט האָט פון בלומען און פון קוסטן —
וועל איך מיט זון אַדורכגעפינקלט
זינגען פאַר אַ שטאָט אַ גאַנצער
מיט טויזנט האַמערס פון טויזנט ברוסטן.

און מיין יתומדיקער שטערן וועט מיך נישט דערקענען,
אַלע גאַסן וועלן צינדן לאָמפּן,
און מיט אַלע לאָמפּן וועל איך ברענען,
באַשיינען דיינע פריידן און דיינע ווייען,
ביז פעלדער וועלן טוליען זיך צו דיר
מיט זאַנגען און שאָסייען.
סירענעס דיינע וועלן פרילינג שאַלן,
און מיינע הענער וועלן לידער קרייען.

---

*) שבזי — אַ דיכטער פון תימן.

# מ י ט  ש ח ר

מיט שחר וועל איך גיין הערן
דאָס רייפּע אָפּגיין
פון מאָרגנשטערן.

ביים אָנזאָגער פון ליכט,
לערנען זיין פאַרבאָרגן,
ווען מיט אַ פול געזיכט
גיט אַ בלענד דער מאָרגן.

זיין בישט געזען און גרייט
אין דער גרויסער בלענדונג·
באַהאַלטן טרוים און טרער
אין אַ לייניק הענדל.

זיין בישט געזען און גרייט
צו פאַרגעסן ווערן.
ווי דו, קערן פון יעדער פרייד,
פון אַלע ליכטער  ב כ ו ר ,
מאָרגנשטערן.

● חיים גראַדע

# לידער

## מיין אורפאָטער

ווען עס ברעכט פון דער פינצטער אַרויס דער קאַיאָר,
זע איך צוויי אין גערוואַנגל שוין טויזנטער יאָר.

אַ געווירבל פון וואָלקנס . . . און צוויי אין געפעכט
מיט די פויסטן ווי העק . . . און דערנאָך אין געפלעכט,

ווי די חיות, פאַרקלאַמערט אַ גוף אין אַ גוף,
די צעגראָבענע ערד צו דעם הימל רייסט אויף:

ס'איז מיין אורפאָטער יעקב אין אייביקער שלאַכט
מיט זיין אייביקן פיינט, דעם באַהערשער פון נאַכט,

וואָס צוריק שלעפט אין אָפּגרונט דעם זוניקן אַקס,
און די פינצטערניש טוט זיך אויפסניי אַ צעוואַקס.

נאָר מיין אורפאָטער בויגט אין זיין פעלזיקן קאַרק,
און הויבט אונטער די זון אַזוי שווער ווי אַ באַרג.

נעמט זיך וואַרפן דער נאַכט־פיינט — דער האָריקער קנויל,
און ער כאָרכלט אַרויס פון זיין פינצטערער מויל:

„דו ביזט מוטיק אין שטרייט, און ביים זיג פול מיט גנאָד,
דו ביזט אייביק און דיר איז אַ וואָרעם אַ שאָד.״

„ווי אַלמעכטיק ביזטו! טראָגסט די זון אויף דיין קאָפּ.
דייגע כוחות האָב איך אויסגעפּרווט, לאָז מיך אָפּ.״

זאָגט מיין פאָטער: „איך לאָז דיך מיין גורל ניט פריי,
ביז דו בענטש מיך, מיין שכן זאָל זיין מיר געטריי.״

פון דעם תהום ווו אין אָנמאַכט איך ליג מיט מיין דור,
שטרעק איך אויס מיינע הענט ביז צום ראַנד פון קאַיאָר:

„ניט פאַרטרוי זיך דעם פיינט, ער איז שוואַרצער אין־סוף,
פאַר דיין רחמים צו אים — טראָגט דיין נאָכוווּקס די שטראָף.״

נאָר מײַן אורפּאָטער העלפֿט זיך אים שטעלן פֿון שטויב,
דער געפּאַלענער טוט זיך מיט חניפֿה אַ הויב,

און ער גיט אומגעריכט ווי אַ חיה אַ שפּרונג,
און עס קײַקלט זיך ווידער דער בלוטיקער רינג.

איבער באַרג איבער טאָל אינעם זומפּיקן קויט,
ווײַל מײַן אורפּאָטער קינדיש זײַן טויט־פֿײַנט געטרויט.

דער לויב האָט פֿאַרשווינדלט זײַן פּעלזיקע קאָפּ —
און אַלץ טיפֿער אין תּהום קײַקל איך זיך אַראָפּ.

## דוד און דער קעניג שאול

אַלײן האָסטו דערשטאָכן זיך באַזיגטער קעניג,
ווי אויף אַ טראָג שטול —אויף די שטײן־בערג פֿון גלבוע,
באַפֿרײַט האָסטו דײַן קאָפּ . . . און איך טראָג אונטערטעניק
דײַן קרוין פֿון גאָלד אויף מײַנע שלײפֿן אויף די גרויע.

דײַן בלוט האָט אָנגעצונדן אויף די בערג אַ פֿײַער,
דײַן טויט האָט אָנגעצונדן אין מײַן האַרצן — קנאָה.
איך בין שוין אַלט. פֿון מײַן גאָר רום איז איצט מיר טײַער —
די ליבשאַפֿט פֿון דײַן זון צו מיר און אויך דײַן שנאה . . .

געפּײַניקט האָט דײַן לײַב דער האַס ניט געשטילטער,
ביז דו האָסט מיט דײַן שווערד אַ וועג אים דורכגעבראָכן,
זי׳ו האָסטו אין נעפּל פֿון דײַן בלוט אַן אײַנגעהילטער,
געלאַכט פֿון שפּילער אויף דעם האַרף — פֿון מײַן נצחון.

אָ, גליק, איך האָב געקענט דיר בלויז אין מדבר־הײלן,
דער טרויםּ צו זײַן ווי מײַן פֿאַרפֿאָלגער — אַ געביטער,
איצט הער איך זינגער פֿון מײַן העלדישקייט דערצײלן,
און איך בין מיד, ווי שפּעט־זומער אין פֿעלד דער שניטער.

מײַן אָונט פֿאַלט צו שווער. איך הויב אויף מײַנע וויעס,
און זע דיך שאול אויפֿן טראָן־שטול פֿון גלבוע,
דײַן קאָפּ דער מאַרמאָרנער באַקרוינט איז מיט אַ שקיעה,
און ס׳דריקט ווי בלײַ דער קרוין פֿון גאָלד מײַן קאָפּ די גרויע.

## מנא מנא תקל ופרסין

ווען איר שכורט פון אונדזערע כלים אויף אייערע בעלער,
דערזעט איר אויף ווענט אונדזער בלוט ווי אַ שריפט אַ געהיימע,
מיר זענען אַ נאַכט־גלאָק פאַרבאָרגן אין אייערע קעלערס,
און קלינגען אייך אויס אייער אייגענע פינצטערע אימה.

כאָטש איר ווילט מיט אונדז דעם צעעפנטן אָפגרונט פאַרשטאָפן,
פון אונזערע לייבער אַ בריק אויף צו איבערגיין — פלעכטן,
זייט וויסן: מיר זיינען דער ערשטער פאַרגאַסענער טראָפּן,
אַן אָנזאָג, אַז באַלד וועט איר אייגע די אַנדערע שעכטן.

די גיפטיקע טויט־שוואָם ביי אייערע שטאַמען נעמט בליען,
ווען איר קענט שוין מער ניט די אייגענע פוילונג באַצווינגען —
ווי פאַרביק געשפּרענקלט דער גיפטיקער שוואָם זאָל ניט גליען,
איז איינגעקאַרבט אייער צעפוילונג אין בוים — אין די רינגען.

## דער עגל

לאָמיר טאַנצן אַרום דעם געגאָסענעם קאַלב,
וואָס האָט אַזוי שמעלציק און פרום זיך צעאייגלט,
לאָמיר איינרעדן זיך, אונדזער בלוט — דאָס איז זאַלב,
באַזאַלבט דעם באַשאַף פונעם פייער — דעם עגל.

דער גאָט וואָס איז ניט אויסגעהאַקט אין אַ בילד
געשראָקן האָט אונדז . . . איצטער וועלן מיר פריי זיין,
מיר האָבן מיט גאָלד אונדזער אָפּגאָט באַגילדט,
ער זאָל אונדז זיין גרויזאַמען פּנים ניט ווייזן.

מיר דאַרפן אַ פירער אַלוויסיק און שטאַרק,
איז גיט אָפּ דעם קאַלב אייער גליאיקן אָטעם,
מיר טראָגן דעם אָפּגאָט געבויגן דעם קאַרק,
און שרייען צו זיך, אַז מיר גייען אין טראָט אים.

# דער קעניג ביים נביא

איך האָב דיין מגילה פֿאַרברענט . . . דיך פֿאַרטריבן,
און רואיק געדרעמלט ביים היימישן פֿלאַקער,
האָסטו פֿון די פֿלאַמען אַ בריוו מיר געשריבן,
ווי דו וואָלסט געווען אין דעם אַש־קויל פֿאַראַקערט.

צו ראַטעווען זיך פֿון דיין צאָרניקער פֿרומקייט,
האָב איך אין אַ פֿינצטערער גרוב דיך פֿאַרמויערט,
נאָך מער פֿון דיין קללה מיך שרעקט איצט דיין שטומקייט . . .
דער שונא, דער שונא באַלאַגערט דעם טויער.

און איך האָב די טיר פֿון דיין תּפֿיסה צעבראָכן,
איצט זייַנען מיר ביידע פֿאַרשווערער געהיימע,
איך שטיי אויף דיין שוועל ווי אַן אָרימער שכן:
מיין קעניגרייך וואַקלט, דערלייז מיר פֿון אימה!

—־דו האָסט אין אַ ליימיקער גרוב מיך פֿאַרגראָבן,
איך האָב ניט געבראַכט דיר קיין טרייסט־וואָרט קיין פֿאַלשן,
געוואָלט האָט דיין גאווה — באַזינגער בלויז האָבן,
און הויף־לייט וואָס זייַנען אויף אַלעמען מלשין.

איצט זוכסטו ביי מיר אין דער תּפֿיסה אַ רעטונג,
אין טויט־שלאַכט ביזטו אין געטומל אַנטרונען,
דיך זאָל דאָס באַלאַגערטע פֿאָלק ניט צעטרעטן,
ווייל דו האָסט מיט קלעפּיקן שלאָף עס פֿאַרשפּונען.

פֿון פֿייער ווו דו האָסט מיין קלאָג-ליד געשליידערט
אויף דיר גייט אַ וואָלף . . . און דו טרעטסט אָפּ פֿאַרצווייפֿלט,
די הויף־זינגער האָבן פֿון דיר זיך דערווייטערט,
און דו האָסט די גרויס פֿון מיין קלאָג־ליד געכפֿלט.

## ווען דו וועסט קעניג זיין פון אַלעמען פאַרלאָזן

ווען דו וועסט קעניג זיין פון אַלעמען פאַרלאָזן,
פון דיינע הויף־לייט, פון דיין וואַך און דיינע קינדער,
און דיינע האָר די גרויע וועט דער ווינט צעבלאָזן,
און דו וועסט וואַקלען ווי אַ בעטלער ווי אַ בלינדער;

און אָנשטאָט פאַר דיין רייטוואָגן אַ מחנה לויפער
וועט דיך אַפילו ניט קיין קינד אין וואָגל פירן —
דאַן וועל איך ווייזן זיך פאַר דיר . . . און אין אַ שופר
דיין אָנקום אָנזאָגן פאַר די פאַרמאַכטע טירן.

און פון די שוועלן וועט מען נאָכקוקן דערשטוינטע,
אַז איך דער נביא פון די בערג און דיין פאַרשעלטער,
וואָס האָט באַזיגט דיך . . . קוש דיין קאָפּ די גרוי־אַנטקרוינטע
און טרייסט דיך ווי אַ זון אין דיין פאַרלאָזטן עלטער.

שוין לייגן אויס זיך אויף מיין פּנים דיינע קאָרבן,
ווען אומגעריכט פאַר דיר עס וועט דיין משפּט קומען,
איך זען דיר שוין אין מיינע אָרעמס קומען שטאַרבן,
און אַלע מיינע האַרבע שטראָף־ווערטער פאַרשטומען.

אָ, קיינער ניט פון דיינע קינדער און די פרויען,
זיי וועלן ווייט אַזוי ווי איך דיך ניט באַגלייטן, —
בלויז איך וועל דיר דאָס לעצטע וואָרט פון גאָט פאַרטרויען,
ווען דיר אַליין וועט שוין דיין עלנט ניט וויי טאָן·

## יונה אויפן ים

אָ, יאוש פון דעם נביא יונה, לעצטער העלדנמוט,
דו האָסט די האַנט פון גאָט צוריקגעשטויסן — און אַנטלאָפן,
און אויף דעם ים דעם אויפגעברויזטן ווי אין אייגן בלוט
האָסטו געלייגט זיך מיד און איינגעשלאָפן.

איך האָב געזען דיך אויף דער זינקענדיקער שיף,
דו האָסט געגליוועט ווי אַ שוואַרצער אין געהיימען אָרון,
פאַרמשפּטער, דו האָסט באַנומען אויף דער אויפגעברויזטער שיף,
אַז דו האָסט מיט דיין גאָט די גורל־שלאַכט פאַרלאָרן.

איך בין אין וואָגלעניש געלעגן אויף אַ וויסטן באָרג,
און האָב גערופן צו מיין היים ווי פון אַ גרוב אַ טיפער,
אויך דיך האָב איך געזען . . . אָ, דיך דער יאוש האָט געשטאַרקט
אינמיטן פון די קלאָגעדיקע שיפער.

איך האָב געהערט ווי ס׳האָט ביי דיר דער געפרעגט דער קאַפּיטאַן:
— ווער ביזטו און וואָס שלאָפסטו?... ס׳ציט אין תהום אונדז דער געוויטער,—
און מיינע ליפּן האָבן נאָכגעזאָגט דיין ענטפער דאַן:
„— איך בין אַ ייד און גאָט איז מיין געביטער.

„הויבט אויף מיך אויף די הענט און שליידערט מיך אַריין אין ים,
דער שטורעם־ווינט איז צוליב מיר: איך בין פון גאָט אַנטרונען . . .״
איך האָב געזען דיך איינגעהילט ווי אין אַ שוואַרצן פלאַם —
אין טרויער ווייל דיין גאָט האָט דיך געפונען.

איך האָב געזען, די שיף האָט אויף איין זייט זיך אויפגעשטעלט,
און איבער דיין געזיכט האָט זיך דער הימל אָנגעצונדן,
ווי ס׳וואָלט דיין גורל דיך אַרומגעזוכט דורך גאָר דער וועלט,
און אויף דער שיף מיט בליצן דיך געבונדן.

איך האָב געזען דיין קאַלטן גוף אויף אויסגעשטרעקטע הענט,
דו ביזט אין ים פאַרזונקען שטום . . . געהערט האָב איך די שטימען,
פון די וואָס האָבן זיך נאָך רעטונג צו דיין גאָט געווענדט,
זיי וואָלן רואיק צו דעם ברעג דערשווימען.

די כוואַליעס האָבן איינגעשטילט זיך און דיר נאָכגעזאָגט:
„מיט גאָט האָט ער פאַרפירט אַ שטרייט נאָך אין די יונגע יאָרן,
ער איז געשטאָרבן ניט באַזיגט . . . ווייל ער האָט ניט באַקלאָגט
די שלאַכט מיט גאָט וואָס ער האָט אָנגעוואָרן.״

## אַ ש

מיין פּנים, מיין אייגענער גוף טוט מיך וויי,
האָב איך זיך פאַרברענט . . .איך בין אַש אין רואינען,
דער אָטעם פון גאָט הויבט מיך אויף אין געדריי, —
צרעת בין איך אויף די פעלדער וואָס גרינען.

נאָר דעם וואָס וועט נעמען אין הויפן מיין אַש ,
וועט אים מיין פאַרבאָרגענער פלאַקער פאַרברענען,
דערהערן וועט ער מיין פאַרקלונגענעם רעש,
און ער וועט אין חורבה מיין פּנים דערקענען.

# פאַר דער פרייד

פאַר דעם פרייד וואָס עס שלעפּט מיך דער ווינט פאַר די האָר,
און איך הער אין די נעכט אַ געפּלאַטער פון פליגל —
פון באַפליגלטע חיות וואָס זינגען אין כאָר,
און איך זע אין די כמאַרעס מיין פּנים זיך שפּיגלען;
פאַר די שטים פון מיין גאָט וואָס פאַרקלינגט מיין געמיט,
ווי אַ הינטער מיין וואַנט וואָלטן כוואַליעס געגאַנגען, —
און איך הער זיינע טריט — די באַפרייערשע טריט,
ווען איך זיץ אין דער גרוב פון מיין יאוש געפאַנגען;
פאַר דער זעאונג וואָס טרייסלט מיין לייב . . . און איך גאַר
נאָך צו פיבערן שטאַרקער אין היץ פון חזיון ,
פאַר דער בענקשאַפט וואָס גליט דורך מיין וואָלקן פון צער,
ווי דער טראָנשטול פון גאָט אין דעם פייער דעם בלויען —

בין איך גרייט אַ באַטויבטער צו נאָכגיין דעם רוף,
און מיין באָרד זאָל אַ וואָלד זיין ווו פייגל זיך ווימלען,
בין איך גרייט, ס'זאָל מיר שווער זיין אייגענער גוף,
ווי אַ ליים־בערגל אונטער פאַרענגטע הימלען.
זאָל מיין לייב זיין אַ שרעק־בילד געקנאָטן פון ליים,
דער המון זאָל מיך ווייכן . . . זאָל פרעמד זיין מיין קול אים;
פאַר די שטים פון מיין גאָט וואָס דערפרייט מיך געהיים,
בין איך גרייט זיין צו שפּאָט און בלויז לעבן אין חלום.

פּאַריז, 1947

• מ. גיציס

# קינדער פון אברהם...

## א.

אויף דעם לינקן ברעג פון דעם טייך דניעסטער, וואָס קריכט ווי אַ גרויע שלאַנג פון די קאַרפּאַטן־בערג, ניט ווייט פון דעם דאָרף סטילינעץ, האָט אַ שמאָלער, שטויביקער וועג געפירט צו נחום סטילינעצערס אַדאַיע. דער וועג האָט זיך געדרייט אַ בערגל אַראָפּ ,אַ בערגל אַרויף, צווישן צעאַקערטע און פאַרזייטע פעלדער און מיט אַ גוט־געשפּאַנטן פערד און דראָזשקע, האָט ער גענומען געגומען אַרום צען מינוט.

די אַדאַיע האָט געהערט צום אַלטן פריץ זאַלינסקי, אָבער ניט קענענדיק אָנפירן מער מיט דער באַלעבאַטישקייט האָט ער זי איבערגעגעבן, צעזאַמען מיט די פעלדער אַרום, צו נחום סטילינעצער. און אַזוי איז נחום געוואָרן אַ פּאָסעסער. זאַלינסקי אַליין האָט זיך באַזעצט אין דעם שטעטל קאַלינעץ, אַ צוואַנציק ווערסט פון סטילינעץ און פלעגט אַמאָל אַריינקומען אויף אַ טאָג, אָדער צוויי, אַרומגיין איבערן פעלד, שרייען אויף די פויערים און פויערטעס, אָבער מייגסטנס, פלעגט ער זיך גוט אויסשלאָפן אין זיין אַמאָליקן קאַבינעט, נאָך די שלאָפלאָזע נעכט, וועלכע ער פלעגט פאַרברענגען באַ די קאָרטן־טישלעך אין קאַלינעצער קלוב.

נחום סטיליניצער איז שוין געווען אַ שטיק גביר. די אַדאַיע האָט געבליט. שיינדל, די באַלעבאָסטע, האָט זיך ווייניק געמישט אין דער גרויסער באַלעבאַטישקייט .דערפאַר איז דאָס הויז מיטן הויף געווען איר מלוכה. איר גאַנץ לעבן און חיות זענען געווען די קינדער — דער זון יאַשע, און די זעקס־יעריקע מיזינקע ביוראַ.

נאָך איין מענטש איז איר, און אויך נחום׳ען, געווען נאָענט ווי אַן אייגענער. דאָס איז געווען בערל. דער שטילער, דאַרער, איינגעאויקערעטער ייד, וואָס האָט ניט געהאַט קיין אַנדערע היים, פון זינט זיין ווייב איז געשטאָרבן און זיינע צוויי זין זענען אַוועק קיין אַמעריקע. נחום׳ען האָט ער געקאָנט נאָך פון יענע יאָרן, ווען נחום׳ס פאָטער איז אַריבערגעקומען קיין סטילינעץ און האָט געהאַנדלט מיט האָלץ. נחום׳ס פאָטער האָט אין גאַנצן געגנבט גע׳שמ׳ט מיט זיין חכמה און נחום איז געווען אָט פונקט ווי דער פאָטער — פונקט אַזוי קלוג און שיין, פונקט אַזוי הויך און געזונט.

גלייך נאָך דעם, ווי נחום האָט איבערגענומען די אַדאַיע, האָט זיך בערל צוגעשאַרט צו אים און איז געוואָרן זיין נאמן. אַלץ וואָס בערל האָט געוואָלט, איז געווען אַ ווינקל אין הויז און דאָס איבעריקע אין לעבן איז

אים ניט אָנגעגאַנגען. די קינדער פון אַמעריקע פלעגן אַפילו שיקן אַמאָל געלט, האָט ער ערגעץ געמאַכט אַ קניפּל און נחום פלעגט זיך אויף זיין חשבון וויצלען און בעטן באַ אים אַן הלואה; בערל פלעגט הכנעהדיק שמייכלען און אָוועקמאַכן מיט דער דאַרער האַנט: ווייסיך . . . אַז נחום וויל שפּאַסן, איז געזונטערהייט . . . פאַרוואָס ניט . . .

פלעגט מען אַריינקומען צו נחום'ען אין הויז, האָט מען שטענדיק געטראָפן שיינדלען אַ פאַרנומענע אַ פאַרפלאַמטע און אין הויף האָט מען שטענדיק געפונען אַ פויער אָדער אַ פויערטע: איינער האָט געהאַקט האָלץ, דער צווייטער האָט געלעגט אויף דער שטאַל אַ דאַך פון שטרוי; איינע האָט געמאָלקן די קי, די צווייטע האָט געוואַשן וועש; דאָ האָט מען געקאָלעכט די ווענט און דאָרט האָט דער קוטשער מיכאַי געריייניקט די פערד. אין שטוב האָט דער שיינענדיקער סאַמאָוואַר געזאָטן יעדן אָוונט אויפן טיש און נחום פלעגט טרינקען טיי פון זיין גרויסן גלאָז און ווישן דעם שווייס מיט דער גרויסער פאַטשיילע און דערנאָך זיצן און טראַכטן און קעמען מיט די פינגער די לאַנגע שוואַרצע באָרד.

אַמאָל פלעגן זיך צוזאַמענקומען באַ אים די פריצים פון די אַרומיקע אַדאַיעס און ס'פלעגט זיך פאַרציען אַ שפּיל אין קאָרטן ביז אין טאָג אַריין. אַסיגנאַציעס זענען געלעגן אויפן טיש, צוגעפּרעסטע מיט קופּקעלעך פון זילבערנע קערבלעך, האַלבע קערבלעך און גריוונגס. און דער רויך פון טאַבאַק האָט זיך געמישט מיטן גערוך פון טשאָקאָלאַד און פון וויין. אין אַזעלכע נעכט איז שיינדל אַרומגעלאָפן אַ פאַרפלאַמטע און אַלעס האָט גע־ברענט אונטער אירע הענט. מיכאַי פלעגט זי אַוועקזעצן אויסשלאָגן פריי־שע פוטער און די פויערטעס איינע באַם לאָקשנברעט, די צווייטע באַם אויוון האָבן געאײַלט פאַרטיק מאַכן, באַקן די געשמאַקע קנישעס, מיט וועלכע שיינדל האָט זיך אַזוי באַליבט געמאַכט באַ די פריצים. פלעגט מען אַרום צוועלף באַנאַכט דעקן דעם טיש און פראַווען אַ וועטשערע און נאָך דער וועטשערע ווידער צו די קאָרטן. אויפן טיש זענען געשטאַנען גאַנצע שאַכטלעך פאַרטיקע פאַפּיראָסן אָנגעגרייט און אָנגעפּילט פון בער־לען; און שאַכטלעך מיט קאָנפעקטן, מיט שאָקאָלאַדן מיט כאַלוואַ און מיט אַנדערע נאַשערייען, וואָס די פריצים האָבן ניט פאַרגעסן מיטצוברענגען. און אַז ס'פלעגט זיך מאַכן און אַ פריץ, אַביסל אַן אונטערגעטרונקענער, פלעגט אַרומכאַפּן שיינדלען און אַריינצמאַקן אַ קוש, האָבן אַלע אַרום גע־קאַטשעט זיך פון געלעכטער און נחום פלעגט זיך אַזש פאַרהוסטן און דערנאָך האַלטן זיך באַם בויך און קרעכצן.

בערל פלעגט אין אַזעלכע אָוונטן שטייען הינטער נחום'ס פּליי־צע און האָט עמעצער געוואָלט אַ שוועבעלע, אָדער אַ גלאָז שטאַרקע טיי, איז ער גלייך געווען פאַרטיק צו לויפן, צו דינען. דערפאַר, ווען די פּרי־צים פלעגן זיך דערנאָך פונאַנדערפאָרן, האָבן שוין די דינסטן און בערל

אָפּגעלעקט אַביינדל; יעדער פריץ פלעגט אָננעמען אַ זשמעניע זילבער און אַמאָל פּאַזיטלעך און אַריינשטופּן אין בערלס הענט און בערל האָט זיך געקווינקלט און געשטופּט דאָס געלט מיט ציטערנדיקע הענט אין קעשענע.

נחום האָט זיך שטאַרק צוגעוואוינט צו בערלען. אָן אים האָט ער זיך שוין ניט געקאָנט באַגיין. אָבער באַראַטנדיק זיך מיט אים פלעגט ער אַ פיר טאָן מיט דער האַנט איבער דער באַרד, פאַרזשמורן די אויגן און מיט אַ קלוגן שמייכל אַ פרעג טאָן: נו, בערל, וואָס זאָגסטו? און בערל פלעגט אַרומגיין גאַנצע טעג און פלאַנעווען. די פלענער זיינע זענען אָבער קיינ־מאָל ניט אָנגענומען געוואָרן. דערפאַר האָט ער געהאַט אַ פרייע האַנט, ווען ער פלעגט פאַרן אין שטאָט אַריין איינקויפן.

בערל איז צוגעבונדן געוואָרן צום הויז מיט לייב און לעבן. פלעגט לערנען מיט יאַשען עברי און חומש; און ווען יאַשע איז עלטער געוואָרן און מ׳האָט אים אָפּגעפירט אין שטאָט־שול לערנען, פלעגט בערל פאָרן צו אים יעדע וואָך און ברענגען אים פוטער־בולקעס און פּאָווידלע און אי־בערלאָזן אים אַ פּאָר קערבלעך ,וואָס שיינדל פלעגט מיטגעבן. און דער־נאָך, ווען בערל פלעגט אַהיים קומען פון שטאָט, פלעגט ער דאַרפן דער־ציילן, ווי יאַשע זעט אויס: צי איז ער, חלילה, ניט קראַנק, צי איז ער ניט אומעטיק, צי בענקט ער ניט אַהיים.

אַזוי זענען געגאַנגען די יאָרן באַ נחום סטיליגעצער אויף דער אַדאַ־יע. יאַשע איז שוין געווען אַ סטודענט און געלערנט אויף דעם מעדיצי־נישן פאַקולטעט אין אדעס. און ווען יאַשע איז צום ערשטן מאָל אַהיים־געקומען אויף וואַקאַציע, האָבן זיי אים כמעט ניט דערקאָנט, אַזוי שיין און הויך איז ער געוואָרן. אַ מאַט־בלאַס פנים האָט ער געהאַט, מיט טונקע־לע שאָטנס אונטער די גרויע אויגן; אַ טשופּריגע שוואַרצע האָר און ווייַ־סע אָפּגעהיטע הענט; און געהאַלטן האָט ער זיך מיט יענער ווירדע, וואָס פּאַסט פאַר אַ סטודענט און פאַר אַ זון פון נחום סטיליגעצער; פלעגט אַרומגיין אַ פאַרטראַכטער, אַ שווייגנדיקער; לייענען האָט ער פיינט געהאַט און אויף פרויען פלעגט ער קוקן ווי אַ האַר, צו וועמענס פיס זיי דאַרפן פאַלן. שיינדלען פלעגט ער ליב האָבן צו זאָגן פלאַכע וויצן און סטראַשן זי, אַז ער גייט פאַרלאָזן דעם אוניווערסיטעט און ווערן אַ לערער אין דאָרף און לערנען די שקאָצימלעך לייענען און שרייבן; שיינדל פלעגט לאַכן און ווערן אויף אַ מיגוט אַ טרויעריקע.

זי פלעגט אָפט טראַכטן וועגן יאַשען און וועגן נחום׳ען און זי האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין פאַרוואָס דער פאָטער און זון רעדן אַזוי זעלטן און ווען זיי רעדן שוין איז דאָס רעדן אָן אַ וואַרעם וואָרט, אָן אַ געפיל פון ליבע און צערטלעכקייט.

נחום אַליין פלעגט זיך אָפט וואונדערן פאַרוואָס עס פעלט צווישן

אים און זיין זון די נאָענטקייט און ליבשאַפט, וועגן וועלכער ער האָט שטענדיק געטרוימט, — די נאָענטשאַפט און ליבשאַפט פון פאָטער און זון. די סיבות האָט ער ניט פאַרשטאַנען. געוואונדערט זיך און געטראַכט, אַז אין וועמען ער זאָל ניט זיין געראָטן דער זון זיינער צי אין שיינדלען, צי אין אים אַליין, וואָלט ער דאָך באַדאַרפט זיין אַ וואַרעמערער, אַ מער ליבלעכער זון. ער האָט אָבער ניט געקאָנט זען, אַז די שולד איז געלעגן אין אים אַליין; אין זיין באַציאונג צו מענטשן, איז ער נחום, געווען אַ שטאָלצער; געהאַלטן זיך מיט זיינע מיטמענטשן און פויערים, ווי אַ פּריץ; געגלייבט שטאַרק אין דער קראַפט פון געלט און אין דער וויכטיקייט פון איינפלוסרייכע פּערזאָנען; געזען און געגלייבט, אַז דורך געלט און פּראָטעקציע קען מען זיך דערשלאָגן, צו אַ פּאָזיציע, צו וועלכער די אָרעמע האָבן זיך ניט געקאָנט דערשלאָגן, אַפילו ניט מיט זייער חכמה און וויסן. אָט איז יאַשע אַריין אין אוניווערזיטעט — ניט צוליב זיין קענטעניש מסתמא. עס זענען געווען סטודענטן, גרעסערע לערנער פון יאשען, און דאָך זענען זיי דורכגעפאַלן אין דער פּראָצענטנער באַרמע. איז עס אַ סימן, אַז זיין געלט און די פּראָטעקציע פון דעם אָסטאָוונאַי גענעראַל קרוטשניסקי האָט געהאָלפן; איז עס אַ סימן אַז אַלעס צוזאַמען — געלט, וויסן און די פּאָזיציע אין דער געזעלשאַפט, איז די קראַפט און מאַכט אין לעבן.

אָט דעמדאָזיקן געדאַנק האָט ער פּרובירט איינצופלאַנצן אין יאַשעס מח און עס איז אים געלונגען. יאַשע האָט אָנגעהויבן צו באַטראַכטן די וועלט און זיך אין דערדאָזיקער וועלט פון אָט דעם שטאַנדפּונקט. עס איז אים ניט אָנגעקומען שווער צוצופּאַסן זיך צו דער דאָזיקער לעבנס־פילאָזאָפיע, ווייל דאָס לעבן אַליין האָט אים צוגעשטעלט די פּאַרטיקע אַטריבוטן פאַר דערדאָזיקער פילאָזאָפיע.

פון די סטודענטן האָט אַממערסטן אימפּאָנירט צו אים די בעקאַנטשאַפט מיט מאַרק זאָנענשיין און מיט זיין שוועסטער ליזאַ, וואָס האָט געלערנט אויף דעם פילאָלאָגישן פאַקולטעט. די בעקאַנטשאַפט מיט מאַרקן האָט אימפּאָנירט גראַד צוליב מאַרקס אייגנשאַפטן, וועלכע ער אַליין האָט ניט פאַרמאָגט. מאַרק, האָט ער געזען, פאַרנעמט אַ הויכע און וויכטיקע פּאָזיציע אין די סטודענטישע קרייזן. מאַרק איז געווען אַן אויסגעצייכנטער רעדנער, אַ שאַרפער פּאָלעמיקער און איבערהויפּט אַן אידעאַליסט. דער ספּעציפישער אידעאַליזם מאַרקס האָט יאַשען גראַד ניט אימפּאָנירט און ער האָט מורא געהאַט פאַר אָט דעם מין אידעאַליזם. אָבער אויב מאַרק איז געווען דער אָנפירער און אינספּיראַטאָר פון רעוואָלוציאָנערן גייסט אין די סטודענטישע קרייזן, האָט יאַשע ניט געוואָלט אָפּשטיין פון דער דאָזיקער באַוועגונג, כדי ניט אָפּגעשטופּט צו ווערן אין די טונקלע ווינקלען און אַזוי אַרום אינגאַנצן אַרויסגעשטויסן ווערן פון צענטראַלן פאָקוס. די באָענטשאַפט צו מאַרקן האָט דאַריבער

געשאַפן פאַר אים די גויטיקע ליכט אין וועלכער ער האָט אויך געקאָנט אַרויסשיינען און איבערהויפּט באַמערקט ווערן פון מאַרקס שוועסטער ליזאַ, וועמעס באַנטשאַפט, צוליב איר שיינקייט, האָט אימפּאָנירט צו אים נאָך מער ווי די חברשאַפט מיט מאַרקן.

עס איז געווען דאָס יאָר נאָך דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה. די שטימונג אין לאַנד איז געווען אַן אומרואיקע. ווי מיט רויטע פייערדיקע צונגען האָבן רעוואָלוציאָנערע בונטן אַ לעק געטאָן דאָ און דאָרט די רוסישע ערד — די פלאַמען זענען אָבער גלייך דערשטיקט געוואָרן.

יאָשע האָט דאָס אַלעס געזען — ניט מיט זיין גייסטיקן אויג, נאָר מיט זיין פיזישן אויג. און דאָס וואָס ער האָט געזען האָט געשראָקן. ער האָט פּרובירט פאַרשטיין מאַרקן, מאַרקס אידעאַליזם און מאַרקס ליידנשאַפטליכע רייד און ער האָט ניט געקאָנט געפינען קיין באַרעכטיקונג פאַר זיי. ער האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין פאַרוואָס עס גייט אים, מאַרקן, אַזוי אין לעבן אַריין, צו ריזיקירן מיט דער פרייהייט, מיט זיין קאַריערע און מיט דעם לעבן אפשר, צוליב אַ פּוסטן אוטאָפּישן אידעאַל. ער האָט אים אָבער מקנא געווען פאַר דעם איינפלוס, וואָס ער האָט געהאַט איבער די סטודענטן. געוואוסט, אַז אַפילו מיט רייכטום קאָן מען ניט קויפן אָט דעם רעספּעקט, וואָס מאַרק דערגרייכט בלויז דורך זיין וואָרט און טאַט. און געוואוסט האָט ער, אַז אויב ער ווערט אַריינגעצויגן אין דער ספערע פון מאַרקס איינפלוס און אַקטיוויטעטן, דאַרף ער דאָך זיין פאַרזיכטיק: קומען . . . הערן . . . אָבער ניט אַריבערשפּאַנען די ברעגן פון זיכערקייט פון געזעלשאַפטלעכער אָנשטענדיקייט.

מאַרק איז געווען פון מיטל־וואוקס, אַ דאַרער, מיט רויטע פייערדיקע האָר, מיט קלוגע אויגן און מיט אַ קלוגן שמייכל, אַ באַוועגלעכער און טעמפּעראַמענטפולער; אַלע האָבן געוואוסט, אַז וואו נאָר אַ געהיימע אַרבעטער פאַרזאַמלונג, וועט מען דאָרט טרעפן מאַרקן. זיין פערזענלעכן רעוואָלוציאָנערן גייסט האָט ער שטענדיק געטראָגן אָן מורא, ווי אַ צעפלאַטערטן רויטן פלאַג. קיין פרויען האָבן אים ניט אינטערעסירט, אָבער אין דער געזעלשאַפט פון סטודענטן און קורסיסטקעס איז ער געווען דער שאַרפזיניקסטער מיט אַן אומאויסשעפּלעכן קוואַל פון אַנעקדאָטן.

כאָטש אַ דערצויגענער אין דער ספּעציפיש יידישער קליינבירגערלעכער סביבה, איז ער אָבער געווען אַ קעמפער פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט. די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּראָגראַם איז געווען פאַר אים נעענטער, ווייל זי האָט זיך געשטיצט אויף דער פּראָלעטאַריאַט פון שטאָט, וואָס איז געשטאַנען אין אַוואַנגאַרד פון דער אָנקומענדער רעוואָלוציע.

דער ספּעציפיש יידישער רעוואָלוציאָנערער גייסט האָט אים ניט אינטערעסירט, כאָטש די יידישע רעכטלאָזיקייט, האָט ער געוואוסט און געזען, האַלט די יידן אין אַ צושטאַנד פון דערוואַרטונג און פון האָפנונג,

אַז רוסלאַנד וועט אַמאָל ווערן אַ קאָנסטיטוציאָנעלע לאַנד, וואָס וועט געבן גלייכע רעכט אויך צו דער יידישער באַפעלקערונג .ער האָט געהערט וועגן דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער גרופּע — וועגן בונד — ער האָט עס אָבער באַטראַכט ווי אַ שעדלעכע דערשיינונג טאַקע צוליב דער ספּעציפיש אונטערשטראָכענער יידישקייט. געוואוסט אויך וועגן דעם ציוניסטישן סענטימענט וואָס האָט גענומען הערשן און פאַרשפּרייטן זיך איבער די גרעסערע און קלענערע שטעט פון דער יידישער „טשערטאַ״. ער האָט געקוקט אויף דעם ווי אויף אַן האַלב־רעליגיעזן, האַלב־מעסיאַנישן חלום מיט וועלכן די אָרטאָדאָקסישע און קליינבירגערלעכע שיכטן פון פאָלק טראָגן זיך אַרום.

זיין שוועסטער ליזאַ האָט זייער שטאָלצירט מיט אים. פאַר איר, ווי אויך פאַר אַ סך אַנדערע פון איר קלאַס האָט זיך די פאָרמולע פאַר רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט אויסגעדריקט גאַנץ פּשוט: אַראָפּוואַרפן דעם צאַר: די באַקאַנטשאַפט מיט יאַשען האָט ניט אַרויסגערופן באַ איר קיין באַזונדערן אינטערעס. זי איז געוואוינט געווען צו דידאַזיקע בעקאַנטשאַפטן און דערפאָלג פלעגט איר אָנקומען לייכט. יאַשען האָט זי אַפילו ניט פּרובירט צו פאַנגען. זיין באַנעמונג מיט איר איז געווען צו קאָנסערוואַטיוו .צו טרוקן, כמעט אָן עמאָציע. ער איז אָבער געווען שיין, יאַשע, און אין זיין רעזערווירטקייט האָט זי דאָך געזען זיין ווילן צו געווינען זי און דאָס וואָס ער האָט שטודירט אויף דאָקטאָר און איז, ווי עס האָט אויסגעוויזן, געווען רייך, האָט אויך געהאַלטן זי באַלאַנסירט צווישן אים און די איבעריקע.

עס איז אָבער געשען דאָס אומפאַרמיידלעכע. מאַרק איז אַרעסטירט געוואָרן און דורך אַ קורצן און שנעלן פּראָצעס פאַראורטיילט געוואָרן צו פאַרשיקונג קיין סיביר. אָבער אויך יאַשע האָט צו זיין דערשיטערונג געפונען זיין אייגענעם נאָמען אין דעם צעטל פון די סטודענטן, וואָס זענען אויסגעשלאָסן געוואָרן פון אוניווערזיטעט. עס האָט זיך אים קוים געגלויבט, אַז ער, יאַשע סטילינעצער, וואָס איז אייגנטלעך קיינמאָל קיין רעוואָלוציאָנער ניט געווען, זאָל בלויז פאַר דער באַקאַנטשאַפט מיט רעוואָלוציאָנערן ווערן אַזוי שווער און אומגערעכט באַשטראָפט. פון דעם טאָג אָן האָבן אַלע רעוואָלוציאָנערן און די גאַנצע באַוועגונג אָנגעפילט אים מיט פאַראַכטונג און מיט האַס.

אויך ליזאַ איז צוליב מאַרקס אַקטיוויטעטן אויסגעשלאָסן געוואָרן און גלייך נאָך מאַרקס אַוועקגיין מיטן עטאַפּ איז זי אָפּגעפאָרן אַהיים קיין קאַלעניץ. יאַשע איז אָפּגעפאָרן צוזאַמען מיט איר.

אָנגעקומען אַהיים איז ער אין אַ קאַלטן פאַרשנייעטן אָוונט. נחום און שיינדל האָבן ניט געגלייבט זייערע אויגן, ווען זיי האָבן אים דערזען אַרויסקריכן פון דעם פויערשן שליטן. גלייך גענומען פאַרוואַרפן מיט פראַגן. יאַשע האָט זיך אָבער ניט געאיילט צו ענטפערן. ער איז געווען

ערנסט און שווייגנדיק. ערשט, זיצנדיק באַם טיש און טרינקנדיק די הייסע טיי האָט ער גענומען דערציילן וועגן די אַרעסטן און וועגן זיין אייגענער אומשולדיקער שייכות צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

נחום האָט גאָרניט געזאָגט. ער האָט געטרונקען די טיי פון זיין גרויסן גלאָז און געקוקט אויף יאַשען מיט אַ שווערן, אומבאַוועגלעכן בליק. דערנאָך האָט ער זיך פאַרשפאַרט באַ זיך אין צימער (זאַלינסקיס אַמאָליקער קאַבינעט) און איז אַרויסגעקומען שפּעט אין אָוונט צו דער וועטשערע. ער האָט אָבער ווייניק געגעסן. געזעסן אַ שווייגנדיקער און אַ טרויעריקער. ערשט נאָכן עסן האָט ער אַ זאָג געטאָן, אַז ער וועט טאָן אַלעס אין דער וועלט, אַז מ'זאָל יאַשען צוריק אַריינעמען אין אוניווערסיטעט. ער וועט פאָרן מיט אַ בריוו פון זאַלינסקין צו דעם גענעראַל קרושינסקי און אַז דער גענעראַל וועט הייסן, וועט מען צוריקנעמען. אָבער ווען ער האָט געזען, אַז יאַשע שווייגט און ענטפערט גאָרניט, האָט ער אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש און געזאָגט, אַז גענוג . . . ער האָט שוין געטאָן גענוג פאַר אים . . . זאָל ער זיך אַליין אויסקלייבן זיין וועג . . . סיי ווי סיי, זעט ער, איז זיין מי אומזיסט . . .

נחום איז צו זאַלינסקין ניט געפאָרן און ניט גערעדט מער קיין וואָרט צו יאַשען. יאַשע איז אויך אַרומגעגאַנגען אַ שווייגנדיקער. האָט מען גערעדט צו אים, האָט ער געענטפערט; האָט מען ניט גערעדט — האָט ער געשוויגן. פאַרלאָזט זיך קליינע וואַנצעלעך און געהאַלטן אין איין טשיפּן זיי. עס זענען אַוועק וואָכן אין וועלכע ער האָט אַ פּאָר מאָל געשריבן צו ליזאַן.

שיינדל האָט פּרובירט טרייסטן יאַשען, כאָטש איר שענסטער טרוים איז צעבראָכן געוואָרן אויף פּיצלעך. אירע טרייסט ווערטער האָבן אים אָבער דענערווירט און ער האָט זיך געבעטן באַ איר אָפּצולאָזן אים. עס איז אים נימאס געוואָרן דאָס הויז, דער מאַמעס רחמנות, דעם טאַטנס האָס, דער קליינער ניוראַס צושטיין צו אים מיט פראַגן. עס האָט זיך אים געוואָלט אַנטלויפן ערגעץ, פאַרנעמען זיך מיט עפּעס, טון עפּעס אויף זיין אייגענער איניציאַטיווע, עפּעס וואָס זאָל ווידער אַריינברענגען אַ זין אין זיין לעבן.

די בריוו פון ליזאַן זיינען מיטאַמאָל געוואָרן פול מיט בענקשאַפט צו אים. אויך זי, האָט זי געשריבן, פילט זיך ווי אַ פאַרלוירענע אין דעם פוסטן, קליינשטעטלדיקן קרייז אירן, און אַז זי קאָן ניט פאַרגעסן די רייזע אַהיים צוזאַמען מיט אים, זיין אויפמערקזאַמקייט, זיין נאָענטשאַפט . . . די עלטערן אירע . . . — עס אַרט זיי ניט, וואָס זי איז אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון דעם אוניווערסיטעט: פאַרקערט — זיי זענען צופרידן. זיי מיינען אַז ס'איז אַפילו בעסער אַזוי און זיי האָבן שוין פאַרטיקע פּלענער פאַר איר . . . און עס דענערווירט זי זייערע אומענדלעך־

כע געשפּרעכן וועגן . . . הייראַט. נו, ער, יאַשע, וואָלט זי אפשר בע־סער פאַרשטאַנען, ווען . . . אָבער צו וואָס שרייבט זי אים דאָס ? . . . זי שרייבט אים דאָס, ווייל זי איז אַ יונגע פרוי, וועמעס שיקזאַל איז ווילנדיק ניט ווילנדיק, אָפּהענגיק פון די עלטערן. ער, יאַשע ,איז מזלדיקער . . . ער איז אַ מאַן און קאָן שטענדיק נעמען דעם שיקזאַל זיינעם אין די הענט אַריין און באַשליסן ווי אַזוי און ווען צו האַנדלען . . .

אַט דידאָזיקע מין בריוו האָבן געהאַלטן יאַשען אַ געשפּאַנטן אין פאַרלאַנגען, וואָס האָבן זיך געריסן ווי אומרואיקע יונגע פאַרשפּאַרטע פערד. און, איינמאָל, רעדנדיק צו בערלען, האָט ער אים אין דער מינוט פון אָפנהערציקייט פאַרטרויט זיין שטימונג . . . עס איז אים שווער און דער היים . . . ער וויל אַוועק און ווייסט ניט וואוהין . . . ער קאָן ניט און וויל ניט מער זיין בײַ דער מאַמען דאָס „קינד" און בײַ דעם פאָ־טער דער ליידיגייער. ער מוז זען עפּעס טאָן . . .

בערל האָט ניט געוואוסט וואָס פאַר אַן עצה צו געבן אים, פון וואָס אָנצוהייבן אַפילו. וואָס קאָן ער ראַטן אַזאַ מין יונגן מענטשן, אַ סטודענט, אַ דאָקטאָר, כמעט . . . אָבער פון יאַשעס אָפּטע אָנפראַגן וועגן ליזאָס פאָטער, שלום זאַנענשיין פון קאַלינעץ, איז בערלען ענדלעך איינגעפאַלן, אַז דער בחור בענקט נאָך דער בתולה, אַז אפשר פּיקט זיך דאָ אַ שידוך און ער, בערל, דאַרף אפשר ווערן דער שדכן. און דאָס וואָלט טאַקע אפשר געווען אַן עסק, אַז ער, בערל, זאָל ווערן דער שדכן . . . און פאַרוואָס ניט? יאַשע איז שוין טאַקע אַ מאַן, שוין צוויי און צוואַנציק יאָר אַלט; נחום איז אַ ייד אַ גביר; די זאַנענשיינס אין קאַלעניץ זענען אויך גאַנץ פיינע און רייכע מענטשן, ווי ער האָט געהערט וועגן זיי . . . איז טאַקע . . . פאַרוואָס וואַרטן, פאַרוואָס ניט נעמען און אַ שמועס טאָן מיט נחום'ען, נייז, ניט מיט נחום'ען, נאָר מיט שיינדלען צום ערשטן — זאָל זי רעדן מיט נחום'ען. און אַזוי האָט ער געטאָן. ווען נחום איז איינמאָל צוגעפאָרן אין דאָרף אַריין, איז בערל גלייך צוגעטראָטן צום ענין: . . . אַזוי און אַזוי, שיינדל . . . מ'דאַרף יאַשען חתונה מאַכן. ער איז פאַרליבט, ווי עס ווייזט אויס אין שלום זאַנענשיינס מיידל און די מיידל אין אים, ווי עס ווייזט פון דער פּאָטשט, וואָס זיי האַלטן אָן (פון וועמען דען קריגט ער די אַלע שמעקנדיקע בריוו, וואָס ער נעמט אָפּ פאַר יאַשען אין סטילינעץ?) איז וואָס איז דאָ פאַראַן צו וואַרטן? זאָל מען שטעלן אַ חופה און שוין. עס איז געזינטער אויך . . .

שיינדל האָט זיך צוגעהערט און געטראַכט, אַז קיין נייעס איז דאָס פאַר איר אַוודאי ניט און אַ שמועס טאָן מיט נחום'ען שאַדט ניט. און צו לאַנג האָט זי שוין ניט געקאָנט וואַרטן. אין דער זעלבער נאַכט טאַקע, שוין גאַנץ שפּעט, האָט זי גענומען רעדן צו נחום'ען וועגן יאַשען און וועגן דער צוקונפט, וואָס דערוואַרט אים אויף דער אַדאַיע . . . וואָס וועט

טאָקע זיין דער סוף? וואָס פאַר אַ צוקונפט שטייט אים טאַקע פאַר צווישן די פויערים, פערד און בהמות? . . .

אינדערפרי האָט נחום געהאַלטן אַן עצה מיט בערלען. ער איז אפשר גערעכט, בערל. וואָס וועט טאַקע זיין מיט יאַשען? קיין פּאָסעסאָר וועט ער ניט ווערן. ער איז ניט צוגעבונדן צו דער ערד, ער האָט פיינט דאָס דאַרף און ער ווייסט ניט וואָס עס הייסט אַרבעט און זאָרג פאַר פּרנסה . . . גע־וואוסט צו לעבן אויף פּאַרטיקן און וועט מסתמא דאָס גאַנצע לעבן זיינס אַרויסקוקן אויף דעם . . .

האָט בערל צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, געשטאַמלט עפּעס, וואָס האָט געקאַנט הייסן, אַז ער איז איינשטימיק און ניט איינשטימיק. און דער־פריט זיך, ווען נחום האָט אים געזאָגט אַז ער וועט אָנשרייבן אַ בריוו צו שלום זאַנענשיין און אַז בערל וועט זיין דער שליח מיוחד און אויף פּראָסטן לשון דער שדכן. פאַרשטייט זיך, אַז צום ערשטן דאַרף מען אַ טאָפּ טאָן דעם דופק באַם „דאָקטאָר”, אַז עס זאָלן חלילה קיין צרות ניט אַרויסקו־מען פון זייער אַריינמישן זיך אין זיין „פּריוואַטן־לעבן” . . .

בערל האָט געשיינט פון פרייד. און אויף זיין נאַאיוו־דיפּלאָמאַטישן שטייגער האָט ער אין דעם זעלבן טאָג אַ שמועס געטאָן מיט יאַשען: אַזוי און אַזוי . . . ער וויל ווערן אַ שדכן . . . רעדן אַ שידוך דעם זאַנענשיינס מיידל . . . ער האָט שוין אַפילו אַ חתן אינזינען . . . און דער טאַטע, אַזגט, אַז פאַרוואָס ניט, אַז ער בערל קאָן פאַרדינען פון שדכנות אי זפאַר וואָס ניט . . . וואָס דענקט ער, יאַשע, וועגן דעם מיידל . . . ער האָט זי דאָך געקאָנט דאָרט אין אדעס . . .

אין יאַשעס אויגן האָט זיך באַוויזן נחום׳ס קלוגער שמייכל. טאָקע בלויז אַזאַ נאַאיווער מענטש ווי בערל האָט געקאָנט מיינען, אַז ער, יאַשע, וועט ניט פאַרשטיין די גרויסע דיפּלאָמאַטיע בערלס. האָט ער זיך צע־לאַכט. און בערלען האָט דערפרייט יאַשעס לאַך, וועלכן ער האָט אַזוי זעלטן געהערט . . .

מיט אַ פאַר טעג שפּעטער איז בערל אָפּגעפאָרן קיין קאַלינעץ מיט אַ בריוו און ווען ער איז צוריקגעקומען מיט אַ בריוו פון זאַנענשיינען, איז שוין נחום אַליין אָפּגעפאָרן אין שטאָט אַריין. צוריקגעקומען אַ רואיקער און צעפרידענער. אַ זאַג געטאָן יאַשען, אַז זיין . . . ליזאַ, אַ וואוילע, אַ גאַר וואוילע מיידל, האָט אים געלאָזט גריסן. און שיינדלען האָט ער געזאָגט, אַז זי זאָל זיך גרייטן צו דער חתונה.

מיט פיר וואָכן שפּעטער איז אין קאַליעניץ געשטעלט געוואָרן אַ חופּה אָן טומל און אָן רעש, ווי די חתן־כלה האָבן פאַרלאַנגט. נחום און שיינדל מיט בערלען און מיט ניוראַן זענען אַהיים־געפאָרן צו דער אַדאַיע און יאַשע איז פאַרבליבן אין קאַלינעץ באַ דעם שווער און שוויגער. דער

נדן פון ביידע צדדים האָט יאַשע אַריינגעטראָגן אין דער קאָנאָטשייס־טווא.

די אומרוען, וואָס האָבן אַזוי ראַדיקאַל געענדערט דעם וועג פון יאַשעס לעבן און האָבן אין דעם לאַנד גופה געמאַכט דינע אָבער פּאַטאַ־לע שפּאַלטונגען, די אומרוען האָבן זיך ניט איינגעשטילט. אויבנאויף האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די אויסלעשונג איז אַ פולשטענדיקע, אָבער ז'אַ און דאָרט, אין די שטעט און אין די דערפער האָבן זיך אין די שטילע נעכט צעפלאַקערט בונטן. און, אום אָפּצואוועטן דעם רעוואָלוציאָנערן צאָרן פון די פּאָלקס־שיכטן, האָבן די צאַרישע סאַטראַפּן און די „שוואַרץ־מאה" באַנדעס געגרייט די באַפעלקערונג צו פּאָגראָמען.

בערל פלעגט אָפט אַהיים־קומען פון שטאָט אַ בלייכער, אַ דערשראָ־קענער און צעבראָכענער. פלעגט שטאַמלען און וויינען: ס'אַגעפּאַר, אַ גע־פאַר צו וואוינען אָט אַזוי אין מיטן פעלד . . . נחום פלעגט זיך אָבער אויסלאַכן פון אים. אַזוי פיל יאָרן געלעבט בשלום מיט די גוים, וועט מען דאָס איבעריקע ביסל יאָרן אויך אָפּלעבן בשלום.

עס איז אָבער געשען דאָס אונערוואַרטעטע. אין אַ פּאַרוואָלקנטן, פינצטערן אָוונט האָט פון ערגעץ אָפּגעהילכט אַ שאָס און שיינדל איז באַם באַלויכטענעם פענצטער געפאַלן אַ טויטע.

עס האָט ניט געהאָלפן דאָס אַרומלויפן באַנאַכט איבער די פעלדער — קיינער האָט ניט געזען און קיינער האָט ניט געוואוסט פון וואַנען דער שאָס איז געקומען.

נחום איז געבליבן אַ דערשלאָגענער .בערל האָט פּרובירט טרייסטן אים, אָבער געטרייסט מיט טרערן אין די אויגן. זיין גאַנצע זאָרג איז איצ־טער געוואָרן ניורא, וואָרן ווער איז געבליבן אַכטונג צו געבן אויף דער קליינער שטילער און דערשראָקענער ניורא, חוץ אים און חוץ דער אַל־טער גויע מאַרפאַ? . . . די מעכאַטעניסטע האָט אַפילו צוגערעדט נחום'ען, אַז ער זאָל איבערלאָזן די קליינע ניורא באַ איר, נחום האָט אָבער ניט געוואָלט הערן אַפילו וועגן דעם. אַלעס האָט באַדאַרפט זיין אויף דער אַדאָ־יע ווי געווען, ווייל שיינדל, האָט ער געזאָגט, אַפילו אַ טויטע, איז דאָך געווען מיט אים אין יעדן צימער, אין יעדן ווינקל פון הויז.

אין די טעג און וואָכן וואָס זענען געקומען, איז נחום אַרומגעגאַנגען אַ מרה־שחורהדיקער. אַלע האָבן אויסגעמיטן צו באַגעגענען זיך מיט זיין בליק אַפילו. און איינמאָל אין אַן אָנפאַל פון ווילדער נקמה־דורשטיקייט, האָט ער פאַר אַ קלייניקייט צעשלאָגן דעם קוטשער מיכאַי מיט דער בייטש און איז דערנאָך אַרומגעלאָפן איבערן הויף אַ געפייניקטער, אַ ברע־נענדיקער אין חרטה.

מיט אַ פּאָר נעכט שפּעטער, נאָך זיין אָנפאַל אויף מיכאַיען, האָט זיך אויף דער אַדאָיע צעפלאַקערט אַ פייער. אָנגעהויבן האָט זיך עס אין דער שטאַל און צעבושעוועט זיך איבערן הויז. די פויערים פון דאָרף

זענען געקומען צעלויפן מיט געשרייען און געפילדער; די פויערטעס האָבן געיאָמערט און געוויינט; און בערל איז אַרומגעלאָפן אַ דערשראָקענער צום טויט, גערופן די פויערים צו לעשן, ראַטעווען . . . ס'איז אָבער געווען אומזיסט. פאַרטאָג צו איז פון דער אַדאַיע געבליבן קויל און אַש. דאָס אָפגעראַטעוועטע איז געלעגן אויף אַ קופּע און לעבן דער קופּע איז געזעסן בערל האַלטנדיק אויף די הענט די שלאָפנדיקע גיורא.

נחום האָט אַרומגעשפרייזט איבערן הויף מיט אַן אַראָפגעלאָזטן קאָפּ; יעדע ווײַלע געבליבן שטיין און ווידער געגאַנגען; געקוקט אויף די טליענדיקע באַלקנס, אויף די שוואַרצע האַלאָוועשקעס און אויף די פּויערים און פויערטעס, וואָס האָבן זיך געראָיעט אין די פאַרבליבענע ווינקלען געשלעפט צעברענטע און צעסמאַלעטע זאַכן. געטראַכט, וואָס זאַליבסקי וועט זאָגן ווען ער וועט דערהערן וועגן דעם פייער — ער וועט אַליין מסתמא אָנצינדן זיך ווי אַ פייער דער אַלטער פריץ . . .

בערל האָט דערנאָך געטענה'ט אַז מיכאַי האָט עס מסתמא געטאָן, אָבער נחום האָט בלויז אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט און גאָרניט געזאָגט, ערשט דערנאָך, ווען זיי זענען שוין געווען אין שטאָט באַם מחותן אין הויז, ערשט דעמלט האָט נחום אַ זאָג געטאָן, אַז . . . מילא, וואָס איז פאַראַן צו רעדן און איבעררעדן . . . פאַרפאַלן. ס'איז אים דאָס לעבן דאָרט סייווי נמאס געוואָרן. אָן שיינדלען איז דאָס לעבן דאָרט סייווי קיין לעבן ניט געווען. אָפגעברענט . . . אַ שיינע, ריינע כפרה . . .

בערל איז אינגאַנצן געווען אַ צעטומלטער. ער האָט ניט געוואוסט אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער איז. וואוהין זאָל ער איצט גיין? נו, נחום איז צוגעפאָרן צום מחותן . . . (אַז אַך און ווי וואָס נחום סטילינעצער האָט דערלעבט . . . ) אָבער וואוהין זאָל ער, בערל, גיין? ער האָט אויך געהאָט עפעס אַ קרוב אין שטאָט. — נו, איז וויפל קאָן מען דאָרט איינשטיין ביי דעם קרוב? אמת, ער האָט אָפגעשפאָרט אַ ביסל געלט, וועט ער אים צאָלן דעם קרוב, אָבער וואָס וועט זיין דער תכלית, נאָך אַלעמען? אָבער אַז נחום סטיליניצער איז אין גלות, טאָ וואָס מאַכט ער אַ גאַנצן געוואַלט וועגן דעם . . .

איז ער געבליבן בערל באַם קרוב דערווײַלע. פלעגט אַרויסגיין יעדן אינדערפרי אויפן מאַרק; טרעפן זיך מיט סטיליניצער פויערים, רעדן מיט זיי, קויפן אַמאָל אַ בינטל האָלץ און ברענגען עס צעטראָגן דער קרובה אַ מתנה. מיינסטנס אָבער פלעגט ער איבערליגן אין שול און דערציילן דאָרט מעשיות וועגן נחום סטיליניצער און וועגן זיינע אייגענע קינדער, וועלכע זענען אין אַמעריקע אין נעוויאָרק. זיי זענען ברוך־השם רייך און זיי ווילן ניט, אַז זייער טאַטע זאָל אויסגעריסן ווערן ערגעץ אין סטילינעץ, צי ערגעץ אַנדערש וואו . . . און ווען זיי האָבן דערהערט וועגן די אומגליקן, ווי מ'קוילעט יידן, האָבן זיי אָנגעהויבן שיקן בריוו איינעם נאָכן צווייטן. און געשריבן האָבן זיי אים, אַז אין אַמעריקע וואָלט ער זיך

אויסגעלעבט זיינע יאָרן אין גליק און אין נחת. וואָס האָט ער דאָ און וועגן האָט ער דאָ? זאָל ער קומען צו זיי. . .

ס'האָט טאַקע ניט גענומען לאַנג און בערל האָט זיך באַרעכנט: ער איז דאָך ניט מער ווי אַ מענטש . . . וואָס וועט ער זיך וואלגערן דאָ אַליין אויף דער עלטער? און נחום עצה'ט אים אויך אַוועקצופאָרן צו די קינדער. נחום איז דאָך ניט אַבי־ווער . . . נחום איז דאָך אַ חריף, און אַז ער זאָגט גייען — מעג בערל גייען. האָט ער אַוועקגעשריבן צו די קינדער אַ בריוו, אַז . . . זאָל שוין זיין אַזוי ווי זיי זאָגן — ער וועט גיין קיין אַמעריקע.

און ס'איז ניט אַוועק קיין צוויי חדשים, האָט זיך שוין בערל געזעגנט מיט נחום'ען. און טרויעריק איז אים געווען אויף דער נשמה, ווען ער האָט זיך געזעגנט. שטילערהייט אָפּגעווישט אַ טרער און געבעטן שרייבן אַמאָל אַ בריוול. ער אַליין וועט זיכער שרייבן, אָבער זאָל אַמאָל נחום סטיליניצער אָפּדאַנקען בערלען מיט אַ בריוו.

גאָר אינגיכן איז טאַקע אָנגעקומען פון בערלען אַ בריוו און ער האָט געשריבן, אַז ער איז אָנגעקומען בשלום און אַז ער איז צעטומלט און ווייסט ניט אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער איז. און אַמעריקע . . . אוי, אַמעריקע, איז, טאַקע, ווייזט אויס אַן אמתער גהינום . . . און נאָך דעם ערשטן בריוו איז אָנגעקומען אַ צווייטער און דערנאָך אַ דריטער. און ווען נחום האָט ניט געענטפערט ניט אויף דעם צווייטן און ניט אויף דעם דריטן בריוו האָט בערל אויפגעהערט צו שרייבן.

די טעג און וואָכן זענען געגאַנגען פוילע, נודנע און פּרוכטלאָזע. נחום האָט פאַר זיך קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען. ער איז אַ פּאָר מאָל געפאָרן צו דער אַדאַיע, געקוקט אויף דעם אָפּגעברענטן מאַיאָנטיק, גערעדט מיט די פּויערים אין סטילינעץ און ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז אפשר קאָן ער ווידער עפּעס טאָן דאָרט אין דאָרף . . . ס'איז אָבער געווען אַ פּוסטער חלום.

פלעגט ער זיך אַרומדרייען אַ לאַנגווייליקער און אָפּט אַ נערוועזער. פלעגט אַוועקגיין צום מחותן אין זיין מאַנופאַקטור געשעפט און זיצן דאָרטן. עס פלעגן אַריינקומען אַהינצו אַלערליי מענטשן. דער מחותן שלום אַליין פלעגט זיצן באַ דעם קאָנטאָר־טיש און אינגאַנצן פאַרלאָזן זיך אויף זיינע צוויי משרתים. און ער האָט געוואוסט, אַז ער קאָן זיך פאַרלאָזן אויף זיי. אַליין פלעגט ער לייענען דעם „פריינט" און ווען ס'פלעגט זיך צוזאַמענקומען אַ רעדל פון זיינע גוטע־ברידער און גלאַט אַזוי אַריינגייער, פלעגט מען אָנהייבן שמועסן וועגן די טאָג־טעגלעכע געשעענישן. מ'האָט נאָך אַלץ גערעדט וועגן דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה, און וועגן קוראָפּאַטקינען, און וועגן דעם העלדישן יאַפּאַנעזישן גענעראַל טאָגאָ. און וועגן דעם קעשענעווער פּאָגראָם . . . נחום איז צעביסלעך צאָגעוואוינט געוואָרן צום שטאָטישן לעבן און האָט אָנגעהויבן צו פאַרפירן מסחרים

מיט תבואה־הענדלער. און דער מחותן און די מחותנת׳טע האָבן אים אָנגע־הויבן צוצוגרייטן צום געדאַנק, אַז, נאָך אַלעמען, איז ער דאָך נאָך אַיונגערמאַן, אַז ער קאָן נאָך אָנהייבן פירן אַן אייגענע באַלעבאַטישקייט... זיי רעדן אים ניט צו חתונה האָבן, חלילה, דערפאַר, ווייל ער איז זיי צו לאַסט . . . אָבער אַזאַ מענטש ווי ער . . . אַ געזונטער, אַ שיינער . . . ווי לעבט מען אָפּ אַזוי אַליין? פלעגט נחום אויסהערן, קעמען מיט די פינגער די באָרד און שמייכלען: חתונה האָבן . . . הם . . . ניע! . . . ער ווייסט ניט צי ער וואָלט געקאָנט ווידער ווערן אַ בעל־הבית, און וואוינען מיט אַ פרעמדער פרוי, און רופן זי ווייב . . . עס וואָלט געווען פאַלש, ווייזט זיך אים אויס. קיין פרוי וועט ניט קאָנען פאַרנעמען שיינדלס פּלאַץ, און חוץ דעם . . . נחום סטיליניצער קאָן זיך פאַרגינען צו לעבן מיט די זכרונות פון דער פאַרגאַנגענהייט . . . — און דערביי פלעגט ער קלוג שמייכלען אין דער באָרד אַריין.

איין זאַך האָט מען אים יאָ איינגערעדט — ווערן אַ שותּף צו דעם מאַנופאַקטור געשעפט. האָט ער אויסגענומען, אַז ניט נאָר ער אַליין, נאָר טאַקע יאַשע אויך. און אַזוי איז דאָס זאַנעשיין מאַנופאַקטור געשעפט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער מאַנופאַקטור פירמע: „זאַנענשיין, סטיליניצער און זון״.

יאַשע, וועלכער האָט פּלוצים דערפילט אונטער זיך דעם פעסטן באָדן פון אַ פאַרזיכערטן בעל־הבית, איז מיטאַמאָל אַריין אין דער ראָלע און טאַקע געלאָזט זיך הערן אין געשעפט. פלעגט מען דאַרפן פאַרן איינקויפן סחורה, איז שוין שלום אַליין ניט געפאָרן. מיט איב איז שוין מיטגעפאָרן יאַשע, וועלכער האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן אַרויסצורופן צו זיך רעספּעקט פון די אַרומיקע. מ׳האָט אים שוין אָנגעהויבן צו רופן יאַקאָוו נאַאומאָוויטש און עס איז שוין ענג געוואָרן צו וואוינען צוזאַמען מיט דעם שווער און שוויגער. האָט ער געדונגען אַ הויז פאַר זיך און טאַקע פון די שענסטע הייזער אין שטאָט. ער האָט געקויפט שיינע מעבל און אַריינגענומען אַ דינסט. נחום מיט ניוראַן זענען איבערגעגאַנגען וואוינען צו יאַשען. נחום׳ען האָט מען אָפּגעגעבן אַ צימער און אין דעם צימער האָט מען אָוועקגעשטעלט זיין שאַפע מיט קליידער און געוועש.

עס זענען אַוועק אַ פּאָר זומערס און ווינטערס. יאַשע איז שוין געוואָרן אַ מיטגליד אין דעם שטאָט קלוב, וואו ער פלעגט אָפּזיצן נאַכט נאָך נאַכט און שפּילן „באַנטשאָק״ און „אָקאָ״. ליזאַ, ליזאַ סאָלאָמאָנאָוונאַ, איז געוועזן זייער טעטיק אין דראַמאַטישן קרייז בײַ די קריסטן און אַ פּאָר מאָל געשפּילט וויזאַווי דעם דאָקטאָר יערמאָלאָוו. אין שטאָט האָט מען שוין גענומען רעדן אַז . . . זי וועט זיך שוין ניט אַרויסדרייען פון דעם יערמאָלאָוון, ווייל יערמאָלאָוו . . . ער איז דער אמת׳ער דאָן זשואַן . . .

נחום האָט זיך אויך אַריינגעלאָזט אין קאָרטן־שפּיל און פלעגט אָפּזיצן טעג און נעכט בײַם קאָרטן־טישל. עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אַלעס

מוז און וועט שוין גיין אַזוי וואָך נאָך וואָך און יאָר נאָך יאָר. אָבער פון דעם לעבן זייַנעם באַ יאַשען אין הויז האָט נחום קיין נחת ניט געהאַט. ער איז מיטאַמאָל געוואָרן געפאַלן באַ זיך. פון דעם „יידישן פריץ" ווי ער האָט אָפט געטראַכט וועגן זיך, איז ער געוואָרן בלויז אַ שווער, וואָס זיצט באַ דער שנור אויפן האַלדז. וואו איז אַהינגעקומען זייַן היים, זייַן ווייב, זייַנע פויערים און פויערטעס און דאָס פעלד און די בהמות? וואו איז דאָס אַהינגעקומען? ניטאָ מער די פאַרטאָגן מיט דער אויפגייענדיקער זון, ניטאָ מער די פאַרנאַכטן מיטן שמעקנדיקן היי — אַלעס איז פאַר־שוואונדן, ווי אַ חלום . . .

יאַשע איז געווען גוט צו אים, אויף זייַן, יאַשעס שטייגער, ווייניק גערעדט, זעלטן געשמייכלט אָבער נאָך אַלץ מיט דרך ארץ פאַר אים.

אָבער צום ערשטן קלייניקייטן אין הויז און דערנאָך מיטאַמאָל אַן אומדערוואַרטעטע ענטוישונג, האָבן אינגאַנצן אַרויסגעשלאָגן נחום׳ען פון זייַן גלייכגעוויכט. עס האָט איינמאָל פּאַסירט, אַז ער איז אַהיים־געקו־מען אומדערוואַרטעט און געטראָפן אין הויז יערמאָלאָוון. און ער האָט גע־נוג געזען צו פאַרשטיין, אַז באַ ליזאַן מיט יערמאָלאָוון קומט עפּעס פאָר. די פאַרלעגנהייט זייערע, און די צעשויבערטע האָר, און די אומגעלומ־פערטע פּראַזן מיט וועלכע זיי האָבן אים באַגעגנט — דאָס אַלעס איז גע־ווען גענוג פאַר נחום׳ען. פון יענעם אָוונט אָן איז אים דאָס הויז נמאס געוואָרן. און ניט נאָר דאָס הויז, נאָר אויך ליזאַ און אַפילו יאַשע. עס האָט פאַרדראָסן אויף אים, פאַרוואָס ער איז אַזוי פאַרגלייבט אין זיך, אין זייַן אייגענער וויכטיקייט און זיכערקייט, אַז ער זעט מער קיינעם ניט אַרום זיך . . .

ליזאַ פון איר זייט, אַנשטאָט צו פילן זיך שולדיק און פאַרגלעטן און מאַכן צו גאָרנישט דעם אינצידענט, האָט זי גאָר אָנגעהויבן צו ברוגז׳ן זיך אויף נחום׳ען. פלעגט ווערן בייז, ווען זי פלעגט אים הערן אַהיים־קו־מען שפּעט באַנאַכט; פלעגט זיך בייזערן, וואָס ער בייט צו אָפט זייַן וועש; און אַז ס׳האָט זיך געטראָפן איינמאָל און ער האָט איבערגעקערט אַ גלאָז טיי אויפן נייעם טישטוך, איז זי פלוצים אויפגעשפּרונגען, אַ וואָרף גע־טאָן די סאַלפעטקע, אַריין צו זיך אין שלאָפצימער און אַנידערגעוואָרפן זיך אויפן בעט.

נחום איז געווען צו שטאָלץ צו ענטפערן אויף אירע ברוגזע אויס־ברוכן. ער פלעגט בלויז אַ קוק טאָן שטרענג פון אונטער די ברעמען, אַ פיר טאָן מיט דער האַנט איבער דער באָרד און אַרויסגיין פון הויז. אין אַזעלכע טעג פלעגט ער אַהיים־קומען שפּעט, שפּילן אַ גאַנצע נאַכט אין קאָרטן און רויכערן אָן אַ שיעור. יאַשען האָט ער גאָרניט געזאָגט.

יערמאָלאָוו האָט פלוצים אויפגעהערט צו קומען אין הויז אַריין. און ווען יאַשע האָט אָנגעהויבן וואונדערן זיך און שטעלן פראַגן, צי ווייסט זי ניט פאַרוואָס יערמאָלאָוו האָט פלוצים אויפגעהערט צו קומען,

האָט ער ווידער אָנגעהויבן אַריינצוקומען און ער האָט ווידער אָנגע־הויבן ברענגען שאַכטלעך קאָנפעקטן און פּאַריזער פּאַרפיומען און זיי האָבן ווידער רעפּעטירט זייערע ראָלן און ליזאַ האָט ווידער געקוקט אויף יער־מאָלאָוון מיט פאַרליבטע אויגן און באַ יעדער געלעגנהייט געדריקט זיין האַנט.

יאַשע האָט אָנגעהויבן צו ווערן פּעטער, געטראָגן די בעסטע קאָס־טיומען און אַלץ אָפּטער און אָפּטער (אַליין שוין) אָנגעהויבן אַרויסצופאָרן איינקויפן סחורות פאַר דעם געשעפט .שלום האָט אָנגעהויבן קרענקען. אַ ראַק, האָט מען געשמועסט אין שטאָט, האָט ער, כאָטש ער אַליין האָט וועגן דעם ניט געוואוסט. איז יאַשע — יאַקאָוו נאַאומאָוויטש, ווילנדיק ניט ווילנדיק ,געוואָרן דער גאַנצער בעל הבית און די געשעפטן האָבן אָנ־געהויבן צוצונעמען באַ אים אַלץ מער און מער צייט.

נחום האָט פּרובירט פאַראינטערעסירן זיך מיט דער קראָם, עס האָט אים אָבער געאיבלט. עפּעס האָט ער זיך געשעמט צו שטיין הינטער דער סטאָיקע, אויסטענה׳ן זיך מיט די קונים, און איינרעדן זיי, און מעסטן די סחורה, און אויסהאַלטן זייערע פאַרדעכטיקע בליקן, צי מעסט ער ריכ־טיק .אַ פּאָר מאָל געוואָלט פאָרן מיט יאַשען, זען ווי דאָס איינקויפן די סחורה גייט באַ אים, האָט זיך יאַשע אָנגעברוגזט: עס איז ניט פאַר אים, פאַר נחום׳ען, דאָס אַרומפאָרן, אויסגעמוטשעט צו ווערן אין די באַנען, אין די האָטעלן . . . זאָל ער בעסער זיצן אין דער קראָם. נחום האָט געשמייכלט — אַביסל טרויעריק, אַביסל איראָניש און האָט נאָכגעגעבן .

דער בלינדער צופאָל האָט זיך אָבער ווידער אַריינגעמישט. נחום איז איינמאָל ווידער אַהיים־געקומען ניט אין דער ריכטיקער צייט. דאָס מאָל האָט ער מיט כעס אַ זעץ געטאָן מיט דער טיר און איז אַוועק. און ווען ער איז באַנאַכט אַהיים־געקומען, איז יאַשע נאָך ניט געווען אין דער היים. ליזאַ איז שוין געלעגן אין בעט און האָט געלייענט. איז ער אַריינ־געקומען צו איר, אַנידערגעזעצט זיך אויפן בעט און, קוקנדיק איר אין די אויגן, געזאָגט איר גלייך און אָפן, אַז ער איז שוין גענוג אַלט און קלוג צו פאַרשטיין, וואָס צווישן איר און יערמאָלאָוון קומט פאָר. זאָל זי וויסן, אַז ער איז ניט פון די לייט, וואָס האָבן ליב צו מישן זיך אין פרעמ־דע געשעפטן. ער איז אויך ניט קיין אַלטמאָדישער ניט צו פאַרשטיין, אַז עס מאַכט ניט אויס אַ קוש צווישן אַ פאַרהייראַטער פרוי און אַ פרעמדן מאַן . . . ס׳איז אָבער ניט . . . שיין. זי טוט עס דאָך הינטער יאַשעס פּלייצעס . . . זאָל זי זיך אַריינטראַכטן אין זיינע רייד. ער וואָלט זייער ניט געוואָלט אַז יאַשע אַליין זאָל עס אויסגעפינען און . . . .

אָפּגעזאָגט זיינס, איז ער אַרויסגעגאַנגען. אויפן צווייטן טאָג איז יאַשע אַרומגעגאַנגען אַ בייזער, און באַ דער ערשטער געלעגנהייט האָט ער געזאָגט נחום׳ען, אַז ער זאָל זיך ניט מישן אין פרעמדע געשעפטן.

נחום האָט אים גאָר ניט געענטפערט. אַ שפּיי געטאָן און איז ניט אַהיים־געקומען נעכטיקן — געשפּילט אַ גאַנצע נאַכט אין קאָרטן.

פונקט אויף דעם דריטן טאָג נאָך זיין געשפּרעך מיט ליזאָן, האָט ער באַקומען אַ בריוו פון אַמעריקע און דער בריוו איז געווען פון בערלען. און בערל האָט געשריבן, אַז אַמעריקע איז טאַקע, באמת, אַ גאָלדן לאַנד; אַז דאָ קאָנען די יידן אויסלעבן זיך זייערע יאָרן אין נחת און אין פרידן; און אַז ער איז, דאַנקען גאָט, געזונט און די קינדער, די זין זיינע זענען גוט צו אים. זיי זענען רייך. זיי האָבן אַ גרויסן שניידער שאָפּ, וואו מ׳מאַכט מענערישע קליידער און עס אַרבעטן פאַר זיי אַרום צוויי הונדערט אַרבעטער. און וואָס זאָל ער שרייבן, וואָס? ס׳איז אים אַודאי גוט מיט די קינדער, אָבער דאָס האַרץ בענקט אַ היים. ער האָט זיך שוין פאַרבענקט נאָך דעם ריח פון תבואה, פון שטאָל אַפילו; און עס וואָלט זיך אים געוואָלט אַמאָל הערן דאָס הירזשען פון לאָשיקלעך אין פעלד און דאָס מרוקן פון קי; און אַפילו נאָך די לידער פון די שקאָצים און שיקסעס, להבדיל, בענקט זיך אים. און דאַרף ער דען שרייבן, אַז די אמתע בענקשאַפט זיינע איז טאַקע נאָך אים, נאָך נחום סטילינעצער? אוי, ער געדענקט נאָך די יאָרן באַ אים אין הויז — אַזעלכע יאָרן פאַרגעסן זיך ניט, אַפילו, ווען מ׳איז באַ אייגענע קינדער. און פאַרענדיקט האָט בערל דערמיט, אַז ער האָפט, אַז זיי וועלן זיך נאָך אי״ה זען אַמאָל באַ שמחות, צי דאָ אין אַמעריקע, צי אין דער אַלטער היים. אמן.

דער בריוו האָט געטראָפן נחום׳ען אַ פאַרביטערטן און, לייענענדיק אים, האָבן זיינע הענט געציטערט און פאַר די אויגן האָבן געשוועבט בילדער פון דער ניט־ווייטער פאַרגאַנגענהייט. און נחום׳ס אויגן זיינען פייכט געוואָרן פון טרערן. ער איז געזעסן דערנאָך באַם פענצטער און געקוקט אין שטילן פאַרנאַכט אַריין. און ווען ס׳איז געוואָרן גוט פינצטער, איז ער אַרויסגעגאַנגען אין גאַס, געקויפט אַ בויגן פּאַפּיר און אַ קאָנווערט און איז אַהיימגעגאַנגען שרייבן אַן ענטפער צו בערלען. שווער איז אים אָנגעקומען אָנצוהייבן. שוין לאַנג זינט ער האָט געשריבן אַ בריוו. ער האָט אָבער ווי ס׳ניט איז אָנגעהויבן. און אין דעם בריוו האָט ער אויסגעגאָסן זיין ביטער האַרץ מיט ווערטער ווי שטיינער, וואָס פליען פון אַ שטאַרקער האַנט. און אויך ער האָט צום סוף פון זיין בריוו אויסגעדריקט דעם וואונש, אַז זיי זאָלן זיך נאָך זען אַמאָל און . . . ס׳מעג זיין אַפילו אין אַמעריקע. וואָרן, נאָך אַלעמען, וואָס קאָן אים דאָ צובינדן אין דעם פאַסקודנעם רוסלאַנד, חוץ שיינדלס קבר? יאָ, בערל מעג זיך נאָך רעכטן, אַז נחום סטילינעצער וועט נאָך אַמאָל גיין קיין אַמעריקע. נשקשה, נחום איז נאָך נחום. ער וועט נאָך זיינס באַווייזן.

און עס זענען אַוועק בריוו פון נחום׳ען צו בערלען און פון בערלען צו נחום׳ען; און אין נחום׳ן האָט פון טאָג צו טאָג געוואַקסן דער פאַרלאַנג צו פאָרן קיין אַמעריקע. עס האָט אין אים פּלוצים אויפגעברויזט דער פאַר־

לאַנג צו באַווייזן, אַז ער איז נאָך פול מיט אונטערנעמונגס קראַפט, אַז נחום סטילינעצער איז נאָך ניט אויסגעשפּילט, אַז ער קאָן נאָך פאַרקאַטשען די אַרבל און ווידער אַריין אין לעבן, ווי אין די יונגע יאָרן; אַז ער וועט ניט בלייבן זיצן באַם זון ווי אַ פינפטער ראָד און טאָג איין, טאָג אויס זען די ברוגזע בליקן פון דער שנור. נאָך אַלעמען, ער וואָלט דאָך קיין אַמעריקע קיין קבצן ניט געקומען. דער מחותן און יאַשע וואָלטן אים אויסגעצאָלט זיין חלק און ער וואָלט געקאָנט אָנהייבן אויפסניי. דאָס מאַנופאַקטור געשעפט איז איס סיי ווי ניט צום האַרצן. ער וואָלט ניט פאַרפאַלן געוואָרן אין אַמעריקע — ער איז ניט פון די שרעקנדיקע.

און ווען בערל האָט דערזען פון נחום'ס בריוו, אַז ער מיינט עס ערנסט, אַז נחום איז טאַקע אַזוי פאַרביטערט, אַז ס'האָלט אים ניט אָפּ, אַפילו, פון פאַרוואָרפן צו ווערן קיין אַמעריקע, האָט ער אים אָנגעשריבן אַ לאַנגן בריוו און, צווישן אַנדערס האָט ער זיך דערלויבט אָנצורופן אים: טייערער פריינט מיינער, נחום . . . און געשריבן האָט ער, אַז כאָטש ער ווייסט, אַז נחום האָט קיינמאָל ניט געהאַלטן פון אַמעריקע און פאָרן פאָרט ער דאָך מסתמא ניט פאַר וואוילטאָג, דאָך וועט נחום סטילינעצער ניט פאַרפאַלן ווערן מיט אים, מיט בערלען. ער וועט אים זיין דער אמת'ער, געטרייער פריינט ווי ער איז אים געווען אַלע יאָרן. און זאָל ער למען השם פאָדערן פון אים וואָס ער וויל נאָר . . . ער וועט אַלעס טאָן. ווייל די קינדער זיינע, זיי זאָלן לאַנג לעבן, זיי וועלן זיך לעגן אין דער לענג און אין דער ברייט פאַר נחום סטילינעצער.

נחום האָט אָנגעהויבן גרייטן זיך אין וועג אַריין. יאַשע האָט זיך גע'ברוגז'ט, גע'טענה'ט, אַז נחום פאָרט אַוועק, ווייל ער האָט אים מיט ליזאַן פיינט, ווייל ער וויל זיי פאַרשעמען פאַר מענטשן; ווייל ער איז גלאַט אַ שלעכטער און איז אַלע זיינע יאָרן געווען אַ טיראַן, ניט גערעכנט זיך מיט קיינעם נאָר מיט זיך אַליין.

האָט נחום אויף דעם גאָרניט געענטפערט. געוואוסט, אַז אויב ער האָט באַשלאָסן, מוז ער שוין דורכפירן דעם באַשלוס. בלייבן — וועט ווידער אָנגיין דאָס זעלבע לעבן. און ווייל די עלטער האָט נאָך ניט צוגעשלאָגן, קאָן ער נאָך עפּעס אויפטאָן. ער האָט שוין איינגעגעבן אויף אַ פּאַספּאָרט, ער האָט שוין אַלעס צוגעגרייט. פאַרפאַלן — ער פאָרט.

פייגע האָט געוויינט. זי האָט רחמנות געהאַט אויף אים, וואָס ער פאָרט אַוועק. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז ניט דערפאַר פאָרט ער, ווייל עס ווילט זיך אים גלאַט פאָרן קיין אַמעריקע. זי האָט געוואוסט אַז אַסאַך שולדיק אין דעם איז ליזאַ. זי האָט אָבער מורא געהאַט צו רעדן צו איר וועגן דעם. דאָך האָט זי פּרובירט איבעררעדן מיט נחום'ען און דער קראַנקער שלום האָט אויך אַריינגעוואָרפן אַ פאָר ווערטער — זאָל ער זיך נחום באַרעכענען און טאַקע נעמען זייער עצה און געפינען פאַר זיך אַ פרוי און חתונה האָבן און ניט מאַכן זיך נאַריש. נשקשה, עלטערע מענטשן פון אים

האָבן נאָך חתונה.

ס׳איז געווען אומזיסט זייער רעדן. נחום האָט געקראָגן פון דעם מחותן און פון יאַשען זיין חלק אין מזומן, געגאַנגען אַ פּאָר מאָל אויף דעם בית עולם געזעגענען זיך מיט שיינדלען און געגרייט זיך אין וועג אַריין.

שווער איז אים געווען דער געדאַנק, אַז ער דאַרף איבערלאָזן ניו־ראַן. אין די עטלעכע יאָר אין שטאָט איז זי אין איר צוועלף־יעריקער אומשולד געוואָרן הויך, אַנטוויקלט און שיין. זי איז געווען אַ שטילע, אַ פאַרטראַכטע, אָבער אין איר שטילקייט האָט געשוועבט אַ קלוגשאַפט, וואָס האָט זיך ווי בײַ נחום׳ען באַהאַלטן אין די אויגן און אין שמייכל. זי האָט ליב געהאַט נחום׳ען מיט אַ מין באַהאַלטענער צאַרטקייט און אינטו־איטיוו געפילט און פאַרשטאַנען, אַז דאָס לעבן זיינס בײַ יאַשען און בײַ ליזאַן איז אים ניט צום האַרצן. אָבער ווען נחום האָט זי איינמאָל געפרעגט צי עס אַרט זי ניט, וואָס ער גרייט זיך אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע, האָט זי אַרומגעכאַפּט זיין האַלדז מיט אירע הענט, צוגעטוליעט זיך צו אים און האָט זיך שטיל צעוויינט.

זי איז געוואָרן צוגעגרייט צום געדאַנק, אַז זי פאַרבלייבט מיט יאַ־שען און ליזאַן, אַז זי מוז פאַרזעצן דאָס לערנען אין דער גימנאַזיע און אויך איר שפּילן אויף דער פּיאַנאָ, און דערנאָך, ווען זי וועט ענדיקן די גימנאַזיע, וועט זי זיך דורכפאָרן קיין אַמעריקע און ווער ווייסט, אפשר וועט זי נאָך הייראַטן אַ מיליאָנער — —

ס׳איז געקומען דער טאָג ,ווען נחום האָט זיך געזעגנט מיט די מחו־תנים, מיט זיינע פריינט און בעקאַנטע, מיט יאַשען און מיט ליזאַן . . . די לעצטע האָט ער אַרומגענומען ניוראַן, צוגעדריקט זי שטאַרק צו זיך און איינגערוימט איר מיט טרערן אין די אויגן: זיי אַ גוטע מיידעלע ניוראָטש־קאַ . . . איך זאָג דיר צו, אַז דו וועסט נאָך זיין מיט מיר אין אַמעריקע — פאַרגעס מיך ניט . . .

די יאָרן אין קאַלינעץ זיינען געגאַנגען שטיל און רואיק. די רואי־קייט פלעגט אָבער אָפט אויפגעשטורמט ווערן פון די ספּעציפישע קליינ־שטעטלדיקע קליינלעכע אינטערעסן, וואָס האָבן אויסגעוויזן גרויס און וויכטיק. אויך יאַשע — יאַקאָוו נאַאומאָוויטש האָט געהאַט זיינע קאַמפן, זיינע נידערלאַגעס און זיגן אין דער ספערע פון קאַלינעצער געזעלשאַפט־לעכער טעטיקייט. אַזוי איז ער דערווײַלט געוואָרן דער ,,פּאָפּעטשיטעל״ פון דער ,,באָגאַדעלני״ — מושב זקנים און אַזוי איז ער דורכגעפאַלן, ווען מ׳האָט אים איינגערעדט, אַז ער איז דער פּאַסענדסטער מענטש צו ווערן דער ,,קאַזיאָנער ראַבינער״ פון קאַלינעץ. עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס לעבן אין קאַלינעץ וועט אַזוי אַנגיין פון אייביק אויף אייביק —

פון נחום׳ען פלעגן זעלטן אָנקומען בריוו. און ווען אַ בריוו פלעגט אָנקומען ,איז דאָס געווען אַ יידישער בריוו צו פייגען. און פייגע פלעגט

שוין אַריבערקומען און לייענען דעם בריוו פֿאַר יאַשען און פֿאַר ליזען. יאַשע פֿלעגט אויסהערן, אַ זאָג טאָן עפּעס אין זיך און גלייך אַנשוויגן ווערן. געטראַכט האָט ער אָבער וועגן נחום׳ען נאָך מיט מער דרך ארץ ווי פֿריער. דער אַלטער דעמב — האָט ער איינמאָל אַ זאָג געטאָן צו ליזען, קומט פֿון אַ גוטן וואַלד. די בריוו האָבן אָבער אָנגעהויבן צו קומען זעלטענער און ווען עס האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט מלחמה, האָבן אײַנגעאַנצן אויפֿגעהערט אָנצוקומען בריוו.

דאָס לעבן אין קאַלעניץ איז מיט אַמאָל אָנגעפֿילט געוואָרן מיט אומדערוואַרטעטע געשעענישן, אויפֿגאַבעס און פֿליכטן. יאַשעס מאַנופֿאַקטור געשעפֿט האָט גענומען וואַקסן. דער שווער, שלום זאָנענשיין, איז שוין פֿון לאַנג געשטאָרבן און פֿייגע האָט ניט געוואוסט ווי אַזוי און וואו צו מישן זיך, אַזוי אַז דאָס געשעפֿט איז איבערגעגאַנגען אין זיין רשות אינגאַנצן. די מלחמה האָט אים רייך געמאַכט. די מיליטער אָפּטיילונגען, וואָס, אָט זיינען זיי געווען און אָט זיינען זיי אַוועק, האָבן געהאַלטן קאַליבעץ אין אַ שטענדיקן אויפֿגערודערטן און ברויזנדן געמיט.

יאַשאַ פֿלעגט לייענען די „אָדעסקיע נאָוואָסטי” און מיט אַ שטילן רואיקן געמיט דיסקוטירן און דערקלערן צו די אָפּטע אַריינגייער אין זיין געשעפֿט, די אָפּעראַציעס פֿון די שטאַבן, סיי פֿון די רוסישע און סיי פֿון די דייטשישע. ליזאַ, אַ צעוואַקסענע אַביסל, אָבער נאָך אַלץ אַ לעבעדיקע און ענערגישע, האָט געשפּילט די הויפּט ראָלן אין דאָקטאָר יערמאָלאָווס דראַמאַטישן קרייז. אָבער איצט זענען צווישן פּובליקום געווען אָפּיצערן און אַמאָל אַ פּאָלקאָווניק, און איינמאָל אַ גענעראַל אַפֿילו. דאָס לעבן האָט געשלאָגן אין איר מיט פֿולן פּולס. און ס׳האָט זי ניט געאַרט און זי האָט ניט באַמערקט אַפֿילו ווי די אונטערגעוואַקסענע, גוט ענטוויקלטע, איצט די אַכצן־יעריקע ניוראַ, האָט פּלוצים און מיטאַמאָל אָנגעהויבן שפּילן אַ ראָל אין דראַמאַטישן קרייז. אַלע האָבן אָנגעהויבן צו באַמערקן זי און באַוואונדערן איר שפּילן, אַפֿילו אין די קלענערע, ניט וויכטיקע ראָלן. אין איר שטאַלצער רואיקייט פֿלעגט זי אָבער אין אירע ראָלן פֿאַרוואַנדלט ווערן אין אַ טעמפּעראַמענטפֿולער אַקטריסע. איר שטים האָט ווי געלאַשטשעט מיט מינאָרנע טענער און אָפֿט מיט עקסטאַז דערהויבן זיך צו מאַזשאָרנער קראַפֿט. איר דערפֿאָלג איז געוואַקסן און מיט איר דערפֿאָלג אויך די אייפֿערזוכט פֿון די שוישפּילערנס אין דעם קרייז. און אָפֿט אונטערהערנדיק געשפּרעכן וועגן זיך, פֿלעגן אירע אויגן אַ שיין טאָן מיט טונקעלע פֿונקען און אירע פֿולע ליפּן האָבן געשמייכלט געהיימניספֿול — די געהיימניס פֿון אַ דערוואַכטער יונגער פֿרוי, וואָס ווייסט, אַז זי קומט אין לעבן אַריין מיט אירע פֿאַרבאָרגענע פֿייערן.

זי האָט אָנגעהויבן פֿילן אויף זיך די אָפֿטע בליקן פֿון מענער. בליקן וואָס האָבן אַרומגענומען און געלאַשטשעט, און בליקן וואָס האָבן באַאומרואיקט און געבראַכט אין פֿאַרלעגנהייט. זי האָט אָנגעהויבן צו

פילן אויף זיך אויך יערמאָלאָווס אָפּטע בליקן. און איינמאָל, ווען ער האָט באַ אַ רעפּעטיציע מיט דער געניטקייט פון אַ דאָן־זשואַן פּראָבירט רע־זשיסירן איר ראָל און דערביי אַרומגענומען זי מיט זיינע הייסע, שטאַר־קע הענט און צוגעדריקט זי צו זיך, שוין צו נאָענט צו זיך, האָט זי אַ קוק געטאָן אויף אים מיט פאַרשאַרפטער קאַלטער רואיקייט און יערמאָלאָוו האָט פאַרשטאַנען איר בליק. ער האָט אָבער ניט אויפגעגעבן — ניט גע־גלייבט אין דער אויפריכטיקייט פון פרויען, יונג, צי אַלט, — האָט זי שוין דאָס צווייטע מאָל, ווען ער האָט ווידער אַרומגענומען זי, אַ זאָג געטאָן שטיל, אָבער עמפאַטיש, אַז ס'איז שוין באַ אים קיין ספק ניט געבליבן:

— הער יערמאָלאָוו, איך בעט אייך צו רעזשיסירן ניט מיט די הענט

— איר האָט אַ מויל.

איז ער געבליבן שטיין אויף אַ ווײַלע ווי אַ פאַרוואונדערטער און באַ־ליידיקטער, (גוט געוואוסט ווי צו שפּילן די ראָל) אין זיין דערפאַרונג האָט ער אָבער אויך געוואוסט ווי אַזוי צו פאַרוואַנדלען אַ נידערלאַגע אַפילו אין אַ שפּאַס, אַ שפּאַס וואָס זאָל ראַטעווען די סיטואַציע, — האָט ער גע־ענטפערט:

— ניט מיט הענט, ניורא... מיטן מויל? עס וועט זיין אַ פאַרגעניגן — איר האָט אַזעלכע פולע, ליידנשאַפטלעכע ליפּן... עס ליגט אויף זיי אַ זיסער סם מיט וועלכן איך וואָלט זיך גערן פאַרסם'ט...

אָבער פון דעמלט אָן האָט ער זי ניט אָנגערירט. געקוקט האָט ער אָבער אויף איר נאָך מיט מער באַגער ווי פריער.

די מלחמה יאָרן האָבן געשוימט מיט שוואַרצער און רויטער שוים איבער געדיכטן רויך און פלאַם, אונטער ברומענדיקער קאַנאָנאַדע, אונ־טער דעם אומאויפהערלעכן טאַראַטאַטקען פון אָבאָזן, וואָס האָבן אין די נעכט געשלעפּט דעם געדאַנק צו מורא... איבערן לאַנד האָבן זיך ווי מיט שוואַרצע פאַכנדיקע פליגל געטראָגן בשורות וועגן אַ נייער אָנקומענדיקער רעוואָלוציע, אַ רעוואָלוציע, וואָס רייסט זיך אין די טירן פון סאַמע צאַ־רישן פּאַלאַץ, וואו עס הערשט מיט דער מאַכט פון אָבערגלויבן דער אויס־וואורף ראַספּוטין. און ווען די מעשים פון ראַספּוטינען האָבן ענדלעך גע־פירט צו זיין מאָרד האָבן זיך אין די העכערע און אין די נידעריקע שיכטן פון לאַנד געעפנט שליוזן, דורך וועלכע עס האָבן אַ שלאָג געטאָן רע־וואָלוציאָנערע שטראָמען.

קאַלינעץ איז געשטאַנען אין דער זייט פון דידאַזיקע שטראָמען, אָבער אין איינעם אַ פרימאָרגן האָט אויך קאַלינעץ דערהערט די אומ־גלויבלעכע און איבעראַשנדע בשורה, אַז דער צאַר ניקאָלאַי איז אַראָפּגע־זעצט געוואָרן פון טראָן און אַז די דערלייזונג טראָגט זיך שוין איבערן לאַנד מיט דער נייער קומענדיקער קאָנסטיטוציע, געפירט פון קערענ־סקין...

יאַשע — יאַקאָוו נאַאומאָוויטש האָט די בשורה פון דער בלוטלאָזער רעוואָלוציע אויפגענומען מיט אומצוטרוי. דער געדאַנק וועגן קומענ־דיקע רעפּרעסיעס האָט געהאַלטן אין איין וואָרענען — קיין גוטס קאָן פון דעם ניט אַרויסקומען. ער האָט אויפגעהערט צו רעדן, ער האָט אויפגע־הערט צו שמועסן און דיסקוטירן — ער האָט מורא געהאַט, אַז אַפילו איין וואָרט פון זיין מויל זאָל האָבן אַ שייכות צו דער איבערקערעניש.

די געשעענישן זיינען געגאַנגען און געביטן זיך שנעל. די צייטונג „אָדעסקיע נאָוואָסטי" האָט יעדן טאָג געבראַכט נייע, מער ענטוויקלטע און מער פאַרפלאָנטערטע געשעענישן. ער האָט ניט אַרויסגעלאָזט די צײ־טונג פון די הענט און אינגאַנצן אַ צעטומלטער און צעמישטער געוואָרט אויף עפּעס, וואָס האָט געמוזט קומען — געמוזט. עס זענען אָבער אַוועק טעג און וואָכן. דער צאַר ניקאָלאַי איז ניט אַרויף צוריק אויף דעם טראָן און די מלחמה איז אָנגעגאַנגען, אַפילו ווען מ'האָט שוין גערערט פון שלום . . .

אויפן דריטן חודש נאָך דער איבערקערעניש איז פּלוצים אָנגעקו־מען מאַרק. כאָטש פייגע און ליזאַ איבערהויפּט האָבן זיך גערעכט אויף זיין באַפרייאונג, אויף דער באַפרייאונג וואָס די רעוואָלוציע האָט גע־בראַכט צו אַלע פּאָליטישע אַרעסטירטע און פאַרשיקטע, האָבן זיי דאָך ניט געקאָנט פאַרשטעלן זיך, אַז דאָס וועט טאַקע געשען, אַז ער וועט טאַקע אַהיים־קומען פון יענעם ווייטן, וויסטן סיביר, איבערהויפּט, אַז שוין צוויי יאָר כמעט, אַז זיי האָבן פון אים גאָרניט געהערט.

ווען יאַשע האָט אים דערזען אַריינקומען, האָט ער אַווײלע ניט געגלייבט זיינע אויגן — ער האָט אויסגעקוקט ווי אַ שלעפּער. אָבער מאַרקס האָר און דער שמייכל אין די אויגן האָבן אים גלייך צוריקגעבראַכט צו דעם אַמאָליקן געשטאַלט — צו דעם אַמאָליקן מאַרק. און אין יאַקאָוו נאַאומאָוויטשן האָט פּלוצים אויפגעלויכטן אַ געדאַנק: מאַרק איז געקומען פּונקט אין דער ריכטיקער צייט. אַזאַ מענטש ווי מאַרק, דער רעוואָלוציאָ־נער און מאַרטירער, — יאַקאָוו נאַאומאָוויטשעס שוואָגער, וועט זיין דער אמת'ער בעל מליץ, אין דערדאָזיקער כאַאָטישער, רעוואָלוציאָנערער, און געפערלעכער צייט. ליזאַ האָט מיט פריידיקע געשרייען געוואָרפן זיך אויף מאַרקן, געטאַפּט אים, און געקושט אים און צוגעשטאַנען מיט אַ צאָל פראַגן. בלויז ניוראַ איז געשטאַנען אין אַ זייט און געשמייכלט. זי האָט קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט. — אָט דאָס איז מאַרק, — האָט זי גע־טראַכט. — דער רעוואָלוציאָנער . . . פון סיביר . . . פון קליינערהייט האָט זי געהערט דעם נאָמען מאַרק; און ער איז אויסגעוואַקסן אין אירע אויגן, ווי אַ לעגנדאַרישער העלד. דערנאָך, ווען זי איז עלטער געוואָרן, פלעגט זי אויסזוכן זיינע בריוו, וואָס פלעגן אָנקומען צו ליזאַן ווי פּלוצימדיקע ווייס־שנייאיקע טויבן, און זי פלעגט זיי לייענען מיט פאַרכאַפּנדן אינטערעס. איצט איז ער געשטאַנען פאַר איר אין צימער אַ לעבעדיקער, געקוקט אויף

איר און געשמייכלט.

— און ווער איז דאָס? — האָט ער געפרעגט, אויף יידיש, אָנווייזנ־דיק אויף איר.

— אָה! דו ווייסט דאָך ניט! — האָט ליזאַ אויסגעשריגן. — דאָס איז ניוראַ, יאַשעס שוועסטער. „אַ קראַסאַוויצע, האַ?

— נשקשה . . . — האָט ער געשמייכלט און אויסגעשטרעקט די האַנט צו איר.

— יאַשע האָט געקוקט אויף מאַרקן, ניט ווויסנדיק ווי צו רעאַגירן אויף זיין פּלוצימדיקן רעדן אויף יידיש: וואָס איז דאָס, אַ „טשודאַטשעס־טוואָ" אַזאַ, צי . . .—ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו טראַכטן. קיינמאָל ניט געהערט מאַרקן אויסריידן אַ וואָרט אין יידיש און פּלוצים — ווי אַן אמתער ייד . . .

אין דעמזעלבן אָוונט זענען זיי אַלע געזעסן באַם טיש אין פייגעס הויז, וואָס זי האָט די גאַנצע צייט אָנגעהאַלטן, ניט ווילנדיק אַריבערגיין וואוינען צו ליזאַן אַפילו נאָך שלום׳ס טויט. מ׳האָט געטרונקען טיי און צוגעהערט זיך צו מאַרקס מייסעס וועגן זיין לעבן און זיינע איבערלעבונ־גען אין סיביר, וועלכע זייען פאַר אים געוואָרן אַזוי־טאָג־טעגלעך פּשוט, אָבער פאַר זיי, פאַר ליזאַן מיט יאַשען, פאַר פייגען און אויך פאַר ניוראַן — פול מיט עמאָציאָנעלן אינטערעס: דאָס שלעפּן זיך מיט די עטאַפּן פון טורמע צו טורמע, די אומרחמנותדיקע קעלט, דער הונגער, דער אומעט, די אכזריותדיקע באַהאַנדלונג . . .—אַ סך דערציילט וועגן דעם, אָבער ניט וועגן זיינע שטימונגען, וועגן זיין מענטאַלן און גייסטיקן צושטאַנד, וועגן זיין אָפּטער האָפנונגסלאָזער פאַרצווייפלונג און אויך וועגן דעם גלויבן, וואָס פלעגט אויפשיינען מיט יעדער בשורה פון וויטן אויפּווא־כנדן ר׳סלאַנד.

שפּעט באַנאַכט אָבער, ליגנדיק שוין אין בעט, האָט ער געטראַכט און דערמאָנט זיך וועגן דעם איבערגעלעבטן. דערמאָנט זיך אָן זיינע באַ־געגעענישן אין די טורמעס און אין סיביר מיט קאַמפס־חברים, מיט פאַרשטיי־ער פון באַזונדערע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען און פון באַזונדערע פראַקציעס אַפילו; דערמאָנט זיך אָן די אומפאַרגעסלעכע דעבאַטעס וועגן פּראָגראַמען, וועגן פּראָפּאַגאַנדע און איבערהויפּט וועגן רעוואָלוציאָנערע קאַמפס־מע־טאָדן. אָבער אַ באַזונדערן, אומפאַרגעסלעכן קאַפּיטל אין זיין לעבן אין סיביר האָט פאַרנומען פראַדקין. פראַדקין, דער יידישער בחור פון פוילן, מיט וועמען עס איז אים אויסגעקומען צו טיילן גאַנצע צען יאָר פון זיין לעבן אין סיביר. פראַדקין איז געווען גוט באַקאַנט מיט די פּאָליטישע און סאָציאַלע שטרעמונגען אין רוסלאַנד און איבערהויפּט מיט די רעוואָלוציאָ־נערע שטימונגען אין פוילן, באַזונדערס אין די שיכטן פון יידישן אַרבע־טער קלאַס און פון זיין פּאַרטיי — דעם בונד. צוליב אים און צוליב די לאַ... לאַנגווייליקע נעכט האָט זיך מאַרק באַקאַנט מיט דער פולער פראַ־

גראַ... פון די בונדיסטן און אין דערזעלבער צייט האָט אים פּראַדקין גע־עפנ... די אויגן אויף דער מינאָריטעטן פּראָבלעם, מיט וועלכער ער האָט זיך אין זיין פּאַרטיי אַרבעט אין אדעס ווייניק אינטערעסירט. איבערהויפּט און ...עציפיש האָט פּראַדקין געהאַלטן אין איין דיסקוטירן די יידישע פּראָ...עם, אָדער די „יידישע פּראַגע", ווי זיי האָבן זיך אויסגעדריקט אין ו... ...יש, די פּראָבלעם וועלכע איז געווען אַזוי שווער צו לייזן צוליב די ספּעצי...פיש יידישע רעליגיעזע, עקאָנאָמישע, נאַציאָנאַלע און גייסטיקע אַטרי...וטן. פּראַדקין איז געווען אַ פּאַנאַטישער יידישיסט און האָט זיך געשטעלט פּאַר אַ ציל, אַז דער יידישער כמעט אַסימילירטער סטודענט און רעוואָלוציאָנער מאַרק זאָל ווערן אַ ייד מיט אַלע אַטריבוטן, וואָס די מאָדערנע יידישקייט האָט געפאָדערט. האָט מאַרק צום ערשטן נאָכגעגעבן מיט אַ שמייכל צו פּראַדקינס פּאַרלאַנג צו רעדן בלויז יידיש, דערנאָך אָבער, ווען פּראַדקין האָט גענומען לערנען אים שרייבן און לייענען יידיש און האָט אים, אויף ווי ווייט ס'איז מעגלעך געווען, אַריינגעפירט אין דער יידישער געשיכטע און ליטעראַטור, איז מאַרק פּאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם ביז איצט אומבאַקאַנטן פּאַר אים געשיכטלעכן, נאַציאָנאַלן און קולטורעלן יידישן לעבן און ער האָט זיך אַליין פּלוצים דערזען אין אַ גאַר אַנדערן ליכט און די קומענדיקע סאָציאַלע רעוואָלוציע אין וועלכער ער האָט גע־גלייבט, האָט באַקומען אַ נייעם און ספּעציפישן אָנזאָג פּאַר אים. ניין, ער האָט ניט אויפגעגעבן דעם גלויבן אין די גראַנדיעזע צילן פון דער סאָציאַ־לער רעוואָלוציע, וואָס האָט מיט דער צייט באַדאַרפט באַפרייען די אַרבע־טער פון אַלע לענדער און די מענטשהייט פון דער גאַנצער וועלט; ער האָט אָבער קלאָרער דערזען פּאַרזיך די אויטאָנאָמישע פּעדעראַציעס פון גרוי־סע און קלענערע פעלקער און צווישן די פעלקער אויך דאָס באַפרייטע יידישע פאָלק מיט זיין אייגענער קולטור, מיט זיין אייגענעם אינהאַלט.

•

די פרילינג טעג זענען געווען קלאָרע, מילדע, שמעקנדיקע. די נעכט שטילע, לבנהדיקע. די צייטונגען האָבן געבראַכט יעדן טאָג נייע דערשטוינענדע נייעסן. און די ווייטע פּאַסירונגען האָבן גערופן, געלאָקט. מאַרק האָט אָבער באַשלאָסן, אַז דריי, פיר וואָכן אַמווייניקסטנס, מוז ער זיך אָפּרוען און אָננעמען זיך מיט כח, מיט ענערגיע, איידער ער פּאָרט אַוועק.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער, האָט זיך יאַשע פּאַרשפּאַרט מיט מאַרקן אין קאַבינעט און מעשה גוטער ברודער, באַ אַ גלעזל טיי, פּאַרפירט מיט אים אַ געשפּרעך, דערמאָנענדיק יענע יאָרן אין אדעס און דערביי האָט ער אים אַ זאָג געטאָן:

— איך הער אַז דו קלייבסט זיך ווידער אַוועקצופאָרן. וואוהין און צו וואָס?

— אַהין וואו אַרבעט וואַרט אויף מיר. — האָט מאַרק געענטפערט.

— האָסט שוין אָפּגעגעבן אַ האַלב פון דיין לעבן פאַר דער דאָזיקער

אַרבעט. דענקסטו ניט, אַז אַפילו דאָ אין קאַלינעץ וואָלט געווען גענוג אַרבעט פאַר דיר.

— איך צווייפל ניט אין דעם. אָבער צו אַן אָדלער זענען געגעבן געוואָרן פליגל צו פליען. — האָט מאַרק געענטפערט האַלב־ערנסט, האַלב שפּאַסיק. — אַ וואָראָבייטשיק פליט, אַ קאַנאַריק פליט און אַן אָדלער פליט... איך בין אַן אָדלער און דאָס שטייגל דאָ אין קאַלינעץ איז צו קליין פאַר מיר. איך מיין ניט, פאַרשטייט זיך, די מענטשן דאָ . . . כ'האָב ליב מענטשן. איך מיין די אַרבעט דאָ — זי איז צו קליין פאַר מיין אַפּעטיט.

— זע, זאָלסט ניט פאַרפליען צו ווייט מיט דיינע אָדלערישע פליגל.
— האָט יאַשע געמאַכט אַן ערנסטן פּנים.

— ווי ווייט איך זאָל ניט פליען, וועט ניט זיין צו ווייט. אַזוי ווייט ווי מיין געדאַנק פליט, וועל איך ניט פאַרפליען.

ווען יאַשע האָט אָבער פּרובירט אַנצוהייבן מיט אים אַ דיסקוסיע וועגן די לויפנדיקע געשעענישן אין לאַנד, האָט מאַרק מיט אַמאָל איבערגעריסן דעם געשפּרעך. ער האָט ניט געפונען פאַר נייטיק צו דיסקוטירן מיט יאַשען די פּאָליטישע און סאָציאַלע פּראָבלעמען פון לאַנד. יאַשע איז, אין אַלגעמיין, געווען פרעמד צו זיין גייסט און אָפּט אַפילו אָפּשטויסנד. אַפילו זיין אויסזען און האַלטונג האָבן געמאַכט אויף אים אַן אומאַנגענעם איינדרוק, ער האָט פיינט געהאַט דעם מין מענטשן, וואָס קאָנצענטרירן דאָס גאַנצע לעבן זייערס אין איין און איינציקן עגאָאיסטישן ווינקל.

דערפאַר האָט אים אָבער ניורא באַצויבערט מיט איר שמייכל, מיט איר פּשוטער, אָבער ווירדיקער האַלטונג און מיט איר שפּילן אויף דער פּיאַנאָ. אין די סיבירער יאָרן האָט ער כמעט ניט באַגעגנט קיין פרויען, פרויען פון איר קלאַס, פון איר אינטעליגענץ און פרויעשן צויבער. ער האָט געקאָנט בלויז רעדן און טרוימען וועגן זיי אין די ווייסע, פּראָסטיקע, קאַלטע נעכט, אין די טונקעלע ווינקלען אונטער דעם ליכט און טשאַד פון דעם קעראָסין־לעמפּל. און מוזיק . . . אַזאַ מוזיק האָט ער דאָך אַזוי לאַנג ניט געהערט . . . און דאָ ווידער דערהערט די מעלאָדיעס פון שאָפּען, פון טשאַיקאָווסקי, פון מענדעלסאָן . . .

אויך ניוראַס טעג און נעכט האָבן זיך אָנגעפילט מיט אינטערעס זינט מאַרק איז געקומען. ער איז געווען דער ערשטער מאַן, וואָס האָט מיט זיין אינהאַלט, מיט זיין אידעאַליזם אָנגערירט איר מיידליש האַרץ, אָנגערירט עס מיט דרייסטע אָפענע רייד וועגן לעבן; זי האָט געוואוסט, אַז ער איז מיט פופצן יאָר כמעט עלטער פון איר, דאָס האָט אָבער נאָך מער אימפּאָנירט צו איר. זי האָט זיך אין זיין אָנוועזנהייט דערפילט עלטער, רייפער, דרייסטער און קליגער.

שפּילנדיק איינמאָל פאַר אים, האָט זי דערהערט ווי ער זאָגט:

— איך וועל בענקען נאָך אייער שפּילן ניוראַ.

— איר פאָרט דען אַוועק? — האָט זי געפרעגט, כאָטש זי האָט גוט

געוואוסט, אַז ער קלייבט זיך שוין אַוועקפאָרן.

— יאָ. גאָר אינגיכן. — האָט ער געענטפערט.

— וואוהין?

— קיין מאָסקווע.

— אויף לאַנג?

— אויף אַזוי לאַנג אויף וויפל עס וועט נייטיק זיין.

— וואָס וועט נייטיק זיין?

— מיין אַרבעט און אויך מיין לעבן.

— איך וועל אויך בענקען נאָך אייך, מאַרק.

— דאָס איז גוט. די זאַכן נאָך וועלכע מיר בענקען — ווילן מיר.

זי האָט ניט געענטפערט. געקוקט אין זיינע אויגן, וועלכע זי האָט געזען קעגנאיבער אין שפיגל. געקוקט און אויסגעהאַלטן זיין בליק און אין דער צעזאַמענגיסונג פון די בליקן, צעזאַמענגעגאָסן זיך מיט אים אויך אין געדאַנק. אין עפּעס אַ גאַנטשאַפט, אין עפּעס אַ וואַרעמקייט, וואָס איז געווען ווי פאַרוויקלט אין אַ נעפּל.

— איך וועל זיך אַפילו אָן עפּעס מודה זיין. — האָט ער אַ זאָג געטאָן. —

— אין וואָס? — האָט זי געפרעגט מיט אינערלעכער נייגעריקייט.

— איך האָב געטראַכט, אַז ווען איך וואָלט געהאַט אַ באַשטימטן וועג, כ'מיין אַ קאָנקרעטן, זיכערן וועג, וואָלט איך אייך מיטגענומען מיט זיך . . . כ'מיין צו זאָגן . . . כ'האָב פאַנטאַזירט . . .

— ווען איך פאַנטאַזיר, רעד איך ניט. — האָט זי געזאָגט. — אָבער ערשטן פאַנטאַזיעס, ביז זיי ווערן פאַרווירקלעכט. אָבער אָן פאַנטאַזיעס, סיבירישע לעבן אויך געווען ווי אַ פאַנטאַזיע און דאָך איז דאָס געווען אַ ווירקלעכקייט. איך האָב ליב צו פאַנטאַזירן און איך גלייב, אַז דורך פאַנטאַזיעס קומען מיר צו אונזערע . . . צילן.

— איר זענט גערעכט, ניוראַ — אַלע גרויסע אידייען זענען צום ערשטן פאַנטאַזיעס, ביז זיי ווערן פאַרווירקלעכט. אָבער אָן פאַנטאַזיעס, לאָמיר אייך זאָגן: אונטער נאָרמאַלע אומשטענדן וואָלט מיך דערדאָזיקער טרויב ניט אָפּגעשראָקן. פּערזענלעך קאָן איך לעבן און אַרבעטן אונטער אַלע אומשטענדן, — איר אָבער . . . עס וואָלט געווען אַ פאַרברעכן אַרויסצורייסן אייך פון אָט דער רואיקער און זיכערער סביבה און פאַרשלעפּן אייך צום אומנאָרמאַלן, שווערן און בלוטיקן לעבן, ווען אַפילו אין דעם לעבן ליגט אַזאַ גרויסער אידעאַל.

— איך שרעק זיך ניט, — האָט זי רואיק געזאָגט.

— איך ווייס. — האָט ער געענטפערט. — עס איז ניט קיין פראַגע פון שרעק, עס איז אַ פראַגע פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

ניוראַ האָט געשוויגן. מער גאָרניט געענטפערט.

דערדאָזיקער געשפּרעך האָט זי געבראַכט זייער נאָענט צו מאַרקן.

צו דעם מאַן, צו וועלכן זי האָט דערפילט די ערשטע ליבע און וועלכער איז געוואָרן אומדערגרייכבאַר און דאָך דערגרייכבאַר צוליב דעם ערנסטן געשפּרעך זיינעם, וואָס ער האָט פאַרפירט מיט איר, אַ צוגעגרייטער צו דעם פון זיין טראַכטן וועגן איר. זי האָט דאָס אינטואיטיוו געפילט און פאַר־שטאַנען און געציטערט פון נערוועזער פרייד.

די פיר וואָכן אין קאַלינעץ זענען איבערגעלאָפן שנעל און מאַרק האָט זיך געגרייט אין וועג אַריין. אין דעם אָוונט פאַר זיין אָוועקפאָרן האָט ער שפּאַצירט מיט ניוראַן. ער האָט גערעדט וועגן די לויפנדע גע־געשעענישן און געגעבן איר צו פאַרשטיין דעם זין פון די פּאַסירונגען. גערעדט, אייגנטלעך, מער צו זיך ווי צו איר, ווי ער איז געוואוינט געוואָרן דאָרט אין סיביר אין די איינזאַמע טעג און נעכט, וועלנדיק רעדן און הערן דעם קלאַנג פון וואָרט.

די נידעריקע בענקלעך אין פּאַרק, אונטער די געדיכטע קאַשטאַנען־ביימער האָבן גערופן אַנידערצוזעצן זיך. זיי האָבן אויסגעקליבן אַ באַנק אין אַ זייטיקער אַלייע, אונטער דעם ציטערנדיקן ליכט פון אַ לאַמטערן און האָבן זיך אַנידערגעזעצט. ער האָט אָנגענומען איר האַנט און דערפילט אירע לאַנגע, שטאַרקע פינגער. געגלעט יעדן פינגער באַזונדער און גע־טראַכט, אַז דאָס איז אייגנטלעך דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן, אַז ער האַלט מיט אַזאַ געפיל אַ פרויעשע האַנט. און ער איז דאָך שוין ניט אַזוי יונג מער. אָט קומט שוין דאָס פיר און דרייסיקסטע יאָר . . . פיר און דרייסיק יאָר אָן אָט דעם . . . אָן אָט די פרויען פינגער, אָן דעם געפיל . . . וואָס וואָרט ער? אויף וואָס וואַרט ער?

— איר האָט אויפגעהערט צו רעדן, מאַרק — האָט זי אַ זאָג גע־טאָן.

— אויפגעהערט צו רעדן אין דער הויך, מיינט איר . . . איך האָב גערעדט צו זיך.

— איך וואָלט געוואָלט וויסן וועגן וואָס . . .

— וועגן אייערע פינגער . . . וועגן מיינע יאָרן . . .

— איך פאַרשטיי אייך ניט.

— איך האָב ביז איצט ניט געטראַכט וועגן דעם אַזוי . . . קאָנקרעט. געטראַכט האָב איך יאָ וועגן דעם . . . דאָרט אין סיביר. אָבער טראַכטן אַזוי קאָנקרעט, טראַכט איך דאָס ערשטע מאָל.

— און וואָס האָט איר אויסגעטראַכט?

— איך וועל מער ניט אויסטראַכטן .. . איך וואָלט געוואָלט טאָן עפּעס וועגן דעם.

— אַזאַ קלוגער מענטש ווי איר ווייסט ניט וואָס צו טאָן . . . וועגן . . . דעם וואָס איר טראַכט?

— איך בין זיך מודה — איך ווייס ניט.

— איך וואָלט געוואָלט זיין אַביסל עלטער, וואָלט איך אייך אפשר

געקאָנט זאָגן.

— דו ביזט אַ קלוגע, ביורא.

— אָה . . . — האָט זי מיט פרייד אַ זאָג געטאָן און אַ דריק געטאָן זיין האַנט. — דאָס איז ניט פאַרן קאָמפּלימענט, דאָס איז פאַר דעם „דו".

ער האָט אַ קוש געטאָן אירע פינגער. געקוקט אין אירע אויגן, וואָס האָבן אויסגעהאַלטן זיין בליק מיט רואיקער פרייד.

— קום. — האָט ער פּלוצים אַ זאָג געטאָן און אויפגעהויבן זיך. —איך קאָן ניט איינזיצן.

זיי האָבן ווידער שפּאַצירט. און צוקומענדיק שוין צום הויז, און שטייענדיק שוין אויף דעם גאַניק אין דעם טונקעלן ווינקל באַ דער טיר, האָט ער אָנגענומען אירע הענט, צוגעבויגן זיך צו איר און איינגעזויגן זיך אין אירע ליפּן . . .

ניט ער און ניט זי האָבן גערעדט. שווייגנדיקע זענען זיי אַריין אין הויז און צוגעזעצט זיך צום טיש וואו יאַשע און ליזאַ זענען געזעסן און האָבן געטרונקען טיי.

אינדערפרי, ווען דער פּאַעטאָן איז שוין געשטאַנען באַ דעם הויז און פייגע, יאַשע, ליזאַ און ביוראַ האָבן זיך געזעגנט מיט מאַרקן, האָט יאַשע גענומען שטופּן אַ פּעקל פּאַזיטלעך אין מאַרקס קעשענע. מאַרק האָט אָבער אָפּגעשטופּט זיין האַנט:

— איך דאַרף ניט יאַשע, אַ דאַנק איך וועל אויסקומען אָן דעם . . .

און זיצנדיק שוין אין דער בודע האָט מאַרק אַרויסגעבויגן זיך און האָט אָנגענומען ביוראַס האַנט:

— איך וועל דיר שרייבן, ביוראַ . . .

— איך וועל דיר ענטפערן, מאַרק . . .

עס זענען אַוועק וואָכן זינט מאַרק איז אַוועקגעפאָרן. דער זומער אין קאָלינעץ איז שוין געשטאַנען אין דער פולער פּראַכט. די שטאָט האָט אויסגעוויזן פוסט. קיין מיליטער איז שוין מער ניט געווען. פון ערגעץ וואו האָבן זיך אַפילו באַוויזן פאַרדעכטיקע פאַרשוינען, און מ'האָט ניט געוואוסט צי זיי זיינען אַ מיליטערישע אָפּטיילונג, צי אַ באַנדע באַנדיטן — זיי זענען אָבער גלייך פאַרשוואונדן.

באַ יאַשען אין קראָם זענען שוין מער ניט געלעגן גאַנצע קופּעס סחורה. די פּאָליצעס זענען געווען ליידיק. קיין קונים האָט מען ניט געזען. איז ער אַרומגעגאַנגען אַ מרה־שחורהדיקער און אַ בייזער. די געלט־אינפלאַציע האָט גאָר קיין גרענעץ ניט געהאַט און ער האָט זיך מיט אַמאָל אַרומגעזען, אַז אָט, אָט וועט זיין גאַנץ פאַרמעגן פאַרשווינדן ווי רויך. עס וועט גאָרניט בלייבן קיין ווערטפולעס ,קיין ממשותדיקס. האָט ער אָנגעהויבן צו קויפן ברילױאַנטן און גאָלדענע פינפערלעך, וואו ער האָט נאָר געקאָנט.

די מלחמה איז נאָך ערגעץ אָנגעגאַנגגען, אָבער אָן דעם ברען ווי פריער. מ׳האָט אויף עפּעס געוואַרט, אויף עפּעס געהאָפט . . . געהערט אַז די רוסישע און דייטשע סאָלדאַטן אויף די פראָנטן „ברידערן״ זיך און ס׳האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ס׳קומט פון ערגעץ אַ ניי, פריי לעבן.

פון מאַרקן איז אָנגעקומען אַ בריוו, געשריבן, מערסטנס, צו ניו־ראַן.

אין מאָסקווע, האָט ער געשריבן, שלאָגט דער שנעלער, פיבערדי־קער פולס פון גאַנצן לאַנד. די טעג זענען קורץ, ווי די מינוטן פון פאַר־ליבטע; די נעכט — פול מיט פולווער — אָט, ווייזט זיך, וועט ערגעץ אויפ־רייסן און ס׳וועט צעטרייסלען דעם הימל און די ערד. ס׳איז ניטאָ קיין צייט פאַר מעדיטאַציעס, און פאַר סענטימענטן אַוודאי ניט — כאָטש אין שפּעטע שעה׳ען פון דער נאַכט בענקט זיך אַמאָל נאָך מוזיק . . . אין יע־נע שעה׳ען איבערהויפּט, ווען עס צעגיסט זיך אַ רעגן איבער די שוואַרצע דעכער פון מאָסקווע, אָדער ווען עס צעקלינגען זיך די גלאָקן מיט זינגענ־דיקע טרויעריקע טענער . . .

ווען ליזאַ האָט איבערגעלייענט דעם בריוו, האָט זי אַ זאָג געטאָן.

— מיר דאַכט זיך, אַז אַפילו אַזעלכע מענטשן און רעוואָלוציאָנערן ווי מאַרק פאַרליבן זיך אויך.

ניוראַ האָט זיך אַ שמייכלדיקע פאַרטראַכט אויף אַ ווײַלע און געזאָגט:

— מאַרק איז פאַרליבט בלויז אין איין זאַך — אין דער רעוואָלוציע. דאָס איבעריקע איז ווי דער רויך פון דעם סיגאַרעט, וואָס ער רויכערט, ווען ער טרוימט . . .

אויסגעצייכנט! אָט איר יאַשע לייכט אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע.

— אויסגעצייכנט ניוראַ. . . . אָט דאָס איז ער, מאַרק און גוט וואָס דו ווייסט עס.

מיט אַ פּאָר חדשים שפּעטער איז פון מאַרקן ווידער אָנגעקומען אַ בריוו — דאָס מאָל צו ניוראַן.

. . . די שעה, — האָט ער געשריבן — איז געקומען. די שונאים פון דער רעוואָלוציע ליגן באַ אונזערע פיס. קערענסקי, סאַווינקאָוו, קאָר־נילאָוו מיט זייערע סאַטראַפּן און באַנדעס וועלן זיך שוין קיינמאָל, קיינ־מאָל ניט אומקערן. דעם זיבעטן נאָוועמבער איז אין סמאָלני אינסטיטוט געשאַפן געוואָרן געשיכטע. עס איז געבוירן געוואָרן דער ערשטער סאָ־וויעט פון סאָלדאַטן־אַרבעטער און פויערים דעפּוטאַטן אונטער דער פּי־רערשאַפט פון אונדזער פירער לענין. איך האָב אים געהערט רעדן און איך ווייס, אַז מיין לעבן איז איצט מיט אים. איך האָב ווידער אונטערגע־צויגן דעם באַלאַנס צו מיינע פאַרגאַנגענע יאָרן. דער חשבון שטימט. (מיט קליינע אָפּנייגונגען דאָ און דאָרט — אַ מענטש איז דאָך אַמאָל אויך סענ־טימענטאַל און דאָס נענטערע איז ליבער, דאָס מאַמעדיקע איז הייליק, אַפילו דאָרט וואו עס איז ניטאָ קיין גרונט, קיין זין.) כ׳האָב אַ שטיק

צייט געבליבט אַזוי. די מענטשהייט, זע איך אָבער, האָט ניט קיין באַזונדערע מוסטערן פאַר באַזונדערע הערצער, פאַר באַזונדערע נשמות — מוסטערן פאַר רוסישע, פאַר אוקראַינישע, פאַר יידישע הערצער. דער מוסטער איז איינער און איין און איינציקער פאַר דעם האַרץ פון דער גאַנצער מענטשהייט. דער גרול (אויב מ׳גלייבט אין גורל) איז איינער און איין און איינציקער; דער ערד קוגל איז אומעדום אונטער די שטערן און אונטער דער זון באַשאַפן ניט פאַר גרעניצן; ניט פאַר רויבערישן אימפעריאַליזם, און די גרעניצן אין מענטשלעכן לעבן — רעליגיע און קלאַס וועלן אויך אָפגעווישט ווערן. אפשר קלינגט דיר דער גאַנצער בריוו ווי אַ רעדע ביורא, — איז דאָס מעגלעך און באַטירלעך. ווייל וועגן דעם טראַכט איך וועגן דעם רעד איך יעדן טאָג, יעדע נאַכט. עס איז אפשר אַן עלעמענטאַרער אמת, אָבער מיר מוזן דעם אמת אָפט און אָפטער ווידערהאָלן, ביז ער ווערט אַ טייל פון אונדז און דורך אַ יעדן פון אונדז — די נשמה פון דער מענטשהייט. איך האָב איבערגעלייענט דעם בריוו און מיר דאַכט זיך, אַז איך האָב זיך אָנגעבלאָזן מיט צופיל פּאַטאָס. איצט איז די צייט פון אַרבעט, פון בויאונג. כ׳האָב באַדאַרפט שרייבן בלויז איין שורה — איך בענק נאָך דיר . . . ״

דער האַרבטס און דער ווינטער איז אַוועק שנעל. די שווערע, כמורנע בשורות, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון טיפן רוסלאַנד האָבן באַאומרויקט און געשראָקן — ס׳איז אָבער געווען שרעק ,וואָס איז געווען דער רעזולטאַט פון ווייטע געשעענישן; צו קאַלינעץ זענען די געשעענישן נאָך ניט דערגאַנגען אין דער פולער באַדייטונג. מ׳האָט נאָך ניט געגלייבט, אַז די איבערקערעניש אין רוסלאַנד איז שוין אַ ״פאַרטיקע״, אַז ס׳וועט זיך טאַקע איינשטעלן אַ נאָרמאַל לעבן לויט דער נייער אָרדענונג.

יאַשע האָט אויך ניט געגלייבט. אָבער וועגן זיינע האָפנונגען און מיינונגען האָט ער ניט גערעדט. ער האָט שוין געזען, אַז ס׳איז בעסער צו שווייגן. זיצן, הערן און שווייגן — פלעגט ער זאָגן צו ליזאַן. עס איז אָנגעקומען דער זומער און מיטן זומער די בשורה, אַז אוקראַינע ווערט זעלבסשטענדיק; און דער נאָמען פון געטמאַן סקאָראָפּאַדסקי האָט זיך גענומען טראָגן אויף די פליגל פון דער אַלטער, פאַרגעסענער אוקראַינער גלאָרי . . . עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז עס ווערט טאַקע איינגעפירט אַן אָרדענונג און טאַקע אַ דאַנק די דייטשן, וואָס ווייסן ווי איינצופירן אָרדענונג .יאַשע און מיט אים די איבעריקע אין קאַלינעץ האָבן שוין געגלייבט, אַז מיט סקאָראָפּאַדסקין קומט די לאַנג־געגאַרטע זיכערקייט. אָבער אויך סקאָראָפּאַדסקיס געטמאַנשאַפט איז צעגאַנגען געוואָרן ווי רויך און אַנשטאָט די אוקראַינער האָבן די דייטשן אַליין גענומען הערשן. האָט דאָס אויך ,,געראַטעוועט די סיטואַציע״ פאַר יאַשען, ווי ער האָט גערעדט וועגן דעם. די דייטשן האָבן זיך געשטופּט ווייטער און ווייטער צו דער טיפקייט

פון רוסלאַנד, ביז די רויטע אַרמיי האָט זי אָפּגעשטעלט באַ פּסקאָוו. מ'האָט גערעדט וועגן שלום — ברעסט ליטאָווסק . . .

און ערשט אין דעם פּעריאָד האָט קאַלינעץ דערפילט די גאַנצע גרויזאַמקייט און שרעק פון אַנאַרכישער, כאַאָטישער אומאָרדענונג און פון וואַקסנדן באַנדיטיזם. די נעכט און טעג זענען געוואָרן אָנגעפּילט מיט בלוטיקע קאָשמאַרן. פּעטלוראַס באַנדעס האָבן זיך געטראָגן פון שטאָט צו שטאָט — געקוילעט, געברענט, געמוטשעט און דאָס בלוט האָט געגליווערט אין די אָדערן און דאָס לעבן איז געוואָרן הפקר, ווערטלאָז . . .

ס'איז אָנגעקומען דער הונגער, ס'האָט אויסגעבראָכן דער טיפוס. פייגע איז קראַנק געוואָרן און איז געשטאָרבן. דער טויט האָט שוין ניט געשראָקן מער מיט מיסטישן שרעק — ער האָט געקוקט פון יעדן פענצטער, פון יעדער טיר און ער איז געווען ערדיש, פּשוט.

די וואָכן און חדשים האָבן זיך געצויגן מיט בלוטיקע קנופּן און קאַלינעץ האָט אָנגעהויבן צו האָפן און צו בעטן, אַז ס'זאָל שוין קומען די שעה פון דערלייזונג — עס זאָל שוין אַריינקומען די רויטע אַרמיי, עס זאָלן שוין אָנקומען די בודיאָנאָווצעס און אויסשעכטן, אויסראָמען די באַנדיטן. אויך יאַשע, אַן אויסגעליידיקטער און פּוסטער האָט געוואַרט אויף דעם. און דער טאָג איז געקומען. זי איז אָנגעקומען די רויטע, די אויסגעהונגערטע, אויסגעמאַטערטע אַרמיי און זי האָט געבראַכט אויך די אויסלייזונג פון שרעק, פון בלוט, פון פּאָגראָמען.

די אויסלייזונג איז געקומען, אָבער ניט פאַר יאַשען. מיט דער רויטער אַרמיי איז געקומען די נייע אָרדענונג און מיט דער נייער אָרדענונג איז געקומען די "טשעקאָ", וואָס האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף קאָנטררעוואָלוציאָנערן און סאַבאָטאַזשניקעס. יאַשעס נעכט האָבן זיך ווידער אָנגעפּילט מיט קאָשמאַרן, וואָס האָבן געמוטשעט און געוואָרפן אין פיבער. די ווערטער „צום וועגנטל" האָבן אַרויסגעשריגן פון יעדן גאָלדן פינפערל, מיט וועלכע ער האָט ספּעקולירט און מיט יעדן ברילייאַנט, וואָס ער האָט געקויפט און פאַרבייט אין די שיך. און דערצו זענען די בעסטע צימערן אין הויז רעקווירירט געוואָרן פון דעם הויפּט־קאָמיסאַר פּאָפּאָוו, וואָס איז שטענדיק אַרומגעגאַנגען אין זיין לעדערנעם זשאַקעט, מיט אַ אָנגעלאָדענעם נאַגאַן ביים גאַרטל. און שוין צו העלפעד, שוין צו אינטעליגענט פאַר אַ באָלשעוויק האָט ער אויסגעוויזן, יאַשען, אַט דערדאָזיקער קאָמיסאַר פּאָפּאָוו .ער האָט זיך געשרקן צו רעדן אין זיין אָנוועזנהייט און ס'האָט זיך אים אַלץ אויסגעדאַכט, אַז דער פּאָפּאָוו זעט און ווייסט, וואו ער האַלט די פינפערלעך און די ברילייאַנטן. און נאָך מער האָט אים געשראָקן ניוראַס גוט־ברודערשאַפט מיט אים, מיט פּאָפּאָוון, און אירע אָפנהערציקע רייד מיט אים, און די געוואַגטע פראַגן אירע וועגן די אָפּט אומגערעכטע טאַטן, וואָס עס פּלעגט זיך איר אויסוויזן, אַז ער באַגייט אין שטאָט. און פּאָפּאָוו פלעגט, גראַדע, געדולדיק אויסהערן זי, און געבן איר צו פאַר־

שטיין, וואָס אַזוינס אַ באַלשעוויק, איז און ער פלעגט איר אָפט ברענ־גען בראָשורן צו לייענען. און ווען זי האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגיין שפּאַ־צירן מיט אים, איז יאַשע געוואָרן נאָך אומרואיקער.

איינמאָל בלויז איז אָנגעקומען אַ בריוו פון מאַרקן צו ביוראַן. אַ פאַרשפּעטיקטער, אַ פאַרהאַלטענער בריוו. ער האָט געשריבן:

„. . . אייער בריוו ביוראַ איז אָנגעקומען פּונקט אין צייט. כ׳האָב שוין כמעט אויפגעגעבן די האָפענונג צו קריגן אַ בריוו. אָבער אַט ליגט ער פאַר מיר און ס׳איז גוט צו קוקן אויף אים און נאָך בעסער צו לייענען אים. אַט דערדאָזיקער בריוו איז מיין הויפּט פאַרגעניגן — כ׳מיין פערזענ־לעך מענטשלעכער פאַרגעניגן. די צייט איז שטורמיש. דער קאַמף איז אַ שווערער און ווען אויפן טיש שטייט אַ וואַרעם שטאַרק און זיס גלאָז טיי מיט שוואַרצן ברויט און ס׳ליגט נאָך דערביי אַ בריוו צום לייענען, איז דאָס לעבן שוין גאַר, גאַר זיס . . .

איך טרינק די טיי, איך קוק אויף מיינע שיך (פון איין שוך קוקט אַרויס דער גראָבער פינגער — ענטשולדיק) און איך טראַכט ווי אַזוי צו שרייבן צו דיר. וואָרן וועגן וואָס צו שרייבן איז דאָ איבערגענוג, פאַר גאַנצע טויזנט ביכער. איך ווייס אָבער ניט, צי דאַרף איך שרייבן אַלעס וואָס קומט אויפן געדאַנק. אַט וואָלט איך געקאָנט שרייבן וועגן אונדזער בלוטיקן קאַמף מיטן שונא, ניין ניט מיט איינעם, נאָר מיט אַ גאַנצער וועלט שונאים. מיר זיינען געווען ווי אין קלעם פון אייזערנע צוואַנגען: די ענגלענדער אין אַרכאַנגעלסק; די אַמעריקאַנער אין וולאַדיוואָסטאָק; די פראַנצויזן אין אָדעס; דעניקין פון איין זייט, קאָלטשאַק פון אַ צווייטער זייט און מיר באַלשעוויקעס מיט אונדזער רויטער אַרמיי, ווי אַ האַרטער נוס — אינדערמיט. וואו האָבן מיר גענומען כוחות ניט נאָר אָפּצושטעלן די קלאַמערס, נאָר אויך צו פאַרניכטן די קאָנטער־רעוואָלוציע? עס איז דער וואונדער פון אונדזער עפּאָכע, אָדער אפשר גאָר קיין וואונדער ניט, ווען מ׳באַלאַנסירט עס מיטן כח פון פאָלק. ניין, איך וועל ניט שרייבן וועגן דעם, ווייל צו גרויס און מעכטיק איז די רעוואָלוציע, צו פּרובירן שרייבן וועגן איר און שילדערן זי אין אַ בריוו, צי אין אַ בוך, אַפילו. איך וועל שרייבן וועגן נעענטערע, פּשוטערע, אינטימערע זאַכן, ווי מוזיק, אַ שטייגער, ווי טעאַטער, אַ שטייגער, וואָס זענען די אָנגעגעמסטע וועגן צו קול־טור. איך איבערהויפּט זוך עס איצט — די קולטור, וואָס זאָל זיין סאָציאַל אין אינהאַלט — איך זוך זי, ווייל ס׳עפּענען זיך אַזוי פיל מעגלעכקייטן און געלעגנהייטן פאַר אַזאַ קולטור אונדזערער, יידישער, מיין איך. ס׳וועט פאַר דיר זיין אַן איבעראַשונג צו לייענען דידאָזיקע שורות ביוראַ; איז דאָס אפשר דערפאַר, ווייל מיר האָבן נאָך ניט געהאַט די געלעגנהייט צו דערקאָנען איינער דעם צווייטן. דערווייליקע בין איך אָנגעשטעלט אין דער פּראָפּאַגאַנדע אָפּטיילונג, איך בין אָבער אויך מיטהילפיק אין דער יידי־שער סעקציע. איך בין אַ „יעווסעק״ אַזוי צו זאָגן . . . איך האָף צו זיין מיט

דיר אינגיכן״ . . .

ניורא האָט געוואָרט מיט אומגעדולד און אין די געשפּרעכן מיט פּאַפּאָוון געשאַרפט דעם מח פאַר אַ באַגעגעניש מיט מאַרקן.

יאַשע האָט אָבער מער ניט געקאָנט אויסהאַלטן. דאָס אַלטע לעבן, האָט ער שוין געזען, וועט זיך שוין מער ניט אומקערן. איז בעסער אַרויס־צערייסן זיך און אַנטלויפן. פון יענער זייט דניעסטער, דאָרט אין בעסאַ־ראַביע, וואָס די רומענער האָבן פאַרכאַפּט, דאָרט גייט אָן אַ נאָרמאַל לעבן. מ׳קאָן לעבן, מ׳קאָן עסן, מ׳קאָן געניסן — דאַרף מען אַריבער אַהינצו. און פון דאָרט — קיין אַמעריקע. יאָ, אַהינצו, וואו דער פאָטער איז. דאָרט איז דאָס לעבן גוט, וואונדערבאַר . . . וועט אַמעריקע ווידער ווערן אַן אָנהייב, אַ באַזע פאַר אַ נייעם לעבן. און מ׳טאָר ניט אָפּלעגן, וואָרן יעדער טאָג, יעדע נאַכט איז פול מיט געפאַר, פול מיט טויט . . .

האָט ער זיך געזען מיט אַ געוויסן יידן און דער ייד האָט זיך געזען מיט אַ געוויסן פויער פון סטילינעץ און זיי האָבן זיך גענומען גרייטן. ניורא, אַן אויסגעבלייכטע, אַן אָפּגעצערטע האָט זיך ניט געמישט אין זייערע צוגרייטונגען.

די גאָלדערנע פינפערלאַך און די ברילִיאַנטן האָט ליזאַ פּאַרזיכטיק פאַרנייט אין די פאַלדן פון די קליידער און אין אַ פינצטערער נאַכט האָבן זיי זיך געלאָזט פאָרן קיין סטילינעץ, צום ברעג פון דעם דניעסטער.

ניוראַס לעצטע בליקן זענען געווען געווענדעט צוריק, אַהינצו ער־געץ, וואו עס האָט זיך געפונען דער מאַן, דער געגאַרטער מאַרק.

ב.

מאַרקס פּראָפּאַגאַנדע מיסיע האָט אים געצוואונגען באַזעצן זיך אין כאַרקאָוו: דאָס האָט געהייסן, ער האָט געפונען פאַר זיך אַ צימער, ער איז געוואָרן אַ מיטגליד פון דעם שטאָט־קאָמיטעט, און ער האָט געהאַט זיין „פּאַיאָק״. ער איז געווען פאַרנומען טעג און נעכט מיט דרינגענדע אויפ־גאַבן און אין דער פרייער צייט מיט לעקציעס אין די אַרבעטער קלובן. מיט זיין ווילן צו דיענען יעדן שיכט און מיט זיין איינגעבוירענעם און נאָך מער פאַרשטאַרקטן געדולד און עקשנות דורכצופירן די זאַכן וואָס ער האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ, האָט ער מיטאַמאָל באַשלאָסן צו שרייבן פּובליציס־טישע אַרטיקלען פאַר דער כאַרקאָווער יידישער צייטונג. ווען די מידקייט פון דער אַרבעט האָט אים שוין אָבער געוואָרפן פון די פיס, פלעגט ער זיך פאַרגינען אַריינצוכאַפּן זיך צו אַ פאָרשטעלונג אין יידישן טעאַטער, צו אַ סימפאָניע, אָדער צו אַ באַלעט .

פריינט האָט ער געהאַט אַ סאַך. און געקאָנט האָט מען דעם טאָוואַ־רישטש מאַרקן אין אַלע ווינקעלעך פון כאַרקאָוו. דאָס צימער זיינס איז געווען גרויס, אָבער ליידיק — אַ בעטל און אַ בענקל ביים בעטל. מער

האָט אים גאָרניט געפעלט, ווייל אין דעם צימער פלעגט ער קומען בלויז שלאָפן. עס זענען אים, אין אַלגעמיין, געווען דערווידער די זאָרגן וועגן פערזענלעכן קאָמפאָרט, ווען ער האָט געזען אַרום זיך אַזוי פיל אָפּגעריסענע, הונגעריקע און קראַנקע מענטשן.

די מיטינגען און די לעקציעס זענען שטענדיק געווען פול־באַזוכטע, אָבער די זאָרגן פאַר לעבנס־מיטלען האָט באַ יעדן איינעם אָוועקגערויבט די ענערגיע און די קליינע מאָס פון פערזענלעכער, אינדיווידועלער פרייד. אָפט, ליגנדיק שוין אויף זיין האַרטן בעטל, אַ קאַלטער און הונגעריקער, פלעגט מאַרק טראַכטן וועגן דער אינדיווידועלער פרייד, וואָס יעדער מענטש זוכט אין לעבן. אָט האָט ער אַליין דאָך אויך אויפגעגעבן אַזוי פיל פרייד פון לעבן . . . די יאָרן פון שווערן שטודירן, האָבן נאָך געלאָזט דאָ און דאָרט שפּאַרינעס פאַר שטראַלן פון פרייד, אָבער פון זינט ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט, האָט ער מער ניט געזען די שטראַלן פון פערזענלעכער ענג־מענטשלעכער פרייד. און די פרייד, וואָס פלעגט שוין אַמאָל יאָ קומען אין זיינע טרוימען, האָט ער אָפּגעטריבן פון זיך מיט אַ מין אַסקעטישער אָפּפערווילּיקייט. עס איז ניט די צייט — זי וועט נאָך קומען. די איינציקע, די גרעסטע פרייד, וואָס פלעגט קומען צו אים, איז געווען די פרייד פון אַרבעט. דאָס פלעגט אים אָפט פירן צו שווערע רייזעס — רייזעס צום דאָנעצער באַסיין, קיין באַכמוט, קיין לוגאַנסק, אָפט אַראָפּ ביז נאָוואָראָסייסק און אויף דידאָזיקע רייזעס פלעגן אים דאָ און דאָרט אָפט אָפּשטעלן פרויעשע אויגן, אָפּשטעלן, ווי עס שטעלט אָפּ אַ פּלוצימדיק ליכט אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט און ער פלעגט זיך אויף אַ ווייַלע פאַרגעסן אין דער וואַרעמקייט פון בליק אָדער אין דעם האַנטדרוק פון צאַרטע פינגער. עס פלעגט אָבער ניט געדויערן לאַנג — די מאָמענטן האָבן בלויז אַרויסגערופן געדאַנקען און שטימונגען וועגן נעכט אין קאַלינעץ, וועגן פּיאַנאָ מעלאָדיעס איבער וועלכע עס האָט געשוועבט ניוראָס אויגן און ניוראָס שמייכל. אויף זיינע לעצטע בריוו האָט ער שוין קיין ענטפער ניט געקראָגן, האָט ער אויפגעהערט שרייבן . . .

ער האָט אָפט געטראַכט וועגן איר. ער האָט ניט געקאָנט דעפינירן זיין געדאַנק און געפיל וועגן איר. ער האָט זי כמעט ניט געקאָנט, ניט געקאָנט אַזוי טיף און אַלזייטיק, אַז ער זאָל האָבן אַ גענויע און באַשטימטע מיינונג וועגן איר כאַראַקטער; און דאָך האָט ער געבענקט נאָך איר, געטראַכט וועגן איר ווי וועגן דער פרוי, צו וועלכער עס ציען זיך זיינע געדאַנקען ווי סטעזשקעס צו אַ ליכטיק פייערל אין דער נאַכט — סטעזשקעס צו דער ווייב, וואו עס איז ענדלעך פאַראַן רו, אינדיווידועלע פרייד, פרייד צעזאַמען, נאָך די שווערע אָנגעשטרענגטע טעג און יאָרן.

ער פלעגט טראַכטן וועגן דעם און אין דערזעלבער צייט שמייכלען טרויעריק צו זיך אַליין: אינדיווידועלע פרייד . . . פאַרוואָס בלויז פאַר אים?

בענקען דען ניט די מענטשן אַרום אים נאָך דעם זעלבן פשוטן נאַטירלעכן, רואיקן געפיל פון פרייד? איז אָבער אַנטרונען די פרייד. אַפילו מיט די זיגן איבער די באַנדעס פון קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן פלעגט די אויפגע־ברויזטע פרייד אַ שפריץ טאָן מיט בלוט פון שווערן קאַמף, מיט די טאָג־טעגלעכע נויטווענדיקייטן. דאָס פאָלק האָט בלויז געשמייכלט. געשמייכלט און געזונגען דאָס הפקר־לידל „עך טי יאַבלאָטשקאָ״ . . . וואוהין קאַט־שעסטו זיך עפּעלע . .

„וואוהין קאַטשעסטו זיך, עפּעלע״ . . . פלעגט אויך מאַרק אונטער־זינגען און אַלע וואַריאַציעס פון אַלע געדאַנקען האָבן געפירט צו אַ וואַנט הינטער וועלכער עס איז געווען דער סוד פון דעם ניט וויסן, ווי אַזוי און ווען עס וועט קומען די צוגעזאָגטע דערלייזונג. אָט טראָגט ערזיינע ווער־טער אויף די פליגל פון זיינע געדאַנקען — פאַרשטייען זיי אים, די מענטשן, צו וועלכע ער רעדט? זעען זיי זיינע וויזיעס וועגן פרייהייט, מענטשלעכקייט און ברידערלעכקייט? וועט עס טאָ־קען זיין אַזוי ווי ער מאָלט עס פאַר זיי? טראַכטן זיי ניט וועגן אים ווי וועגן דעם „רויטן קרעציקן זשיד״ וואָס מאַראָטשעט זייער קאָפּ מיט אויסגעטראַכטע ליגנס? ווי קאָן מען אויפעפענען זייערע מוחות, און אַ קוק טאָן, און איבערלייענען? סיידן לייענען עס פון זייערע אויגן, פון זייערע בליקן — זענען זיי מידע די בליקן, אָפּט בייזע, אָפּט ענטוישטע, אויסגע־מוטשעטע . . . טאָ ווער קאָן וויסן און זאָגן פון וואַנען די בליקן ציען זיך, מיט וואָס פאַר געדאַנקען זיי זענען אָנגעלאָדן . . . אפשר טראַכטן זיי גאָר וועגן דעם באַטקא פּעטלורא . . . ווער ווייסט . . .

איינמאָל אין אַן אָוונט, ווען ער איז אַריינגעקומען אין יידישן אַר־בעטער קלוב, וואו ער האָט בעדאַרפט רעדן וועגן דער געשיכטע פון דער רוסישער רעוואָלוציע, האָט ער צווישן די פאַרזאַמלטע פלוצים דערזען פראַדקינען. ער איז צו צו אים, אַרומגעכאַפּט אים מיט פרייד:

— ווי קומסטו אַהערצו, פראַדקין? — האָט ער כמעט אויסגעשריגן.

— איך בין געקומען הערן דיך.

— מיך? ווי אַזוי האָסטו אויסגעפונען, אַז איך בין דאָ?

— דורך דיינעם אַן אַרטיקל אין „שטערן״ האָב איך זיך דער־וואוסט, אַז דו ביזט אין כאַרקאָוו און אַז איך בין שוין געקומען קיין כאַר־קאָוו ,איז שוין זייער לייכט געווען אָפּצוזוכן דיך .

— און וואו ביזטו געווען?

— צום ערשטן בין איך, ווי דו ווייסט אַהיים־געפאָרן צו מיין שטעטל, — האָט פראַדקין גענומען דערציילן. — נו, מיינע עלטערן זענען גע־שטאָרבן און איך האָב ניט געזען קיין תכלית דאָרט פאַר מיר און קיין צו־שניידער פון שטיוול דאַרף מען איצט ניט דאָרט, ווייל ווי קאָן מען מאַכן שטיוול, אַז ס׳איז ניטאָ קיין לעדער, — אָט גייסטו אויך, כמעט באָרוועס, זע איך . . . — האָט ער אָנגעוויזן אויף מאַרקס צעריסענע שיך . . . —

בו, געהערט ביזט דאָ, בין איך געקומען צו גאַסט צו דיר קיין כאַרקאָוו . . .

— און וואָס ווילסטו דאָ טאָן? — האָט מאַרק געפרעגט.

— וואָס אַ שטייגער, דענקסטו קאָן איך דאָ טאָן?

— וואָס זאָלסט ניט טאָן, וועט עס צונוץ קומען אין דער איצטיקער צייט.

— כ'בין ניט אַזוי זיכער. — איז פראַדקין געוואָרן ערנסטער.

— פאַרוואָס ביזטו ניט זיכער?

— עפּעס שטימט ניט אין מיר . . . עפּעס גריזשעט מיך . . . עפּעס אין דער גאַנצער זאַך פעלט מיר עפּעס . . . און וואָס דער עפּעס איז, וויל איך אויסגעפינען . . .

— אין דער רעוואָלוציע מיינסטו?

— וואָס דען אין מיין קעשענע? מיט מיין קאַפּיטאַל שטימט עס שוין.

— מיט קאַרל מאַרקסעס „קאַפּיטאַל" שטימט עס אויך. — האָט מאַרק געענטפערט.

— אפשר יא און אפשר ניט. דאָס וויל איך טאַקע אויסגעפינען.

— אָט אַזוי איינס און צוויי און דו געפינסט אויס? — האָט מאַרק געשמייכלט. — דענקסטו ניט, אַז ס'דאַרף נעמען כאָטש אַ פּאָר צענדליק יאָר ביז מ'וועט זיך קענען אָוועקזעצן רואיקע און אויסגעשלאָפענע, און אָנגעגעסענע, אַז מ'זאָל קאָנען מיט אַ אַ רואיקן קאָפּ צוגיין צום חשבון?

— פאַר אַ באָלשעוויק ביזטו אַביסל צו . . . לאַנגזאַמיק . . .

— פאַר אַ בונדיסט ביזטו אַביסל צו . . . איילִיק . . . וואָס האָסט ניט קיין צייט, טראַכט מער און רעד ווייניקער. ווייסט דאָך ווי מ'זאָגט: דעם מענטשנס ערגסטער שונא איז זיין צונג.

— אָבער וואָס זאָל איך טאָן, אַז איך בין געשטראָפט מיט אַ צונג, וואָס רייסט זיך מער וויפל מ'דאַרף . . . אָט זע איך אַז דו שרייבסט . . . ביזט גאָר געוואָרן אַ יידישער שרייבער, זע איך.

— ניט אַ שרייבער — בלויז אַ פּרואוו. — האָט מאַרק געלאַכט. — אייגנטלעך ביזטו דאָך דערדאַזיקער, וואָס האָט מיך געפירט צו דעם.

— און איך בין שטאַרק מיט דעם.

— פאַרשרייב עס אויך אויף דיין חשבון.

— איך וועל. און וואָס הערט זיך עפּעס מיט דיר? כ'מיין . . . ביזט נאָך אַלץ אַ בחור?

— נאָך אַלץ.

— האָסט ניט קיין צייט פאַר זיך, באָלשעוויק?

— און דו, בונדיסט? וואָס הערט זיך מיט דיר.

— איך קוק נאָך אַלץ אויף די שטערן. געדענקסט, ווי איך פלעג ליב האָבן די שטערן . . . דערקלערן זיך אין ליבע צו דער ווענעראַ . . . אָך, סיביר, ווערסט מיר גלייבן — איך בענק אַמאָל נאָך יענע נעכט . . . כע . . . ס'זאָגט זיך אַזוי . . .

פראַדקין האָט שוין געוואַרט אויף מאַרקן ביז נאָך דער לעקציע און זיי זענען שוין ביידע געפאָרן אַהיים — צו מאַרקן. זיי זענען דערנאָך ביי־דע געלעגן אויף דעם געלעגער און גערעדט. איבערהויפּט האָט פראַדקין גערעדט אַ סאַך. גערעדט וועגן די פּאָגראָמען אויף יידן, וועגן דער בלוט באַד אין פּראָסקוראָוו וואו עס איז אויך אומגעקומען זיינער אַ ברודער.

— עס זענען דאָך פאַראַן אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן אין רוסלאַנד — פאַרוואָס מאַכט מען ניט קיין פּאָגראָמען אויף אַנדערע, פאַרוואָס בלויז אויף אידן?

— אויף יידן האָט מען געמאַכט פּאָגראָמען, נאָך איידער עס איז געווען אַזאַ לאַנד ווי רוסלאַנד. — האָט מאַקס געענטפערט. — דו ווייסט עס בעסער פון מיר.

— אַודאי ווייס איך עס. און איך טראַכט אָפט, אַז די ציוניסטן זע־נען גערעכט. מ׳האָט שטענדיק געמאַכט פּאָגראָמען אויף יידן אומעדום ווייל אומעדום זענען מיר די ניט אַנגעלעגטע געסט.

— אין אַ קאָמוניסטישער געזעלשאַפט וועט מען ניט קוקן אויף מי־נאָריטעטן ווי אויף געסט.

— מיר דאַכט זיך, אַז ביז די וועלט וועט קאָמוניזירט ווערן, וועלן מיר דערווייל אונטערגיין. מ׳וועט מיט אונדז אויסהייצן די אויוונס פון די רעוואָלוציאָנערע לאָקאָמאָטיוון.

— ביזט דאָך פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר, פראַדקין, ווייל האָסט געגלייבט, אַז דער סאָציאַליזם וועט לייזן אויך די יידישע פראַגע.

— יאָ, אמת. כ׳האָב אָבער ניט געוווסט, אַז רעוואָלוציעס קאָנען אָננעמען אַזאַ גראַנדיעזע, גיגאַנטישע און אַלוועלטלעכע פאָרמע. כ׳האָב ניט געוואוסט, אַז דער פראַגער גולם איז בלויז אַ סימבאָל פאַר אָט דעם וואָס אַ פאָלק קאָן אָפּטאָן ,ווען מ׳גיט אים אַ האַק אין האַנט . . . איך פיל זיך איצט ווי אַ קליין פישעלע, וואָס מ׳האָט אַרויסגעלאָזט פון אַ קליין טייכל אין אַ גרויסן, טיפן אָקעאַן, אַנגעפילט מיט וואַלפיש־פיש.

— ווען אַ צאַר ניקאָלאַי וואָלט געפירט צו רעפאָרמען, וואָלסטו עס בעסער פאַרדייעט?

— ניין.

— טאָ וואָס באַלאַמוטשעסטו? גלייבסט ניט מער אין דיין לאָזונג פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַראייניקט זיך?

— יאָ. אָבער ווי עס ווייזט אויס, בין איך שטענדיק געווען אַ פריד־ליכער סאָציאַליסט . . . איך קאָן ניט איבערטראָגן דעם פּראָלעטאַרישן . . . טעראָר . . .

— ביזט אַ קאָנטר רעוואָלוציאָנער.

— שש . . . די טשעקאָ קאָן נאָך דערהערן. — האָט פראַדקין פּרו־בירט אַ שפּאַס טאָן.

— אָן שפּאַס, פראַדקין. וואָס מוטשעט דיך? — אָט מאַרק געפרעגט

ערנסט.

— דאָס פאַרגאָסענע בלוט.

— וועמעס פאַרגאָסן בלוט?

— דאָס מענטשלעכע.

— דו רעדסט שוין מיט אַבסטראַקטע טערמינען.

— ניין, ווען איך זאָג מענטשהייט און מענטש איז דאָס ניט אַבסט־ראַקט. — האָט פראַדקין געזאָגט. — איך קאָן ניט זען און איך קאָן ניט הערן ווי אַזוי עס ווערט צעשטערט די אַלטע וועלט און ווי אַזוי עס בויעט זיך די נייע וועלט . . .

— אַזוי זענען רעוואָלוציעס. — האָט מארק געענטפערט.

— ווער איז דער גרויסער גייסטיקער נביא און אויטאָריטעט, וואָס האָט אַרויסגעזאָגט אָט דעם גרויסן, אַבסאָלוטן אמת, אַז אַזוי זענען רעוואָ־לוציעס און אַז אַזוי מוזן זיי זיין?

— זיי מוזן ניט. מיר זענען אָבער געצוואונגען אָנצונעמען די רעוואָ־לוציע אַזוי, ווי זי ווערט באַקעמפט פון די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן.

— און אָננעמענדיק דעם קאַמף מיט דער האַק ווערן מיר ווי דער גולם. און איך ווייס ניט ווען און ווי אַזוי מ׳וועט אים אָפּשטעלן.

—דאָס געזונטע גערעכטע לעבן וועט זיגן.

— וועלן מיר נאָך זען אָט די גערעכטע וועלט, מיט דעם גערעכטן לעבן?

— איך האָף אַזוי, כאָטש איך זע איצט און איך ווייס איצט, אַז ס׳נעמט הונדערטער יאָרן, ביז רעוואָלוציעס גייען דורך אַלע גרויזאַמע פּראָצעסן און וואַש זיך אויס פון בלוט.

— אָט, אָט . . . — האָט זיך פראַדקין אַ הייב געטאָן. — זי דאַרף נעמען, הונדערטער יאָרן. און איך זאָג, אַז ס׳דאַרף נעמען נאָך מער, נאָך לענגער און ווייל ס׳דאַרף נעמען אַזוי לאַנג, און ווייל די מענטשהייט איז אין משך פון טויזנטער יאָרן געוואוינט געוואָרן צו דעם לעבן און צו דער מאָראַל אין וועלכער זי לעבט, קאָן מען ניט און מ׳טאָר ניט מיטאַמאָל מיט פייער און מיט שווערד איבערמאַכן אָט דעם מענטשן, אַז ער זאָל איבער־נאַכט ווערן אַ אויבערמענטש.

— אַודאי קאָן מען ניט. און איך און דו זענען אויך ניט געוואָרן, וואָס מיר זענען איצט, איבער נאַכט. די רעוואָלוציעס און עוואָלוציעס פון די דורות פאַר אונדז, האָב אונדז געמאַכט אָט אַזעלכע ווי מיר זענען. זעסטו דען ניט, פראַדקין, אַז דאָס לעבן איז אַ פּערפּעטועלע רעוואָלוציע און עוואָלוציע? אמת, אונדזער דור און אפשר די קומענדיקע דורות וועלן מוזן דורכגיין די געבורטס־ווייען פון דעם נייעם לעבן, וואָס קומט דורך אונדז, מיר מוזן אָבער לערנען זיך מקריב זיין אונדזערע שיינע סענטי־מענטן.

— די שיינע סענטימענטן זענען דאָך אָבער די אידעאַלן אונדזערע.

ווייסטו וואָס איך טראַכט איצט. איך טראַכט אַז אָפּגעבן דאָס לעבן צו אַן אידעאַל, אַז צובינדן זיך צו אים, ווען דאָס האַרץ בלוטיקט פון די פּראַ־צעסן און עקסצעסן אַרום דעם אידעאַל, איז דאָס אויך שקלאַפעריי . . . ביזט אַ שקלאַף סיי־ווי־סיי . . .

— נו גוט, איך בין אַ שקלאַף און דו ביזט אַ שקלאַף — האָט מאַרק זיך איבערגעדרייט אויף דער צווייטער זייט. — דערווייל לאָמיר שלאָפן. מיר וועלן לאָזן אַביסל אויף מאָרגן. אַ גוטע נאַכט.

— אַ גוטע נאַכט.

פּראַדקין האָט געשוויגן אַ ווײַלע און פּלוצים אַ זאָג געטאָן:

— ווייסט, מאַרק . . . אָפט ווען איך לעג זיך שלאָפן, טראַכט איך, אַז דער מענטש וואָלט בעדאַרפט דערטראַכטן זיך ווי אַזוי צוצוגרייטן אויף באַנאַכט אַ גוטן חלום. באַשטעלן זיך אַ גוטן חלום, אַט ווי מ'באַשטעלט פאַר זיך אַ גוטן בוך, אָדער אַ גוט גלאָז וויין. אַך, ווי נעמט מען ערגעץ אַ גוטן חלום אויף באַנאַכט. און צוריק געריגעדט: ווען מענטשן וואָלטן דאָס געקאָנט טאָן, וואָלטן זיי געוואָלט בלויז שלאָפן, ס'וואָלט געוואָרן אַ וועלט פון פּאָפּערס און ס'וואָלט ניט געווען ווער ס'זאָל מאַכן רעוואָלוציעס . . .

מאַרק איז געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן און האָט געשמייכלט.

מאַרק האָט אָנגעהויבן צו טרעפן זיך אָפט מיט פּראַדקינען. פּראַדקין איז געוואָרן אַלץ מער און מער ענטוישט אין די וועגן אויף וועלכע די פירער פון דער רוסישער רעוואָלוציע זענען געגאַנגען.

— דער אומגליק מיט דיר איז, וואָס דו קאָנסט זיין אָדער בלויז אָפּטימיסט, אָדער בלויז פּעסעמיסט. — האָט מאַרק, שפּאַצירנדיק מיט אים אין אַן אָוונט אויף דער בריק, געזאָגט. — אַ מענטש דאַרף קאָנען זען גלייכצייטיק ליכט אין שאָטן, דעמלט קאָן די גאַנצע זאַך אַרויסקומען פּו־לער און פאַרשטענדלעכער.

— ביי אייך איז דאָס אָבער אויך אַזוי — איינזייטיק, אָדער רויט, אָדער טויט.

— פּראַדקין, — האָט אים מאַרק אָפּגעשטעלט באַ דידאַזיקע רייד; — דו טראַכסט ווייניק און רעדסט צופיל. עמיצער האָט מיר שוין געזאָגט אַז דו ביזט אומפאַרזיכטיק מיט דיינע אויסדרוקן, וואָס זענען אין אונדזער איצטיקער צייט בלויז ווי קעראָסין אויף פייער.

— דו רעדסט אויך אַ סאַך, מאַרק . . . אָבער דו טראָגסט מיט זיך אַ פּאַרטיקן לאָקאָמאָטיוו מיט פאַרטיקע רעלסן . . . שטעלסט זיי אַוועק און פאָרסט . . .

— אַן שפּאַס, פּראַדקין.

— ווען איך שפּאַס ניט אַביסל, וואָלט איך משוגע געוואָרן.

— מיר דאַכט זיך, אַז דו ווערסט משוגע פון דיין שפּאַסן. פאָלג מיך, טראַכט זיך אַריין. יעדער איבערגאַנג פּעריאָד איז פול מיט פּאַראַדאָקסן,

וועלכע זענען אין וועג, אַט ווי אַן אויקער איז אין וועג און מ׳קאָן פון אים ניט פּטור ווערן.

— אַן אויקער קאָן בלויז דער טויט אויסגלייכן.

— כ׳האָב מורא, אַז איך וועל מוזן אויפהערן צו זען זיך מיט דיר, פּראַדקין.

— יאָ, כ׳האָב מורא, אַז דו האָסט מורא, פּראַדקין, און איך ווייס, אַז פאַר דער דאָזיקער מורא דאַרף מען מורא האָבן. מורא ... מורא ..... ווען וועלן מיר אויפהערן מורא צו האָבן ...

— ווען די אומשטענדן וועלן זיך בייטן. ווען מיר וועלן אַרויסקומען די פולע זיגער .

— דער קומענדיקער דור וועט מסתמא געבוירן ווערן מיט אַ שלאָס אויפן מויל און מיט אַן אַטראָפּירטן מוח.

— אַ גוטן טאָג, פּראַדקין. — האָט זיך מאַרק ווי אָפּגעריסן פון אים — איך וואָלט געוואָלט העלפן דיר דערזען אונדזער איצטיק לעבן אין דער ריכטיקער ליכט מיט אַלע שאַטנס, איך זע אָבער, אַז דו דאַרפסט מער אַ ספּעציאַליסט פאַר נערוון, ווי מיך. פאַרקריך ניט צו ווייט און טראַכט זיך אַריין ...

ער האָט זיך געלאָזט אַוועקגיין, געלאָזט פּראַדקינען אַליין. גייענדיק געפילט ווי אומקערן זיך, אַרומנעמען פּראַדקינען, ווי ער האָט עס איינמאָל געטאָן אין סיביר, ווען פּראַדקין, אַ קראַנקער, אין היץ און פיבער האָט זיך געריסן אַרויסצולויפן אין דער פראָסטיקער נאַכט אַריין. ער איז גע־בליבן שטיין, אַ קוק געטאָן אויף צוריק, ער האָט אים אָבער מער ניט געזען.

אין דעמדאָזיקן אָוונט איז ער געווען אין אַ שלעכטער שטימונג. דערצו זענען זיינע פיס געשוואָלן געוואָרן און ער האָט ניט געקאָנט אַרומ־גיין, ווי ער איז געוואוינט געווען.

עס איז אַוועק אַ שטיק צייט. אומגעריכט און פּלוצים האָט מאַרק געקראָגן אַ קאָמאַנדיראָווקע אַלס פּראָפּאַגאַנדע קאָמיסאַר אין דעם פּראָפּאַגאַנדע צוג, וואָס האָט בעדאַרפט פון כאַרקאָוו ביז קאָמענעץ־פּאָ־דאָלסק דורכפירן אַ צאָל מיטינגען און לעקציעס וועגן די אויפגאַבן און צילן פון דער סאָוועטישער מאַכט. דידאָזיקע קאָמאַנדיראָווקע איז פאַר מאַרקן געווען אַ דערפרייענדיקע.

אַ טאָג איידער דער צוג האָט בעדאַרפט אָפּפאָרן, האָט מאַרק באַ־שלאָסן צו זען זיך מיט פּראַדקינען. זיין פּלוצימדיק צעשיידן זיך מיט אים אין דעם טאָג פון זיין לעצטן געשפּרעך האָט געהאַלטן מאַרקן אין אַ בעדויערונג שטימונג .ער האָט ניט געטאָרט אַוועקגיין פון אים אַזוי, ווי ער האָט עס געטאָן. פּראַדקין האָט טאַקע געקאָנט מיינען, אַז ער האָט „מורא פאַר דער מורא” ...

צוקומענדיק אין אָוונט צום הויז וואו פּראַדקין האָט געוואוינט, האָט

ער דערקאָנט די פרוי באַ וועלכער פּראַדקין האָט געהאַט דאָס צימער. דער־זעענדיק אים, איז זי בלייך געוואָרן און געוואָלט אַריין אין טויער.

— איז חבר פּראַדקין אינדערהיים? — האָט ער אַ פרעג געטאָן.

— ניין. — האָט זי דערשראָקן געזאָגט. — ער איז נעכטן באַנאַכט... אַוועקגעגאַנגען און ער איז נאָך ניט אַהיים־געקומען.

— נאָך ניט אַהיים־געקומען? — האָט מאַרק געפרעגט אַ באַאומרו־איקטער.

— ניין.

— ווייסט איר . . . אפשר פאַרוואָס? . . .

— כ׳ווייס ניט גאָרניט . . . גאָרניט . . .

— איז דאָ עמיצער געווען . . . פרעגן אויף אים?

— און אַז יא . . . איז וואָס? איך ווייס ניט גאָרניט . . . און אַז ס׳זע־נען געקומען צוויי חברים פרעגן אויף אים, איז דאָס מיין עסק?

— ניין, אודאי ניט . . . האָט מאַרק פאַרשטאַנען, אַז עפּעס איז דאָ געשען און אַז די פרוי האָט מורא צו רעדן פריי און אָפן.

— נו אַ גוטע נאַכט מומע . . . — האָט מאַרק געזאָגט אויף יידיש. — אויב ער וועט אַהיים־קומען זאָגט אים, אַז . . . זאָגט אים, אַז דער רויטער איז דאָ געווען. . . . דער רויטער פון דעם פּראָפּאַגאַנדע פּאַיעזד . . .

— אַז איך וועל אים זען, וועל איך אים זאָגן. — האָט זי געענט־פערט און געלאָזט זיך אין הויז אַריין.

מאַרק איז אַהיים־געגאַנגען אין אַ געדריקטער שטימונג.

אויפן צווייטן טאָג אינדערפרי האָט ער פאַרנומען זיין קליין פּעקל זאַכן און געלאָזט זיך פאָרן צום צוג. אָנקומענדיק צום צוג האָט ער זיך געזען מיט דעם קאָמיסאַר איוואַנאָוו, וועלכער האָט אים אויפגענומען חבריש, אָנגעוויזן אויף זיין ווינקל אין בעטל איך וואַגאָן און דערנאָך גע־נומען אַרומפירן אים איבער דעם גאַנצן צוג, דערציילנדיק, אַז דער ערשטער פּראָפּאַגאַנדע קאָמיסאַר איז קראַנק געוואָרן אויף טיפוס און אַזוי ווי חבר מאַרק האָט זיך שוין געשאַפן די רעפּוטאַציע פון אַ גוטן פּראָפּאַגאַנדיסט, איז דער צוג איצט זיינער מיט דער פולער קאָאָפּעראַציע פון די איבעריקע זעקס חברים.

אַ גאַנצן טאָג איז מאַרק געווען פאַרנומען דורכקוקנדיק ביכער, בראָשורן און די פּראָגראַמען פון די דורכגעפירטע און די נאָך ניט דורכ־געפירטע מיטינגען און לעקציעס פון דעם פּראָפּאַגאַנדע צוג. שפּעט אין אָונט, זיצנדיק באַ דער אָפענער טיר פון וואַגאָן, האָט ער פלוצים דערזען אַ טונקל געשטאַלט, וואָס האָט אים שטאַרק דערמאָנט אָן פּראַדקינען.

— פּראַדקין ?... — האָט ער אויסגערופן שטיל און ניט זיכער.

— מאַרק? — האָט ער דערהערט פּראַדקינס שטיל קול. — איך דאַרף דיך זען . . .

— נו . . . שפּאַן אַרויף . . . — האָט מאַרק געזאָגט.

פראַדקין איז אַרויפגעקומען אין וואַגאָן און פון זיינע מידע אויגן און פאַרגעלטן פנים האָט מאַרק געזען, אַז פראַדקין איז שטאַרק באַזאָרגט.

— ווי אַזוי האָסטו מיך געפונען? — האָט מאַרק געפרעגט.

— די פרוי האָט מיר געלאָזט וויסן, אַז דו ביזט געווען.

— ביזט אויף צרות זע איך.

— איך ווייס ניט ווי טיף, אָבער עס ווילט זיך מיר ניט קריכן טי־פער און אויסגעפיגעבן . . . פאַר מיר איז גענוג וואָס איך שטויס זיך אָן.

— און וועגן וואָס שטויסטו זיך אָן?

— ביזט געווען גערעכט. מיין צונג איז מיין שונא.

— בלויז די צונג?

— ניין.

— וואָס נאָך?

— מעג איך עס דערציילן אַ פראָפּאַגאַנדע־קאָמיסאַר? מיינט עס ניט „צום ווענטל"?

— אויב דו דיינקסט, אַז דער קאָמיסאַר וועט דיך שטעלן צום ווענטל, דאַרפסטו ניט דערציילן.

— ניין, איך דאַרף דיר יאָ דערציילן, ווייל אויב דו קאָנסט מיר העלפן און וועסט מיר העלפן וועסטו זיין אין דעם זעלבן געפאַר. איך בין געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט דער גרופע פון „בונד", וואָס האָט אַרויסגעוויזן קעמפערישע און זעלבסטשטענדיקע טענדענצן . . .

— איך פאַרשטיי שוין . . . — האָט מאַרק געזאָגט.

אַווײלע האָבן זיי געשוויגן .

— וואָס זשע דערוואַרטסטו פון מיר? — האָט מאַרק ענדלעך אַ פרעג געטאָן .

— גיב מיר אַ געלעגנהייט אַרויסצופאָרן מיטן באַן ווי ווייט מעג־לעך . . .

— איך זאָל דיר געבן אַ געלעגנהייט — האָט מאַרק ניט געקאָנט פאַרשטיין ווי פראַדקין קאָן בעטן בא אים ער זאָל טאָן אַזאַ זאַך.

— אַז דו וועסט וועלן, וועסטו קאָנען.

— דו ווייסט וואָס דו פאָדערסט פון מיר?

— איך ווייס.

זיי האָבן געשוויגן אַ ווײלע.

— עס איז באַ מיר ניט קיין פראַגע פון מיין פרייהייט, אָדער פון מיין לעבן אַפילו . . . ס'איז אַ פראַגע פון זיין טריי צו . . . מיין אידייע, מיין אַרבעט, צו אונדזער אַלגעמיינעם ציל . . . — האָט מאַרק שטיל געזאָגט.

— אין דעם האָסטו שוין פאַרלוירן. — האָט פראַדקין געענטפערט.

— האָסט פאַרלוירן מיט דעם, וואָס דו ווייסט וועגן מיר און שווייגסט און אויב אַפילו דו וועסט מיך לאָזן איצט אַוועקגיין, ביזטו שוין סיווי אַ שותף

צו מיין . . . שולד, אויב עס איז אַ שולד.

— דו ווייסט זייער גוט, אַז אַפילו ווען עס וואָלט געווען מיין אַרבעט און פליכט צו אַרעסטירן דיך, וואָלט איך עס ניט געטאָן, טאַקע דערפאַר ווייל דו האָסט געטרויעט דיין פרייהייט אין מיינע הענט.

— טאָ מעגסטו גייען אַביסל ווייטער, אָנוועגנדיק די זעלבע מאָראַל.

— כ'האָב מורא, אַז דו האָסט צוגעשטעלט „צום ווענטל" מיין מאָראַל . . . דו ווייסט זייער גוט אין וואָס פאַר אַ געפאַר מיר זיינען ביידע, איך וועל אָבער ריזיקירן . . . צוליב אונדזערע נעכט אין טעג . . . דאָרטן . . . אין סיביר . . . איך וויל ניט אַז דיין באַפרייער זאָל ווערן דיין הענקער און לאָמיר ניט רעדן מער . . . זיץ און שווייג. לעג זיך אויף מיין בעטל און שלאָף אויב דו ווילסט. דער צוג וועט זיך רירן אַרום צוועלף באַנאַכט.

אַרום צוועלף באַנאַכט, איידער דער צוג האָט זיך גערירט, איז מאַרקן פלוצים איינגעפאַלן אַ געדאַנק.

— זיץ דאָ. — האָט ער געזאָגט פראַדקינען. — אָבער ווען איוואַנאָוו וועט אַריינקומען, און וועט דיך פרעגן אויף דאָקומענטן, זאָלסטו זאָגן אַז דו ביזט געשיקט אַלס אַן אַרויסהעלפער צו מיר, אַז די דאָקומענטן האָסטו אין איילעניש פאַרגעסן אינדערהיים און אַז איך קאָן דיך — דאָס גלייב איך וועט זיין גענוג.

ער האָט זיך געלאָזט גיין צום לאָקאָמאָטיוו וואו איוואַנאָוו איז געשטאַנען און צוקומענדיק אַ זאָג געטאָן:

— איך זע מיר זענען שוין פאַרטיק צום פאָרן חבר איוואַנאָוו.

— יאָ, נאָך אַ פּאָר מינוט.

— אַ גליק פון אַ מענטשן — חבר פראַדקין איז אָנגעקומען פונקט אין צייט.

— כאָוועך פראַדקין? ווער איז ער?

— ער איז געשיקט געוואָרן צו זיין מיין אַרויסהעלפער.

— די לעצטע מינוט?

— עס איז אים שווער אָנגעקומען די קאָמאַנדיראָווקע . . . כאַ . . . ער האָט זיך איינגעשפּאַרט ער וויל זיין מיט מיר און אַז דער פראַדקין שפּאַרט זיך איין, וועט ער שוין זיינס אויספירן. אַפילו קיין סיביר איז ער מיר נאָכגעגאַנגען . . . געווען מיט מיר צען יאָר אין סיביר . .

— אַזוי . . . אַ סיביריאַק . . . נו. קומט לאָמיר גיין באַקענען זיך מיט אים . . . דער צוג רירט זיך באַלד.

ווען זיי זענען אַריינגעקומען אין מאַרקס וואַגאָן איז שוין דער צוג געגאַנגען.

— פראַדקין . . . דאָס איז חבר איוואַנאָוו . . . אונדזער צוג־קאָמיסאַר.

— אַ סיביריאַק, הער איך. — האָט איוואַנאָוו געדריקט זיין האַנט.

— צוזאַמען מיט אים, מיט מאַרקן . . .
— נו, מאַכט זיך היימיש. . . .
— אַ דאַנק האָט פּראַדקין געענטפערט, אָפּגעאָטעמט און אַ קוק געטאָן אויף מאַרקן מיט דאַנקבאַרקייט.
מאַרק האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

די רייזע מיטן צוג איז געווען פאַר מאַרקן אַ טיפע איבערלעבניש. די אַנוועזנהייט פון פּראַדקינען האָט אים יעדעס מאָל דערמאָנט אָן דער אומאַנגענעמער און געפערלעכער סיטואַציע, וואָס האָט זיך געשאַפן אַרום אים.
עס איז אויך צוגעקומען די ענטוישונג מיט די מענטשן אַרום. אַמאָל אַרבעטער, אָבער אָפטער פלעגן קומען פּויערים צום צוג. זיי פלעגן זיך אויסזעצן אויף די בענק, וואָס זענען שוין געווען צוגעגרייט פאַר זיי פלעגן זיצן, קנאַקן קערלעך און האַלב־הערן, האַלב — ניט־הערן, וואָס מאַרק האָט גערעדט צו זיי. ער פלעגט זיך באַמיען צו רעדן צו זיי מיט אַ פּשוטער פאָלקס־שפּראַך, האַלב־רוסיש, האַלב אוקראַיניש, ער האָט אָבער געזען, אַז דאָס אַרויסגעבראַכטע און דערקלערטע פון אים איז פרעמד פאַר זיי, פרעמד ווי אַ פרעמדע שפּראַך פון אַ פרעמדן לאַנד. דאָ און דאָרט פלעגט אַמאָל אַרויסשפּרינגען אַ פראַגע, אָבער מיט אַזוי פיל אומבאַהאָלפענער און אָפענער נאַאיוויטעט, אַז ער פלעגט זיך וואונדערן, צו עס איז אין אַלגעמיין פאַראַן אַ זין אין דעם גאַנצן רעדן זייַנעם.
די יוגנט פון די דערפער, איבערהויפּט די דאַזיקע, וואָס האָבן זיך אומגעקערט פון די פראָנטן, האָבן אויפגענומען זייַנע רייד מיט מער פאַרשטענדניש און מיט מער באַגייסטערונג, דאָס איז אָבער געקומען ניט אַלס רעזולטאַט פון אַרייַנטראַכטן זיך אין דעם גערעכטן, נאָר ווי דער רעזולטאַט פון עפּעס אַן עמאָציאָנעלן אויסברוך פון עפּעס אַ גלויבן אין עפּעס אַ בענקשאַפט, וואָס האָט זיך געריסן פון זיי ווי באַפרייטע פייגל פון שטייגן . . . יאָ, מ׳דאַרף אַרבעטן, מ׳דאַרף פאַרזייען, מ׳זאָל האָבן וואָס צו עסן . . . מ׳דאַרף קוילן צו פירן די צוגן, די פאַנצער צוגן מיט די רויט־אַרמייער . . . די „קולאַקעס" דאַרפן אַרויסגעריסן ווערן מיטן שורש. . .
— דאָס ווייסן זיי שוין . . . און מ׳דאַרף אויפשטעלן אַ גיי לאַנד, אַ ניי סאָוועטיש לאַנד — דאָס ווייסן זיי . . . אָבער . . . דער „אָבער" האָט געמיינט: ס׳איז שווער . . . ס׳אַזוי שווער אונטער די אומשטענדן . . .
עס האָט אים אויך געוואונדערט וואָס ער באַמערקט ניט קיין ענטוזיאַזם בײַ דער יידישער באַפעלקערונג. און ער האָט איינמאָל אויפמערקזאַם געמאַכט פּראַדקינען, אַז דאָס יידישע פאָלק, וואָס טראָגט מיט זיך אַזוי פיל פאַרשטענדניש פאַר גערעכטיקייט און פרייהייט, וואָלט באמת בעדאַרפט שטיין אין אַוואַנגאַרד פון דער רעוואָלוציע.
— נו, שטייען זיי טאַקע און איבער דער פּראָפּאָרציע, — האָט פּראַדקין געענטפערט — דאָס געפיל פאַר גערעכטיקייט און פרייהייט פירט זיי

אָבער אַזוי ווייט ווי עס האָט מיך געפירט. — האָט ער צוגעגעבן. — אויב גערעכטיקייט און פרייהייט, דאַרף עס זיין גערעכטיקייט און פרייהייט און איך מיין ניט משוגענע אחריותלאָזע פרייהייט . . . חוץ דעם ווי קאָן אַ גאַנץ פאָלק ווערן מיטאַמאָל באַגייסטערט, ווען עס זעט ווי זיין גאַנצער עקאָנאָמישער באָדן צעפאַלט זיך אונטער איינע פיס? ווי אַזוי קאָנען זיי דאָס באַנעמען? האָבן זיי שטודירט מאַרקסן אַזוי ווי דו האָסט אים שטודירט? ווייסן זיי וואָס עס מיינט סאָציאַליזם, קאָמוניזם? מיינסטו טאַקע, אַז מיט שיסן און מיט טעראָר ברענגט מען באַוואוסטזיניקייט, דערהייבט מען דעם פאַרשטאַנד און דעם גייסט? וואָס זענען זיי עס שולדיק דאָס פאָלק־פויערים און דאָס פאָלק קרעמער, אַז זיי פאַרשטייען ניט וואָס עס הייסט פּאָליטישע עקאָנאָמיע און היסטאָרישער מאַטעריאַליזם? גוט, דו קומסט צו זיי און רעדסט און דערקלערסט, אָבער ווי אַזוי קאָנען זיי פאַרשטיין זייער צעשטערטע עקאָנאָמישע לאַגע און די שטראָף פאַר ניט פאַרשטיין?

— מיין ניט, אַז איך פאַרשטיי ניט די טראַגעדיע פון דער טראַגעדיע. — האָט מאַרק געענטפערט. — אידייען און רעוואָלוציעס זענען אָבער סטיכיש ווי די נאַטור. ווען ס׳קומט אַן ערדציטערניש אָדער אַ פאַרפלייצונג, אָדער אַ מלחמה אַפילו, וואָס צעשטערט און פאַרניכטעט, האָט קיינער קיין טענות . . . מ׳נעמט עס אויף ווי אַ נאַטירלעכע זאַך, מ׳באַרואיקט זיך און מ׳בויעט ווידער. ווען ס׳קומט אָבער דער אינערלעכער אויסברוך פון פאָלקישן צאָרן, ווען ס׳קומט די צעשטערונג פון אַלטע, פאַרפוילטע יסודות, ווערט עס גלייך אַ טראַגעדיע, ווערט עס גלייך אַ פאַרשווערונג פון מענטשלעכער פרייהייט, פון מענטשלעכער מאָראַל. אויף רעוואָלוציעס דאַרף מען קוקן מיט די אויגן פון אַ וויזיאָנער וואָס זעט ניט נאָר די נאָענטע, די קרובהשע, די לאָקאַלע צעשטערונג און טראַגעדיע. קוק ווייטער און טיפער, פּראַדקין. קוק ווייטער אין דער מענטשלעכער ענטוויקלונג אין דער גייער ציוויליזאַציע און קולטור וואָס קומט, קוק מיט די אויגן פון אַ וויזיאָנער, פון פאַנטאַזיאָר אַפילו, וועסטו זען, אַז גאָט, אויב ס׳איז דאָ אַ גאָט פירט ער די גאַנצע וועלט און די מענטשהייט דורך די טאָלן פון טרויער און טרערן צו דעם גן עדן, וועלכן ער אַליין האָט נאָך אויך ניט געזען.

— בראַוואָ! — האָט פּראַדקין געגומען פּאַטשן מיט די הענט. — בראַוואָ! — נאָך אַזאַ רעדע דאַרף איך זיך דאַכט זיך שעמען פאַרוואָס איך אַנטלויף פון דער רעוואָלוציע. גוט איז דיר — דו ביזט אַ וויזיאָנער. אָבער, איידער מ׳הייבט אָן אַזאַ רעוואָלוציע האָט מען בעדאַרפט כאָטש אַ פּאָר הונדערט יאָר אַריינקנעלן מיט איוואַנען און מיט משה׳ן ווי אַזוי צו זיין אַ וויזיאָנער, כדי זיי זאָלן וויסן, אַז ווען ס׳וועט קומען די רעוואָלוציע זאָלן זיי אויפנעמען דעם אונטערגאַנג פון זייער אידעאָלאָגיע און דעם אונטערגאַנג פון זייער דור ווי פילאָזאָפן.

— שפּאַס, שפּאַס . . . — האָט מאַרק געשמייכלט.

— ס׳איז אָך און וויי צו מיין שפּאַס. — האָט פראַדקין געענטפערט.
— ס׳איז נאָך מער אָך און וויי צו דיין ערנסט. — האָט שוין מאַרק געזאָגט אַן ערנסטער.

אין אַ קילן פרימאָרגן איז דער צוג אָנגעקומען צו דער שטאָט קאַמענעץ פּאָדאָלסק. אַ צען ווערסט אַראָפּ, איז געלעגן קאַלינעץ.

אין דער דאָזיקער נאַכט איז מאַרק געלעגן אויף זיין געלעגער און ניט געקאָנט איינשלאָפן. דערצו האָט פראַדקין מיט זיין רעדן געשלעפּט און געשלעפּט, געשלעפּט צו געדאַנקען פון וועלכע עס האָבן געפלאַמט בײַ אים די באַקן מיט בושה.

— וואָס שווייגסטו, וואָס ענטפערסט ניט, ווען איך רעד צו דיר? — האָט פראַדקין גערעדט. — האָסט עפּעס אַן אַנדערן ענטפער, אַן אַנדערן וועג פאַר מיר?

— איך האָב ניט. — האָט מאַרק געענטפערט. — ס׳איז שוין מער ניט אַ פראַגע פון גערעכטיקייט, פון רעוואָלוציאָנערער מאָראַל . . . האָסט מיך פאַרשלעפּט אין דעם סאַמע בלוט דיינעם . . . ס׳איז אַ פראַגע צו זאָל איך עס פאַרגיסן, צו זאָל איך . . .
— דענקסטו, אַז ס׳קאָן זיין צוויי ענטפערס?
— ניט בײַ אונדז .
— טאָ, ווען זאָל איך גיין, היינט ביינאַכט צו מאָרגן אינדערפרי?
— נאָך אַ נאַכט און נאָך אַ טאָג וועט שוין ניט ענדערן די לאַגע.
— ווי ווייט, זאָגסטו, איז די גרענעץ?
— צען ווערסט פון קאַלינעץ?
— קאָנסטו מיר געבן אַ בריוול צו עמיצן אין קאַלינעץ?
— איך קאָן ניט אַזעלכע פאַרשוינען אין קאַלינעץ . . . איך קאָן איצט קיינעם ניט . . . מיין שוועסטער און שוואָגער זענען שוין אויך מסתּמא פון יענער זייט.
— אָבער דאָך, איך קאָן דאָך ניט צושפּאַצירן צום דניעסטער, נעמען אַ שיפל און לאָזן זיך אַט אַזוי אין דער וועלט אַריין . . .
— אַודאי קאָנסטו ניט . . .
— וואָס זשע וועל איך טאָן?
— שלאָף . . . לאָמיר שלאָפן דערווײַלע . . . כ׳וועל עפּעס צוטראַכטן . . .

ער איז געלעגן און האָט געטראַכט . . . וואָס־וואָס . . . אָבער צו פאָרן קיין קאַלינעץ וועט ער דאָך סיי־ווי־סיי . . . עס ציט דאָך אים אַהינצו . . . אויסגעפינען . . . און טאַקע זען וואָס צו טאָן מיט פראַדקינען . . . אַך, דער פראַדקין . . .

ער וועט אינדערפרי זאָגן איוואַנאָוון, אַז ער וויל אַ פּאָר טאָג קיין קאַלינעץ . . . ער וויל זען צי עס זענען פאַרבליבן עמיצער פון זיינע איי־

גענע . . . אינדערפרי . . .

ווען פראַדקין האָט זיך אויפגעכאַפּט פאַרטאָג, האָט ער אויפגע־וועקט מאַרקן.

— נו? — איז געווען זיין ערשטע פראַגע.

— איך וועל פאָרן מיט דיר. — האָט מאַרק געענטפערט.

— דו ווילסט? — האָבן פראַדקינס אויגן אַ שיין געטאָן מיט פרייד.

— איך דאַרף רעדן מיט איוואַנאָוון.

— איך וועל עס אייביק געדענקען, מאַרק . . . אייביק . . .

— איך טו עס ניט פאַר דיר, איך טו עס פאַר זיך. שוין צייט זאָלסט וויסן, אַז די טובות וואָס מיר טוען יענעם, טוען מיר, **אייגנטלעך, צוליב** זיך אַליין אויך . . .

— נו, גוט . . . מיר וועלן שוין אויסקומען . . . אַך, ווי זעט מען איך שוין דאָרט.

ווען מאַרק האָט דערנאָך געטראָפן זיך מיט איוואַנאָוון, האָט ער מיט אַ שמייכל אַ זאָג געטאָן:

— חבר איוואַנאָוו . . . איך קלייב זיך אַריינצושפּאַצירן אין מיין שטעטל קאַלינעץ אויף אַ פּאָר טעג. דענקט איר, אַז איר וועט איך קאָנען באַגיין אָן מיר?

פאַרוואָס ניט? פאָרט. — האָט איוואַנאָוו געזאָגט.

— איך וועל נאָך אפשר היינט צופאָרן. — האָט מאַרק געזאָגט רו־איק. — און איר׳ט מיר דערלויבן מיטצונעמען פראַדקינען.

— אָה, יאַ . . . — איז איוואַנאָוו געוואָרן ערנסט. — פראַדקין . . . איך האָב טאַקע ערשט אין זינען געהאַט צו פרעגן אייך עפּעס וועגן פראַד־קינען.

— וואָס? — האָט מאַרק געפרעגט, פאַרמאַסקירנדיק זיין אומרואי־קייט.

— איך האָב די גאַנצע צייט ניט געפרעגט אויף זיינע דאָקומענטן. ערשטנס איז ער דאָך אייער חבר; צווייטנס, איז אייער וואָרט גוט פאַר מיר . . . אָבער איצט . . . וואָלט איך זיי געוואָלט זען.

— ער האָט זיי דאָך פאַרגעסן, זאָגט ער, איילנדיק זיך צום באַן. — האָט מאַרק געענטפערט.

— זענט איר זיכער, אַז ער האָט זיי פאַרגעסן?

— אַזוי האָט ער מיר געזאָגט, און . . . איר האָט דאָך געקאָנט אָנפרעגן זיך אין כאַרקאָוו . . .

— אַוודאי, האָב איך געקאָנט, אַפילו ווען עס דאַרף נעמען אַ לאַנגע צייט צו קריגן אַן ענטפער. געקליבן זיך און באַרעכנט, אַז איך האָב גע־מאַכט אַ טעות פון אָנהייב אָן, איז בעסער לאָזן עס, ניט זאַטשעפּען... און דערצו האָב איך זיך פאַרלאָזט אויף אייך. איצט אַז איר האָט מיר געזאָגט, אַז איר ווילט אים מיטנעמען ,האָב איך באַשלאָסן צו זאָגן עס אייך.

— איך וועל מיט אים רעדן וועגן דעם.

— טוט עס, חבר מאַרק. איך פאַרלאָז זיך אויף אייך. — האָט ער צו־געגעבן מיט אַ שמייכל; דער שמייכל זיינען איז אָבער געווען אַ האַלב־טרויעריקער, אַ שמייכל מיט אַ זייטיקן, אומדירעקטן בליק.

— איך בין זיכער, אַז מיין רעדן וועט צו גאָרניט פירן. איך ווייס, אַז ער האָט ניט די דאָקומענטן. וואָלט אפשר בעסער געווען, ווען . . . איך פאָר ניט?

— ניין, ניין . . . בעסער פאָרט . . . ס'איז אייגנטלעך בעסער אַז איר זאָלט איצט פאָרן, איידער שפּעטער. וואָס פריער, אַלץ בעסער.

— אַליין, צי מיט פּראַדקינען?

— נעמט אים מיט, נעמט אים מיט . . . — האָט זיך איוואַנאָוו ווי געאיילט צו פאַרענדיקן דעם געשפּרעך.

— וועלן מיר נאָך היינט פאָרן. און . . .

— גוט. — האָט איוואַנאָוו אַ זאָג געטאָן ענטשלאָסן און געלאָזט איך צום וואַגאָן.

מאַרק איז געבליבן שטיין אַ פאַרטראַכטער. דער גאַנצער געשפּרעך איז אים ניט געפעלן געוואָרן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז איוואַנאָוו פאַר־דעכטיקט עפּעס. און דאָך לאָזט ער זיי פאָרן. זאָל דאָס זיין אַ מאַנעוור פון זיין זייט, צי אפשר וויל ער ניט זיין דער שולדיקער, דערדאַיקער, וואָס וועט דאַרפן איבערגעבן פּראַדקינען און אפשר אים מאַרקן אויך אין די הענט פון דער רעוואָלוציאָנערער גערעכטיקייט . . . אפשר האָט ער אויך באַשלאָסן צו פאַרראַטן די רעוואָלוציע אין זיך מיט אָט דעם שטראַל פון מענטשלעכקייט?

פּראַדקין האָט געוואַרט אויף מאַרקן מיט אומגעדולד. ער האָט אים געזען רעדן מיט איוואַנאָוון און עפּעס איז אים ניט געפעלן געוואָרן אין מאַרקס אויסדרוק — עפּעס צו ערנסט איז ער געווען.

מאַרק איז צוגעקומען און אַ זאָג געטאָן:

— נעם דיין פּעקל פּראַדקין און לאָמיר גיין.

מאַרקס ווערטער האָבּ אים דערפרייט און דאָך געשראָקן:

— עפּעס געשען? — האָט ער אַ פרעג געטאָן.

— כ'וועל דיר שוין דערציילן . . . אויפן וועג.

עס האָט ניט גענומען לאַנג איינצופּאַקן די קליייניקייטן. זיי האָבן זיך געלאָזט גיין אין שטאָט אַריין זוכן אַ בעל־עגלה.

פאַרנאַכט צו זענען זיי אָנגעקומען קיין קאַלינעץ. דאָס שטעטל איז געלעגן אין טאָל, ווי איינגעוויקלט אין בלויע וואָלקן. דאָ און דאָרט האָט אַ שיין פון אַ לאָמפּ אין אַ שטוב, אָדער פון אַ לאַמטערן אין גאַס געררופן מיט וואַרעמקייט און מיט שטילן, שעפּשענדיקן טרויער. זיי זענען געגאַנגען איבער די גאַסן, באַ די טירן פון פאַרמאַכטע קראָמען, באַ איינזאַמע שטי־בער, באַ פאַרקאַנעס און סעדער, ביז זיי זענען צוגעקומען צום הויז וואו

מאַרקס עלטערן האָבן אַמאָל געוואוינט.

זיי זענען געבליבן שטיין און מאַרק האָט אַריינגעקוקט אין דער אָפענער טיר. דערזעען אַ פרעמדן יידן און אַן אַלטע פרוי. זיי זענען געזעסן באַם טיש .ער האָט געגעסן, זי האָט גענייט. ער איז צוגעגאַנגען בענטער צו דער טיר, געבליבן שטיין באַ דער שוועל:

— אַ גוטן אָוונט.

— אַ גוטן אָוונט . . . — האָבן ביידע געענטפערט און אויפגעהויבן זיך.

— דאָ האָבן מיט עטלעכע יאָר צוריק געוואוינט מיינע עלטערן . . . האָט מאַרק געזאָגט, ווי ענטשולדיקנדיק זיך.

— אָה . . . אַזוי . . . האָט דער מאַן געזאָגט באַטראַכטנדיק אים.

— קומט אַריין.

מאַרק איז אַריינגעגאַנגען, פראַדקין האָט אים נאָכגעפאָלגט.

— כ'בין געקומען ווידער אַ קוק טאָן וואָס ס'טוט זיך דאָ. — האָט מאַרק געזאָגט.

— אָה, איר זענט דאָך שלום'ס זון . . . דערדאָזיקער וואָס איז געווען פאַרשיקט . . . האָט זיך די פרוי אָפּגערופן. זיצט, זיצט . . . . — האָט זי צוגערוקט אַ בענקל.

— דאָס איז מיין חבר, פראַדקין.געווען צוזאַמען מיט מיר.

— אַזוי, אַזוי . . . האָט דער מאַן געזאָגט, באַטראַכטנדיק פראַד־קינען.

— ווייסט איר אפשר וואו מיין שוועסטער און מיין שוואָגער זע־נען, — האָט זיך מאַרק געווענדט צו דער פרוי.

— זיי זענען געווען אַ שטיק צייט פון יענער זייט אין זאַוטשאַן, געהערט, אַז זיי זענען אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע.

— און וואָס . . . און וואָס . . . טוט איר אין קאַלינעץ. — איר ווילט זיך באַזעצן דאָ?

— ניין, — האָט מאַרק געענטפערט.

— וואָס וועט זיך דאָ אַזאַ מענטש . . . ווי דער חבר . . . באַזעצן זיך דאָ פּלוצים אין קאַלינעץ? — האָט די פרוי גערעדט צו דעם מאַן, ווי צו אַ נודניק. — וואָס וועט ער דאָ טאָן, ווען די משפחה איז דאָרט אין אַמע־ריקע?

— נו, דעריבער פרעג איך טאַקע . . . האָט דער מאַן אַ שמייכל געטאָן. — מ'קאָן זיך דאָך באַזעצן אויף אַ וואָך, אָדער צוויי . . . און דער־נאָך זעט מען . . . נאָך אַלעמען . . . כ'זע דאָך . . . ער איז דאָך שלום'ס אַ זון, איז ער דאָך ניט קיין פרעמדער . . . מעג איך דאָך פרעגן און ער מעג דאָך מיר אויך זאָגן . . .

— וואָס קאָן ער דיך פרעגן און וואָס ווייסטו צו זאָגן. — האָט די פרוי שוין פּרובירט שפּאַסן .

— איר׳ט אפשר טרינקען אַ גלעזל טיי? — האָט זי געפרעגט. — קיין גבירים זענען מיר ניט, אָבער אַ גלעזל טיי . . .

— זאָל זיין אַ גלעזל טיי. — האָט מאַרק געזאָגט.

— קומען דאָ אָפט פרעמדע צו אייך אין שטעטל? — האָט פראַדקין געפרעגט.

— אַז איר פרעגט, וועל איך אייך זאָגן. — האָט דער מאַן געענט־פערט — מ׳קומט . . . און נאָך ווי אַזוי מ׳קומט . . . איר ווייסט דאָך . . . אַ שטעטל באַם דניעסטר, באַ דער גרעניץ, אַזוי צו זאָגן . . . נו, דאַרף איך אייך אַריינלעגן אַ פינגער אין מויל?

— איר דאַרפט ניט . . . — האָט פראַדקין געשמייכלט. — איך פאַר־שטיי אייך גאַנץ גוט רעב . . .

— רעב שלמה און דאָס איז מיין ווייב צירל . . . מיר האָבן די עהרע . . .

וואָס שפּעטער עס איז געוואָרן אין אָוונט, אַלץ היימישער און באַרע־דעוודיקער איז געוואָרן שלמה. ער האָט דערציילט ווי דאָס לעבן אין שטעטל איז פּוסט . . . וואָס וועלן יידן טאָן, אַז מ׳קאָן ניט האַנדלען . . . אָט אין די גרויסע שטעט איז, מסתמא, אַנדערש — רעגירונגס אַנשטאַלטן, פאַב־ריקן . . . האָבן מענטשן וואָס צו טאָן, וואו צו אַרבעטן. אָבער אין קאָלוי־נעץ איז אַ קרעמער פאַרבליבן אַ קרעמער . . . קיין קראָם האָט ער טאַקע ניט, טראָגט ער זי אָבער אין קאָפּ. וואָס זשע טוט ער פאָרט? ער ספּעקו־לירט . . . מיט וואָס עס טרעפט זיך. ער קויפט און פאַרקויפט. דערפאַר לויפן אָט די דאָזיקע מענטשן אַוועק אַריבער דעם דניעסטר און ווען די סאָוועטן־מאַכט וואָלט געפרעגט אַן עצה באַ אים, וואָלט ער געזאָגט: לאָזט זיי לויפן, לאָזט . . . וואָס דאַרפט איר זיי? לאָזט זיי לויפן און ברוך שפטרנו! . . .

— און ווי אַזוי לויפן זיי אַריבער? — האָט פראַדקין אַ פרעג גע־טאָן. — מ׳קאָן דאָך ניט אָט אַזוי זיך אַריבער גיין און פאַרטיק.

— נו, גאָט שיקט צו אַ רפואה צו יעדער מכה . . . — האָט שלמה געשמייכלט. — מיר האָבן דאָ אַ בערקע, פון די אמתע בערקעס . . . ער פאַרזאָרגט שוין אַלעס . . . — איר הערט, טאָוואַרישטש מאַרק . . . — האָט שוין שלמה גערופן מאַרקן באַם נאָמען . . . — ווען איך וואָלט גע־ווען אַביסל יינגער, וואָלט איך זיך אויך אַ לאָז געטאָן, צווישן אונדז גע־רעדט, — אַריבער . . . ניט ווייל איך האָס, חלילה, די פאַראָנדקעס דאָ . . . — וואָס פעלט מיר, אָדער וואָס האָב איך פריער געהאַט? אַ שערער געוועזן און אַ שערער פאַרבליבן. נאָר וואָ דען? . . . איצט איז מיר אַביסל בעסער און אַביסל ערגער. בעסער איז מיר, ווייל איך וואוין, ווי איר זעט אין אַ גוטער דירה אַן אַלטע שוין . . . פאַר נאַטשאַלסטוואָ טויג זי ניט, אָבער פאַר מיר — אויסגעצייכנט. בין איך צעפרידן. מיינעביידע בנים זענען ערגעץ אין ראַסיי, וואו ווייס איך ניט. אפשר זענען זיי קאָמיסאַרן ער־

געץ . . . אַ שאלה אויף אַ מעשה? יאָ . . . און וואָס זשע איז מיר ערגער? עס איז מיר ערגער . . . ווייל איך ווייס ניט וואו איך האַלט אין דער וועלט. איך בין אויס מענטש, ווייל איך האָב ניט פון וואָס צו רעדן. אַמאָל האָב איך געוואוסט די גאַנצע פּאָליטיק — היינט ווייס איך גאָר ניט . . . און דאָס וואָס איך ווייס — רעד איך ניט. איר ווייסט וואָס עס הייסט פאַר אַ שערער צו שטיין באַם בענקל, און שערן, און האַלטן דאָס מויל פאַרמאַכט? וואָס, איך דאַרף איך אַריינלעגן אַ פינגער אין מויל? דערפאַר זאָג איך, אַז ווען איך בין יונג, אַט אַזוי ווי איר, אָדער דער חבר אייערער, וואָלט איך זיך ניט געשעמט און וואָלט געזאָגט: בערקע, פּעקל מיך אַריבער . . .

— ווי לאַנג נעמט עס דעם בערקען אַריבערצופּעקלען, ווען מ׳דאַרף...

— האָט פראַדקין געפרעגט.

— ער קאָן עס מאַכן אין אַ מעת לעת . . . אָבער איך זע איר זענט שלעפעדיק, האָט איר וואו צו שלאָפן?

— ניין — האָט מאַרק געענטפערט

— וועט איר היינט שלאָפן אין אייער אייגענער שטוב און איך וועל אייך אַפילו ניט זאָגן מאַכט איך היימיש . . . כע, כע . . .

צירל האָט שוין צוגעגרייט געלעגערס פאַר מאַרקן און פאַר פראַדקי־נען און איבגיכן זענען זיי אַלע געגאַנגען שלאָפן. מאַרק האָט אָבער ניט געקאָנט אנשלאָפן ווערן. דורך דעם אָפענעם פענצטער האָט ער געזען דעם אַזוי גוט באַקאַנטן סאַד מיט באַרן־ביימער . . . געהערט דאָס האַוו־קען פון הינט . . . אַזאַ באַקאַנט האַווקען, גלייך ווי ער וואָלט עס ערשט נעכטן געהערט. די מאַמע, האָט זיך אים אויסגעוויזן, דרייט זיך אַרום אין קיך און דער פאָטער הוסט און קרעכצט . . .

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פאַרטאָג. ס׳איז נאָך געווען כמעט פינצ־טער. די הענער האָבן שוין געקרייעט.

ווי מיט העמערלעך האָבן געדאַנקען געקלאַפּט און דערמאָנט: פראַד־קין . . .פראַדקין . . . פראַדקין . . . ווי וועט ער קומען צוריק צו איוואַ־נאָוון אָן פראַדקינען . . . וואָס וועט ער אים זאָגן . . . ער וועט דאָך מוזן פאָרן צוריק . . . צוריק . . . צוריק אויב ער פאָרט צוריק, איז אי־בערגעריסן דער לעצטער פאָדעם ,מיט יענעם חלום . . . דער חלום, וואָס וואַרט, וואָס האָט ניוראַס שמייכל, ניוראַס אויגן . . . ער ווייסט ניט . . . אפשר וואַרט זי גאַרניט אויף אים . . . אפשר איז זי שוין פאַרהייראַט . . . דער לעצטער בריוו אבער . . . איר לעצטער בריוו האָט אים געגעבן אַ וואָרט, וואָס וועט שטענדיק ליגן אין זיין מח ווי אַ מאַגנעט . . . דאָס וואָרט — בענקשאַפט . . . וועט ער פאָרן צוריק צום צוג, וועט דאָס וואָרט, דאָס געפיל בלייבן אַליין. אָפּגעריסן . . . און פאַרוואָס מוז עס זיין אָפּגע־ריסן? ווייל דען די רעוואָלוציע, רוסלאַנד, אַז דאָסדאָזיקע געפיל זיינס זאָל פאַרבלייבן אויף אייביק אַ ניט־באַפרידיקט געפיל? וואו איז די גרענעץ פון קרבן פאַר אַן אידעאַל? און אַז ער וועט פאַרלאָזן רוסלאַנד, וועט ער

דען מיט דעם, אַוועקוואַרפן, צעטרעטן, אָפּווישן זיין רעוואָלוציאָנערן גייסט? ניין . . . דעם גייסט טראָגט ער מיט זיך, ווי ער טראָגט זיין נשמה, זיין געדאַנק און ער וואָלט אים געטראָגן אויך דאָרט אין אַמעריקע . . . וועט ער דען ווערן מאָראַליש אַ דעזערטיר, ווען ער וועט נעמען אַ שטיק פון זיין אייגן לעבן און וועט עס האַלטן פאַר זיך זעלבסט, פאַר זיך און נאָך פאַר איין מענטשן, פאַר דער פרוי, וואָס איז פאַר אים . . . ניין, ער וועט מיט דעם קיין דעזערטיר ניט ווערן . . . אַ דעזערטיר איז דער, וואָס פאַרלאָזט דעם אידעאַל, וואָס אַנטלויפט פון זיין אייגענער איבערצייגונגנג . . . ניין, קיינער טאָר ניט זאָגן אַז ער איז אַ דעזערטיר . . .

ער האָט זיך אויפגעהויבן, פאַררויכערט, געשטאַנען באַם פענצטער. געקוקט ווי דער הימל נעמט זיך רויטלען. אַרויסגעגאַנגען שטיל פון הויז און געלאָזט זיך גיין אין סאַד. אַנידערגעזעצט זיך אויף דער באַנק, אונ־טערן באַרן־בוים און ווידער אַריבערגעטראָגן זיך מיטן געדאַנק צום צוג. דאָס שטרויענע בעט שטייט דאָרט ליידיק, זיי שטייען דאָרט אויף . . . זיי טרינקען טיי . . . איוואַנאַוו . . . איוואַנאַוו טראַכט איצט וועגן אים און וועגן פראַדקינען . . .

דער שערער שלמה איז אַרויסגעקומען פון דער טיר אַ געגעצנדי־קער. געגאַנגען מיט לאַנגזאַמע טריט צו מאַרקן.

— שוין אויפגעשטאַנען, זע איך . . . איר זענט מסתמא געוואוינט אַזוי . . . — האָט ער געזאָגט.

— יאָ אַ געוואוינהייט שוין. — האָט מאַרק געענטפערט.

— געשלאָפן גוט . . . באַ זיך אין דער היים?

— יאָ . . . טאַקע אין דער היים.

— נו, אַ היים איז אומעדום אַ היים, וואו מ׳פילט זיך אין דער היים . . . — האָט שלמה פילאָזאָפירט, שמייכלענדיק.

— גוט געזאָגט, גוט געזאָגט, — האָט מאַרק געזאָגט, ניט צו שול־דיק זיין אַן ענטפער.

— פאַר אונדז יידן ,איז דאַכט זיך די גאַנצע וועלט אַ היים. — האָט שלמה ווייטער געצויגן זיין געדאַנק. — אָדער אפשר פונקט פאַרקערט: פאַר אונז אידן איז אין ערגעץ ניטאָ קיין היים—אומעדום — אַ געבאָרגטע היים . . . אָט דער באַרן־בוים האָט זיין גאָרטן איז אים גוט. אָבער שטעלט זיך פאָר, ווען דער עפּל־בוים הייסט אים אָנצופּאַנגען שמעקן ווי אַן עפּל, וואָס וואָלט געוואָרן פון דעם באַרנבוים?

מאַרק האָט געשמייכלט .

— כ׳פאַרשטיי, מיין משל איז גוט פאַר אַ מכה — האָט שלמה אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. — אַ באַר דאַרף אָבער זיין אַ באַר און אַ עפּל דאַרף זיין אַ עפּל און אַ מענטש — אַ מענטש. אויב אָבער איר ווילט ווערן אויס מענטש צוליב אָט דער באַר, זעט איר ניט קיין מענטש . . .

מאַרק האָט געשמייכלט. עפּעס אין דעם שלמה׳ס פּרימיטיווער קלוג־

שאָפּט איז אים געפעלן געוואָרן, גענומען אויספייפיין דאָס לידל. „אַך, דו עפּעלע, וואוהיין קאָטשעסטו זיך" . . .

— וועלן מיר אַריינגיין טרינקען אַ גלעזל טיי־פּאַני מאַרק? — האָט שלמה געפרעגט.

— מ׳מעג — האָט מאַרק געענטפערט.

— און וואָס נאָך מעג מען? — האָט שלמה אַ פינטל געטאָן מיטן אויג.

— מ׳מעג דאַכט זיך אַ שמועס טאָן מיט בערקען. ער האָט אַ פּאָר פּעקלעך.

— ווי דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט. — האָט שלמה געשמייכלט צע־פרידן. — וואָ׳דען, איך בין ניט קיין מבין אויף אַ טשאַד? איך האָב גלייך דערשמעקט פון וואַנען דער ווינט בלאָזט. נו קומט, וועלן מיר טרינקען טיי . . . און זיצט אויב אַזוי אַ גאַנצן טאָג אין הויז און זאָל אייך קיינער דאָ ניט זען. איך וועל שוין ריידן מיט בערקען . . . איר, איר זענט שוין אַזוי גוט ווי דאָרט . . . פון יענער זייט און אַדיע . . .

אין דעמזעלביקן טאָג, פאַרנאַכט צו, האָבן זיך מאַרק און פּראַדקין געלאָזט פאָרן קיין סטילינעץ. דאָרט אין סטילינעץ, באַם אַריינפאָר פון דאָרף האָבן זיי באַדאַרפט טרעפן זיך מיט אַ פויער, ווי זיי האָבן אָפּגעשמו־עסט מיט בערקען באַם שערער. . פּראַדקין האָט דעם גאַנצן וועג גע־ציטערט פון נערוועזיטעט, ניט געגלייבט נאָך, אַז ער איז שוין טאַקע אויפן וועג צום גרענעץ, וואָס האָט בעדאַרפט אָפּשניידן אַזוי שאַרף אַ שטיק פון זיין לעבן. מאַרק איז געווען רואיק, געדרויכערט, געשוויגן און גע־טראַכט. די פערד האָבן געקלאַפּט ריטמיש אויף דעם שטויביקן וועג. זיי האָבן קיינעם ניט באַגעגנט און קיינער האָט זיי ניט אָפּגעשטעלט, ווי פּראַד־קין האָט מורא געהאַט. אַלץ ווייטער און ווייטער איז געוואָרן קאַלינעץ און אַלץ טיפער און טיפער צו אַן אומבאַקאַנטן לעבן, האָט זיך זיי אויס־געוויזן, טראָגט זיי דער פאַעטאָן. די נאַכט האָט געגידערט מיט טונקעלער בלויקייט און דער הימל האָט זיך מיטאַמאָל צעשפּרייט פאַר די אויגן מיט אומצאָליקע שטערן.

ענדלעך האָבן זיי זיך דערנענטערט צו סטילינעץ. אָט איז די אַמאָ־ליקע קרעטשמע, וועגן וועלכער בערקע האָט גערעדט. און אָט דער ברו־נעם מיט ן צלם . . . און ווייטער . . . די דריטע פויערשע כאַטקע . . . דאָרט באַם טויער וואַרט דער פויער מיט אַ הונט אויף אַ שטריק. דאָס איז עס . . .

זיי זענען אַראָפּגעגאַנגען פון פאַעטאָן, געלאָזט זיך גיין צום פויער. דערזעענדיק זיי איז דער פויער אַריין אין הויף — זיי נאָך אים. אין שטוב שוין האָט ער געפרעגט ווער עס האָט זיי געשיקט.

— בערקע — האָט מאַרק געענטפערט.

— גוט. — האָט דער פויער געזאָגט און אָנגעוויזן זיי אויף דער

באַנק .

ער איז אַוועקגעגאַנגען און אינגיכן צוריקגעקומען:

— הײדאַ . . .

זיי זענען אים נאָכגעגאַנגען.

זיי זענען צוגעקומען צום ברעג טייך, דערזען אין דער טונקלקייט אַ שיפל. דער פויער איז אַריין דער ערשטער און מיט דער האַנט אַ וויז געטאָן, זיי זאָלן אויך אַריין. פראַדקין איז אַריין נאָך אים, אַנידערגעזעצט זיך נאָענט צום פויער, מאַכנדיק פלאַץ פאַר מאַרקן.

— הײדאַ . . . — האָט מאַרק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. — הײדאַ . . . דער פויער האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט, האָט ער ווידער אָנגעוויזן מיט דער האַנט אויפן שיפל:

— שנעלער . . .

— מאַרק . . . — האָט אויך פראַדקין ניט פאַרשטאַנען. — וואָס וואַרט־סטו ? . . .

— איך בלייב. — האָט מאַרק שטיל געזאָגט און ווידער אַ מאַך גע־טאָן מיט דער האַנט. — הײדאַ . . . געגאַנגען . . .

— ביזט משוגע, צו וואָס . . . —האָט פראַדקין קוים אַרויסגע־שטאַמלט און ס׳האָט אים גענומען וואַרגען אין האַלדז פון געוויין און טרערן . . .

דער פויער האָט שוין אָבער מער ניט געוואַרט און דאָס שיפל האָט זיך גענומען גליטשן שטיל איבער די קאַלטע טונקעלע כוואַליעס. דער ברעג, וואו מאַרק איז געבליבן איז געוואָרן פאַרטושירט אין דער טונקלקייט פון נאַכט.

מאַרק איז געשטאַנען אַ ווײַלע ווי אַן אַרומגענומענער פון אומזע־באַרע הענט פון אַ רואיקן פול מיט חכמה שמייכלענדיקן געשטאַלט. געפילט ווי דאָס האַרץ הייבט זיך ווי אויף די כוואַליעס, וואָס האָבן שטיל גע־פליעסקעט באַ זיינע פיס און דער מוח האָט רעזאַנירט: דאָס איז זיג, מאַרק . . . זיעג . . .

געלאָזט זיך מיט לאַנגזאַמע טריט צוריק צום פויערים שטיבל, וואו עס האָט אים באַגעגנט דער הונט מיט אַן אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ, אַ לאַש־טשענדיקער . . .

ג.

שפּעט באַנאַכט האָבן צוויי טונקעלע פיגורן אָנגעקלאַפּט אין פענצ־טערל פון אַ קליין־איינגעאויקערטער הייזקע. דאָס שטילע קלאַפּן אין דער שטילקייט פון דער נאַכט האָט געוועקט מיט מיסטישער מורא . .

— ווער איז דאָרט? — האָט זיך דערהערט אַ פאַרשלאָפענע פרויען שטימע.

— דאָס זענען מיר, מומע . . . עפנט אויף, מומע שרה . . . דאָס איז שמעון און מענדל באַסיעס . . .

— געוואַלט . . . וואָס הער איך . . . — איז זי אַוועק פון פענצטער.

אַ פּלעמל האָט אַ ציטער געטאָן אין לעמפּל, דאָס ריגל פון דער טיר האָט אַ קריץ געטאָן און די מומע, אין הוילן העמד, מיט אַ שאַל אויף די פּלייצעס, האָט געעפנט די טיר.

— ווי איז מיר . . . ווי אַזוי קומט איר קיין זאַוווטשאַן, קינדער?

— מיר וועלן אייך שוין דערציילן, מומע . . . אַבי מיר זענען גע־קומען.

זיי זענען אַריינגעקומען אין שטוב און די מומע שרה האָט געכאַפּט אַ קליידל אויף זיך און פאַרדעקט דאָס פענצטער מיט אַ שאַל. שמעון און מענדל האָבן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די רעקלעך און זענען געבליבן זיצן שווייגנדיקע, מידע, אויסגעשעפּטע . . . שמעון האָט זיך געריבן דעם שטערן און האָט געזיפצט און מענדל האָט גענומען אויסטאָן די שטיוול און אַראָפּגענומען די אָנוטשעס.

— וואו איז דער פעטער בעריש? אין וועג, מסתמא? — האָט מענדל געפרעגט.

— וואו דען איז אַ באַלעגאָלע? — האָט שרה געענטפערט און געפּאַ־רעט זיך באַם אויוון. — איך וועל מאַכן אַ גלעזל טיי, קינדער . . . איר זענט, מסתמא, גוט הונגעריק, האַ? מ׳זאָגט, מענטשן פאַלן דאָרט אין די גאַסן פון הונגער . . . און וואָס טוט דער טאַטע און די מאַמע? און וואָס איז מיט דער ,,וואָסט" דאָרטן . . . מ׳דערציילט עפּעס אַזעלכע זאַכן . . .

שמעון און מענדל האָבן געענטפערט אויף אירע פראַגן, געטרונקען טיי מיט צוקער, געשלונגען דאָס קאָרענע ברויט מיט פּאָווידלע און שרה האָט דערווייל געמאַכט אַ געלעגער פאַר זיי — זיי זענען דאָך אויסגע־מאַטערט און ס׳איז שוין נאָך האַלבער נאַכט . . . וועט מען שוין רעדן אינדערפרי . . .

שמעון און מענדל זענען געקומען פון שאַרגיץ, וואָס איז געלעגן אַ דרייסיק ווערסט פון דנעסטר. דער פאָטער זייערער סענדער איז געווען אַ ליפעראַנט. די מוטער, באַסיע ,איז געווען אַן איידעלע, קרענקלעכע פרוי און האָט זיך אָפּגעגעבן מיטן גאַנצן לעבן צו איר מאַן, צו אירע צוויי זין און צו דער שטוב. אַלס קינד נאָך, איז שמעון געווען אַ שטילער פאַרי־חלומטער אינגל, שטענדיק אַ פאַרטיפטער אין געדאַנקען און אין ביכער. מענדל, פאַרקערט, האָט פיינט געהאַט צו לערנען, פלעגט ליב האָבן צו שפּאַסן און אָפּטאָן שפּיצלעך .שמעון איז געווען אַ בלאָנדער און איי־דעלער, ווי די מוטער; מענדל איז געווען הויך און שטאַרק און זיינע שוואַרצע חן׳עוודיקע אויגן האָבן שטענדיק געשמייכלט. ניט איינמאָל פלעגט מען קומען צו באַסיען באַקלאָגן זיך אויף אים: דאָ האָט מען אים גע־כאַפּט רייסן עפּל, און דאָ האָרט האָט ער פאַרשטופּט אַ יינגל טיף אין וואַ־סער אַריין, אַז יענער איז שיער דערטרונקען געוואָרן; און ווען באַסיע

האָט אָנגעהויבן צו באַמערקן, אַז פון איר בייטעלע ווערן פאַרפאַלן גריוו־נעס און פערטעלעך, האָט זי שוין געוואוסט אַז דאָס איז מענדלס אַרבעט. וואָס עלטער ער איז געוואָרן, אַלץ ווייניקער חשק האָט ער געהאַט צום לערנען. די שול האָט ער ניט פאַרענדיקט. האָט סענדער אָנגעהויבן מיט־צונעמען אים אויף די יאַרידן, און אַ פּאָר מאָל מיטגענומען אים אויך קיין זאַוויטשאַן, וואו די מומע שרה האָט געוואוינט. דאָס אַרומפאָרן מיטן פאָ־טער איז געפעלן געוואָרן מענדלען. אַ פריילעכע חברה זענען זיי געווען די ליפעראַנטן, אַלערליי מעשיות האָט מען זיך געקאָנט אָנהערן פון זיי אין די שענקען און אין קרעטשמעס באַ אַ גלעזל זיסן בעסאַראַבער וויין: געשיכטעס וועגן שווינדלער און קאָנטראַבאַנדיסטן, געשיכטעס וועגן שדים, געשיכטעס וועגן שיקסעס . . . זיי זענען אים געפעלן געוואָרן די־דאָזיקע מעשיות און זיי פלעגן רייצן זיין פאַנטאַזיע. ער האָט אָנגעהויבן צו באַמערקן, אַז מיידלעך און אַפילו פאַרהייראַטע פרויען קוקן אויף אים ווי אויף אַ מאַן. האָט ער אָנגעהויבן צו באַנעמען זיך מיט זיי ווי אַ מאַן. און אויך אין דעם איז ער געווען ווילד און פאַרשייט.

שמעון האָט געוואוסט, אַז דער וויטערער וועג צו בילדונג איז פאַר אים פאַרשפּאַרט. עס איז פאַר אים געבליבן דער שווערער וועג פון אַן עקסטערן אויף וועלכן ער האָט זיך געלאָזט מיט דער האָפנונג אַז ער וועט מיט דער צייט אָפּגעבן עקזאַמען און וועט אַריינגענומען ווערן אין אוני־ווערסיטעט. אין דערזעלבער צייט איז ער געוואָרן אַ לערער־צוצוגרייטן די קינדער אין דער שטאָט־שול. דאָס לערעריי האָט אים אין אַ געוויסן זין באַפרידיקט, ווייל ער איז געווען זעלבסטשטענדיק, און ער האָט גוט פאַרדינט.

די שטאָט שאַרגיץ האָט זיך ניט אויסגעצייכנט מיט קיין באַזונדערן אינהאַלט. עס האָט געהערשט דער געוויינלעכער, איינגעשטעלטער פראָווינ־ציאַלער סדר פון לעבן. די יידישע באַפעלקערונג, מערסטנס אַ קליינביר־גערלעכע און קרעמערישע, האָט זיך גייסטיק דערנערט מיט דער אַטמאָס־פערע וואָס דער ציוניסטישער קרייז האָט געשאַפן אַרום זיך. דער קרייז האָט געהאַט זיין אייגענע „ציוניסטישע ביבליאָטעק" און אַן אייגענע שול, וואו מ'האָט געלערנט יידיש און העברייאיש, און אַפילו אַן אייגענעם דראַמאַטישן קרייז. פאַר דער שאַרגיצער יידישער באַפעלקערונג איז דאָס געווען אַ פעלד פאַר פאַרצווייגטער אַקטיוויטעט, די גאַנצע אַרבעט איז אָבער געפאַלן מערסטנס אויף שמעון'ער, וואָס איז געווען דער סעקרעטאַר און דערצו דער בעסטער רעדנער פון דעם קרייז .

ווען ס'האָט אויסגעבראָכן די מלחמה איז שמעון אַלט געוואָרן נײַנצן יאָר. ער האָט ניט געוואָלט, ווי באַסיע און סענדער האָבן אים גע־בעטן, טוען, וואָס כמעט אַלע יונגעלייט פון שאַרגיץהאָבן געטאָן: „מאַכן אַן אויער", מאַכן אַ קליב""", אויסשטעכן זיך אַן אויג, אויסרייסן זיך די ציין, אָפּהאַקן אַ פינגער, אַבי ניט צו גיין פאַר אַ סאָלדאַט, אַבי ניט צו גיין

אין דער מלחמה. האָט מען אים צוגענומען און ס׳האָט ניט גענומען לאַנג, איז ער שוין געווען אויף דעם פראָנט און צו „זיין גליק״, האָט ער אינ־ גיכן געשריבן אַהיים, איז ער פאַרוואונדעט אין אַ פוס און ער וועט אינ־ גיכן באַפרייט ווערן.

ער איז אַהיים־געקומען אַ צעבראָכענער פון די מלחמה קאָשמאַרן; די ערד האָט זיך נאָך אַלץ פאַרכלינעט מיט בלוטיקן וואַנזין . . . אין די דערפער און אין די שטעט האָבן זיך נאָך אַלץ געטראָגן די יללות פון פאַר־ צווייפלטע מאַמעס. אויך באַסיעס הארץ האָט געציטערט: אָט, אָט נעמט מען צו מענדלען . . . אָט, אָט, וועט מען אויך אים צונעמען און אַוועקשיקן צו די שלאַכטן אויף די בלוטיקע פעלדער . . .

די רעוואָלוציע איז אָבער געווען דער נס. די רוסישע אַרמיי האָט אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן די פראָנטן און מאַסנווייז אומגעקערט זיך אין די דערפער אַריין, אין די שטעט אַריין; איז שוין מענדל געווען אַ געראַטע־ וועטער .ער האָט „געפייפט״ אויף דער וועלט און האָט געמאַכט געלט. מענטשן האָבן באַדאַרפט זאַלץ, און צוקער, און מעהל, און מעדיקאַמענטן. און מענדל האָט געוואוסט וואו און ווי אַזוי צו קריגן עס. ער האָט גע־ קאָנט און ער איז געווען פאַרבונדן מיט אַלע ספעקולאַנטן אין שטאָט און אַרום דער שטאָט.

שמעון און אויך באַסיע און סענדער האָבן דאָס ניט געקאָנט דולדן. זיי האָבן ניט געקאָנט איינזיצן רואיק, ווען מענדל פלעגט ברענגען זעקלעך צוקער און זאַלץ און באַהאַלטן עס אין קעלער. מענדל האָט אָבער געטאָן זיינס און פלעגט שרייען, אַז ווען ניט ער, וואָלטן זיי אַלע אויסגעגאַנגען פון הונגער

פאַר שמעון׳ען איז אָבער אין יענע טעג, און וואָכן אויפגעגאַנגען אַ נייע זון. די באַלפור דעקלאַראַציע האָט אים אויפגעהויבן ווי אויף פליגל און ער האָט גערופן מיטינגען און ער האָט גערעדט און אָרגאַניזירט און געזאַמלט געלט פאַר דעם נאַציאָנאַלן פאָנד.

ער האָט מיטאַמאָל דערזען פאַר זיך נייע מענטשן מיט נייע אידייען וועגן וועלכע ער האָט קיינמאָל ניט געטראַכט. צם וואָרט ציוניסט זענען צוגעקומען נייע באַגריפן, נייע שאַטירונגען, וואָס האָבן אָנגעוויזן אויף נייע וועגן אין זיין נאַציאָנאַלער אידעאָלאָגיע. און דערנאָך, ווען די רויטע אַרמיי האָט אַ זיגרייכע באַפרייט אויך די שאַרניצער יידן פון פאָגראָמען און שרעק, האָט ער נאָך מיט מער שטרענגקייט אָנגעהויבן צו רעווידירן זיין לעבנס־פילאָזאָפיע, זיין לעבנס־וועג אַלס ייד און מענטש. דערדאָזי־ קער פעריאָד האָט אָבער לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. מענדל האָט געמאַכט אַ סוף צו זיינע אויפגעוואַכטע אַספּיראַציעס. מענדל, וואָס האָט די נייע סאָוועט־ טישע אָרדענונג באַטראַכט ווי אַ זייטיקע, פאַרבייגייענדיקע זאַך, וואָס האָט גאָרנישט צו טאָן מיט אים זעלבסט, איז נאָך אַלץ אָנגעגאַנגען מיט זיינע ספעקולאַציעס, און שמעון האָט געוואוסט, אַז מענטשן אין שטאָט ווייסן

וועגן דעם און אייניקע האָבן אים אַפילו פֿאַרגעוואָרפֿן און געוואָרנט, אַז סוף כּל סוף, וועט ער אַריינפֿאַלן, מ׳וועט אים פּאַקן און ער וועט אָפּשניידן שלעכט. שמעון האָט עס אים אויך ניט איינמאָל געזאָגט — עס האָט אָבער ניט געהאָלפֿן. עס איז שווער געווען פֿאַר מענדלען אויפֿצוגעבן די ספּעקולאַציע, וואָס האָט אים אַריינגעבראַכט ווי ער האָט געזאָגט אַן „אוצר”.

און דאָס אומפֿאַרמיידלעכע איז געשען. ווען אַ טשעקיסט איז איינמאָל אַריינגעקומען אין הויז און געפֿרעגט אויף מענדלען און אויף שמעון׳ען, איז באַסיע שיער אין חלשות געפֿאַלן און סענדער איז דערנאָך אַוועקגעלאָפֿן זוכן מענדלען און שמעון׳ען, אַז זיי זאָלן למען השם פֿאַרלאָזן די שטאָט, וואָרן טאָמער ווערן זיי אַרעסטירט און פֿאַלן אַריין אין די הענט פֿון דער טשעקאַ, וועלן זיי שלעכט אָפּשניידן — שמעון אומזיסט און אומגעשט, צוליב דעם טאַכשעט מענדל.

שמעון און מענדל זענען שוין מער אַהיים ניט געקומען. דריי טעג זענען זיי געזעסן פֿאַרשפּאַרט באַ אַן אָרעמער קרובה אין שטוב און די דריי טעג האָבן צענדליקער פּלענער געמאַטערט זייערע מוחות. און דער איינציקער פּלאַן איז געבליבן: אַנטלויפֿן איבערן דניעסטער, קיין רומעניע. באַסיע האָט געוויינט און געבעטן זיך, זיי זאָלן וואָס גיכער אַנטלויפֿן, ווייל זי קאָן ניט אויסהאַלטן די אָנשטרענגונג און מורא. מענדל האָט זיך ניט פֿאַרלוירן. די גאַנצע געשיכטע האָט ער געזאָגט איז ניט ווערט קיין אויסגעבלאָזן איי. ער האָט זיך אָבער גלייך געשטעלט אין פֿאַרבינדונג מיט אַ באַקאַנטן קאָנטראַבאַנדיסט און באַסיען האָט ער געקלאָפּט אין פּלייצע און געטרייסט זי: בשקשה מאַמע, זאָרג ניט, מיר וועלן באַ די מאָלדאַוואַנעס ניט פֿאַרפֿאַלן ווערן . . . דו וועסט זען . . .

שמעון איז געווען טרויעריק. טרויעריק פֿאַר זיין אומשולדיקער פֿאַרפּלאָנטערניש אין מענדלס ספּעקולאַציעס, וואָס האָבן אַריינגעשלעפּט זיין נאָמען אין אַזאַ מיאוסע זאַך, און אויך דערפֿאַר, וואָס ער האָט באַדאַרפֿט פֿאַרלאָזן די עלטערן, פֿאַרלאָזן שאַרגיץ און לאָזן זיך ווי אַ פֿאַרברעכער איבער דעם דניעסטער צו אַ ניי אומבאַקאַנט לאַנד און אומבאַקאַנט לעבן...

שמעון האָט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿאַרטאָג אַ דערשראָקענער. ער האָט דערהערט הינטערן פֿענצטער דאָס פּירקען פֿון פֿערד און אַ טרויעריקן קלאַנג פֿון גלאָק. אויך מענדל האָט זיך אויפֿגעכאַפּט: דאָס איז דער פֿעטער בעריש . . . ער קאָן הערן זיין העזעריק קול, ווי ער שרייט אויף די פֿערד — נו, נו, אַ כאָליערע אויף אייך . . .

דורך די לעכער פֿון שאַל האָט זיך שוין דורכגעשלאָגן דער בלויער פֿאַרטאָג. דער פֿעטער בעריש איז אַריינגעקומען און געבליבן שטיין באַ דער טיר.

— האַ? — האָט ער אַ פֿרעג געטאָן שרה׳ן אָנווייזנדיק אַ פֿאַרוואונדערטער אויף די געלעגערס פֿון וועלכע עס האָבן געקוקט אויף אים שמעון

און מענדל.

— סאיז שמעון און מענדל באַסיעס . . .—האָט שרה שטיל געזאָגט, מורא האָבנדיק אויפצוּוועקן זיי. — זיי האָבן איך די גאַכט אַריבערגע־כאַפּט . . .

— באַסיעס קינדער, הער אַ מעשה, הער אַ מעשה . . „

שמעון האָט אויסגעשטרעקט די האַנט :

— שלום עליכם, פעטער בעריש, וואָס מאַכט איר?

— אוי, אַ געזונט אויף דיר! דו ביזט דאָך מענדל? כ׳וואָלט דיך בשום אופן ניט דערקאַנט . . .

— איך בין שמעון — דאָס איז מענדל. — האָט שמעון אָנגעוויזן אויף מענדלען.

— אַזוי? דו ביזט שמעון און יענער איז מענדל? אַ כאָליערע!

מענדל האָט זיך אויך אויפגעהויבן און געקוועטשט בערישעס פאַר־מאָזאָליעטע האַנט מיטן גאַנצן כח.

— און וואָס מאַכט עפּעס דער טאַטע און די מאַמע? געזונט כאָטש, האַ? — האָט בעריש געפרעגט.

— זיי זענען געזונט. — האָט שמעון געענטפערט און די עלטערנס פּנימער האָבן אַ שוועב געטאָן פאַר זיינע אויגן.

ווען שרה איז דערנאָך אַרויסגעגאַנגען קויפן ברויט, האָט זיך בעריש צוגעזעצט לעבן שמעון׳ען אויפן געלעגער און גענומען שטעלן פראַגן. מענדל האָט פאַרדרייט אַ ציגאַר פון בערישעס טוטין און געקוויקט זיך מיטן רויכערן, אויף יעדער בערישעס פראַגע האָט ער געהאַט אַן ענטפער פול מיט חוזק און מיט שפּאָט.

— סאיז דאָרט אַ נייע וועלט, פעטער! אַ וועלט מיט לייז, אַ כאָ־ליערע אויף זיי!

— הלואי וואָלטן די באָלשעוויקעס געקומען, איידער די פּאָגראָמען האָבן זיך אָנגעהויבן, וואָלטן אַזוי פיל יידן ניט אומגעקומען פון די פּעטלו־ראַ באַנדעס. — האָט שמעון געזאָגט.

שרה איז געקומען מיט ברויט און זיי האָבן געטרונקען טיי. און נאָך דער טיי האָט זיך בעריש צוגעלעגט שלאָפן. שמעון האָט זיך אָנידערגעזעצט באַם פענצטער, געקוקט אויפן בריקל און איבער דעם בריקל ווייטער . . . וואו עס האָבן זיך פון יענער זייט דניעסטער געצויגן די שוואַרצע פעלדער פון דעם סאָוועטן־לאַנד.

ביי־טאָג איז בעריש אַרויסגעגאַנגען זעען זיך מיט וועמען מ׳דאַרף. ער האָט אָנגעזאָגט שמעון׳ען און מענדלען זיי זאָלן זיין אין הויז — דער־ווייל זענען זיי נאָך „טרפ׳ע״. ער איז אויסגעקניפּט און אויסגעבונדן מיט מענטשן, וואָס ווייסן שוין ווי אַזוי צו מאַכן פון טרפ׳ע כשר.

פאַרנאַכט צו האָט ער זיי, די צוויי „בנים״ זיינע, ווי ער האָט זיי אָנ־געהויבן רופן, געפירט אין דער סיגוראַנצע, וואו מ׳האָט זיי פאַר אַביסל

„באַקשיש“, (כּאַבאַר הייסט עס) גע׳כשר׳ט. און ווען זיי זענען אַהיים־געקומען האָט שוין באַסיע געהאַט צוגעגרייט אַ מאָמעליגע מיט ברינזע, מ׳האָט געטרונקען לחיים און בעריש האָט זיך באַ דער געלעגנהייט אויסגערעדט דאָס האַרץ פאַר מענדלען. צו שמעון׳ען, האָט ער גלייך דערפילט קאָן מען ניט רעדן עפּעס אַזוי גוטברודעריש, בעל־עגלה׳ש, ווי צו מענדלען. נו, האָט ער אים דערציילט, אַז ס׳איז זייער שווער דורכצוטרייבן אַ לעבן, אַז זינט דער מסחר איז אָפּגעשטאָרבן, זענען קיין פּאַסאַזשירן ניטאָ, און צו די צרות האָבן זיך פּאָיאַוועט צוויי אַווטאָמאָבילן אין שטאָט — האָבן זיי שוין אינגאַנצן פאַרשטשמעלעט די בעלי־עגלות . . . אַ כּאָליערע . . .

עס זענען אַוועק אַ פּאָר וואָכן. מענדל האָט אָנגעהויבן אַרויסצופאָרן מיט בערישן צום באַן. ער פלעגט אַרויסגיין מיט אים זוכן פּאַסאַזשירן, און פלעגט אים העלפן טראָגן די טשעמאָדאַנעס, און פלעגט אָנטרינקען די פערד. וואָס ווייט ער זיך אַרומדרייען אַ ליידיקגייער, האָט ער גע׳טענה׳ט.

אין די אָוונטן האָט ער געשפּילט אין קאָרטן און אין שטעטל האָט מען אים שוין געקאָנט און אַלע האָבן אים ליב געהאַט פאַר זיין פריילעכקייט, פאַר זיינע וויצן און אַנעקדאָטן. שמעון האָט זיך שטאַרק גענומען צום האַרצן וואָס בעריש לאָזט אים ניט אַרויסהעלפן אים, ביז ער וועט געפינען עפּעס אַ באַשעפטיקונג. וואָס דאַרף ער צוויי אָנשמייסער, האָט זיך בעריש געוויצלט. איין אָנשמייסער האָט ער שוין, דאַנקען גאָט, און נאָך וואָס פאַר אַן אָנשמייסער! טאָ, זאָל ער זיך זיצן שמעון . . . נשקשה, מענדל שמייסט שוין פאַר אים אויך . . . און וויפל שמעון עסט עס אויף באַ אים, איז גענוג פאַר אַ מויז . . .

האָט שמעון פאַרבראַכט גאַנצע טעג אין דער שטאָט־ביבליאָטעק און פאַרנאַכט צו פלעגט ער זיצן אינדרויסן באַ דער שטוב און הערן ווי אין דער שטילקייט אַרום טראָגן זיך טרילנדיקע טרעלן פון די פינצטערע סעדער . . .

איינמאָל, אין אַן אינדערפרי, ווען שרה האָט איבערגעלעגט אירע זאַכן אין דעם קאַסטן, האָט זי געוויזן שמעון׳ען אַן אַלטע, אָפּגעריבענע פאָטאָגראַפיע פון אַ מאַן.

— דו ווייסט ווער דאָס איז, שמעון? — האָט זי זיך דערפרייט.

שמעון האָט געקוקט אויף דער פאָטאָגראַפיע און ניט געקאָנט טרעפן.

— דאָס איז דער פעטער משה פון אַמעריקע. — האָט זי געזאָגט מיט אַ בליק אין די אויגן, וואָס האָט געשיינט מיט עפּעס אַ גליקלעכן געדאַנק און גענומען זוכן ווייטער אין קאַסטן.

— דער פעטער משה? — האָט ער זיך איינגעקוקט און דערמאָנט זיך, אַז ער פלעגט אָפט הערן ווען אים אינגלווייז ווען עס פלעגט יעדן פסח אָנקומען אַ צענערל פון דעם פעטער משה.

—אַ גרויסער גביר, זאָגט מען . . . — האָט שרה אַ זיפץ געטאָן.
—אָבער דאַנקען גאָט, מיר קומען אויס אָן אים.

און דאָ האָט זי אָנגעהויבן צו דערציילן מעשיות וועגן אים און מיטאַמאָל אַרויסגעשלעפּט אַן אַלטן בריוו פון קאַסטן און אַ דערפרייטע אויסגעשריגן:

אָט איז ער, דער אַדרעס זיינער . . . געהאַלטן אים אַלע יאָרן אויף דעם דנאָ פון קאַסטן, ניט צו פאַרלירן, חלילה . . . און אָט דערמאָנט זיך. דאַרפסט אים שוין אָנשרייבן, שמעון . . . אפשר וועט ער אייך אַרויסנעמען אַהינצו, צו זיך . . .

שמעון האָט זיך דערפרייט מיטן גליקליכן צופאַל און אויב ער פלעגט מקנא זיין אַנדערע, וואָס זענען פון זאַוווטשאַן געפאָרן קיין אַמעריקע, האָט איצט פאַר אים און מענדלען אויך אויפגעבליצט אַ שטראַל פון האָפנונג . . . אַמעריקע . . .

ווען מענדל איז אַהיים־געקומען שפּעט באַנאַכט, האָט ער געטראָפן שמעון׳ען אַ שמייכלענדיקן, אַ פריידיקן און ווען שמעון האָט אים דערציילט וועגן דעם פעטער משה און וועגן דעם בריוו, וואָס ער האָט שוין אין דעם זעלבן טאָג אָוועקגעשיקט, איז דאָס צימערל געוואָרן צו קליין פאַר מענדלס ברויזנדיקער פרייד.

עס זענען געקומען די נודנע פוסטע טעג און די וואַרעמע, ווייכע נעכט, אָנגעפילט מיט דעם גערוך פון אַקאַציע און מיט געבראָטענע פלוימען. יעדן טאָג, איבערדערפרי, האָט שמעון געוואַרט אויף דעם בריוו־טרעגער. עס איז אָבער אַוועק אַ וואָך נאָך אַ וואָך און קיין בריוו איז ניט אָנגעקומען.

עס איז שוין געווען סוף זומער. בערייש פלעגט ווי אַלעמאָל, אַרויספאָרן ביינאַכט צום באַן; מענדל פלעגט פאַרפאַלן ווערן אויף גאַנצע נעכט און שמעון האָט געוואוסט, אַז ער שפילט אין קאָרטן ערגעץ אין אַ קלייטל באַ דער קרעמערן זיסל; און די זיסל, האָט אים שרה דערציילט, האָט אַ טעכטערל, שיינדל הייסט זי, — פון די אמתע טעכטערלעך . . . און מענדל האָט זיך גוטפאַרטראַסקעט אין איר. זי קאָן שוין דערקאָנען אַ בחור, ווען ער פאַרטראַסקעט זיך . . .

נו, זאָל זיין אַזוי . . . — האָט שמעון געטראַכט. ער איז זיך אַ מענטש פאַר זיך און ניט מענדלען קאָן מען בעאיינפלוסן מיט רייד.

דער לאַנג־דערוואַרטעטער בריוו פון דעם פעטער משה איז ענדלעך אָנגעקומען. ער האָט געשריבן, אַז ער וועט טאָן פאַר זיי אַלעס, וואָס ס׳איז נאָר מעגלעך צו טאָן. ער וועט זיי אַרויסשיקן די נויטיקע פאַפירן און געלט — זיי דאַרפן אים בלויז אַרויסשרייבן ווי אַלט זיי זענען, זייערע ריכטיקע נעמען און אַנדערע קלייניקייטן, וואָס פאָדערן זיך אויסצומאַכן אַפידייוויטס. שמעון האָט אַרויסגעשיקט די גאַנצע אינפאָרמאַציע ווי דער

פעטער משה האָט געפּאָדערט און אָנגעלאָדן זיך מיט געדולד. ער האָט גע־וואוסט אַז ס׳דאַרף נעמען צייט; האָט ער דערווייל אָנגעהויבן לערנען זיך ענגליש.

אַריינקומענדיק איינמאָל אין דער ביבליאָטעק, האָט שמעון, באַם טיש וואו ער האָט ליב געהאַט צו זיצן, דערזען אַ מיידל, וועלכע האָט אים פאַראינטערעסירט מיט איר אויסזען. עפּעס אַ באַזונדערע מאַגנעטישקייט אין אירע אויגן האָט געצויגן און אין דערזעלבער צייט ווי געוואָרנט . . . ווען ער האָט זיך אַנידערגעזעצט קעגן איר, האָט זי קוים אַ קוק געטאָן אויף אים און פאַרטיפט זיך אין דעם בוך, וואָס זי האָט געלייענט.

עס איז אַוועק אַ וואָך און יעדן אָוונט פון דער וואָך האָט ער זי גע־טראָפן באַ דעם זעלבן טיש. זי האָט שוין געקוקט אויף אים מיט לענגע־רע, רואיקע בליקן און איינמאָל באַם אַהיים־גיין, ווען ס׳האָט זיך פּלוצים צעדונערט און צעבליצטאון ס׳האָט אַ גיס געטאָן אַ רעגן, האָבן זיי, איבער־וואַרטנדיק אויף דעם גאַניק פון דער ביבליאָטעק פונאַנדערגערעדט זיך. ער האָט זי שוין באַגלייט אַהיים און אויפן וועג האָט ער אויסגעפונען, אַז איר נאָמען איז ניוראַ סטילינגעצער; אַז זי איז מיט איר ברודער און שווע־גערין אַריבערגעקומען פון קאַלינעץ; אַז זיי וואוינען דערווייל באַ אַלטע פריינט, באַ די אַבראַמזאָנס און זיי וואַרטן אויף אַ וויזע, צו פאָרן קיין ניו־יאָרק צו איר פעטער, וואָס איז שוין דאָרט אַ לאַנגע צייט.

האָט ער איר דערציילט וועגן זיך און וועגן מענדלען, אַז זיי וואַרטן אויך אויף פּאַפּירן פון אַמעריקע; אַז זיי וועלן אויך פאָרן קיין ניו־יאָרק; און דערנאָך האָט ער, אין אַלגעמיין, דערציילט איר וועגן זיך, וועגן זיינע אַספּיראַציעס און לעבן און צוקומענדיק צום הויז, געבליבן שטיין אויף אַ ווײַלע און געזעגנענדיק זיך מיט איר, פאַרהאַלטן איר האַנט אין זיינער און ניט געזען מער קיין וואָרנונג אין אירע אויגן. פאַרקערט. באַ דער שיין, וואָס איז געפאַלן פון פענצטער, האָט ער געזען איר שמייכל, וואָס האָט מיט אַזאַ קראַפט געצויגן צוצובויגן זיך צו איר, אַז ער האָט זיך קוים באַהערשט.

— איך האָף צו זען אייך מאָרגן . . . ווידער. — האָט ער געזאָגט.

— אפשר. — האָט זי געזאָגט און לאַנגזאַם באַפרייט אירע פינגער פון זיין האַנט.

ער האָט זי שוין אָבער מער ניט געזען. פלעגט יעדן באַטאָג שפּאַ־צירן אַרום אַבראַמזאָנס הויז און יעדן אָוונט קומען אין דער ביבליאָטעק און אָפּזיצן באַם טיש שטונדנווייז, האָפנענדיק, אַז זי וועט אַריינקומען, — זי איז אָבער מער ניט געקומען.

דער האַרבסט איז געווען אַ פאַרוואָלקנטער און נאַסער. די גאַסן האָבן געפּוסטעוועט און אין די קלייטן זענען די קרעמער געזעסן טרויערי־

קע און געקוקט מעלאַנכאָליש אויף די פויערים און פאַרבייגייער, וואָס האָבן זיך ווען ניט ווען באַוויזן אין די גאַסן. ביינאַכט פלעגט זאַווטשאַן איינגעשלונגען ווערן פון דער פינצטערניש. וואו ניט וואו האָט געברענט אַ לאַמטערן. בלויז באַם בערגל, וואו דער אילוזיאָן איז געשטאַנען, האָבן געברענט צוויי גרויסע גאַז־לאָמפּן און אינווייניק האָט אַ טאַפּיאָר צום טויזנטסטן מאָל אויסגעקלאַפּט אויף דער פּיאַנאָ אַ זייער טרויעריקע מע־לאָדיע, וואָסהאָט באַגלייט די קינאָ־בילדער אין וועלכע ס׳האָט מערסטנס געהערשט די שוואַרצאויגיקע פּאָלאַ נעגרי.

שמעון פלעגט אָפּט גיין אין דעם „אילוזיאָן״, פאַרטראַגן צו ווערן פון אילוזיעס וועגן ליבע און אַוואַנטורעס; מענדל פלעגט נאָך אַלץ אַהיים־קומען שפּעט אין דער נאַכט און דערנאָך שלאָפן שפּעט אין טאָג אַריין; און שרה פלעגט יעדן אינדערפרי שלעפּן פון אים די באַראַניצע: זאָל ער אויפשטיין, דער פוילאַק . . . אַ גאַנצע נאַכט ליגט ער דאָרט באַ דער מויד, באַ שיינדלען, דער קורוואַר, און דערנאָך פאַפּט ער . . . אוי, דאַרף מען אים שמייסן, דאַרף מען אים! ער שטייט אויף אַ צעשויבערטער, וואַשט זיך אָפּ, טרינקט טיי און, שפּייענדיק אויף דער דלאָניע, רייניקט ער אָפּ די פּעדערן פון דעם רעקל און פון די הויזן און ווערט דערנאָך ווידער פאַר־פאַלן אויף אַ גאַנצן טאָג און אויף אַ גאַנצער נאַכט. מיט בערישן איז ער שוין ניט געפאָרן צום באַן — ס׳איז אים נמאס געוואָרן.

דער האַרבסט איז שוין געלעגן אינדרויסן אַ פאַרפרוירענער, ווען עס זענען אָנגעקומען די פּאַפּירן און אַ טשעק פון דעם פעטער משה. מענדל האָט נאָך דעם זעלבן טאָג געוואָלט פאָרן נאָך אַ וויזע. קיין איין טאָג האָט ער ניט געוואָלט פאַרבלייבן אין זאַווטשאַן. ער האָט געהאַלטן אין איין רעדן וועגן בוקאַרעשט, וועגן אַמעריקע און וועגן דעם פעטער משה . . . מאָריס נודעלמאַן „קאָמפּאַניע״ — אַ גאַנצער מאַכער, מסתמא דאָרט אין נעוויאָרק . . .

עס איז געקומען דער טאָג, ווען זיי האָבן בעדאַרפט אַרויספאָרן קיין בוקאַרעשט. שרה האָט אָפּגעבאַקן פאַר זיי קיכלעך: איינגעקויפט ניס, און עפּל — נשקשה . . . די קינדער וועלן אָפּשיקן פון אַמעריקע מיט פּראַצענט . . .

אַ גאַנצן טאָג — עס איז געווען שבת — זענען שכנים געקומען און געגאַנגען. יעדער איינער האָט געוואָלט איבערשיקן אַ גרוס קיין אַמעריקע — יעדער איינער האָט געהאַט עמיצן אין אַמעריקע. זאָל ער שמעון, דער־ציילן דאָרט אין אַמעריקע אין וואָס פאַר אַ דלות זיי לעבן אין זאַווטשאַן. שמעון האָט יעדן איינעם צוגעזאָגט: ער וועט זיך מיט יעדן איינעם זען, יעדן איינעם איבערגעבן אַ גרוס.

פינף אַזייגער פאַרטאָג האָבן זיי זיך געזעגנט מיט שרהן און זענען אָפּגעפאָרן מיט בערישן צום באַן. עס איז געפאַלן אַ דינער שניי. מענדל איז געזעסן אויף דער קאָזלע מיט בערישן און שמעון איז געזעסן אין

שטוב און געזעגנט זיך מיטן שטעטל. מענדל האָט אָנגעטריבן די פערד דער בודע מיט נאָך צוויי פּאַסאַזשירן. ער האָט געקוקט אויף יעדער און אונטערגעזונגען אַ רומעניש לידל. די פערד האָבן געשעלעפּט אַפּאַ־טיש„ באַרג אַראָפּ, באַרג אַרויף . . . די פּאַסאַזשירן אין דער בודע האָבן געדרימלט . . . אָט איז אַ וועלדל . . . אָט איז אַ טייך . . אָט איז אַ דאָרף . . . אָט גייט אויף די זון . . .

זיי זענען אָנגעקומען צום באַן, געקויפט בילעטן און גענומען גע־זעגענען זיך מיט בערישן. און ווען זיי זענען שוין געזעסן אין וואַגאָן, האָט בעריש נאָכגעשריגן מיט זיין הייזעריקן קול:

—האָט אין זינען, קינדער! שרייבט אַמאָל אַ בריוול דעם פעטער בעריש! פאַרגעסט . . . נישט . . .

ד.

דער פעטער משה אָדער מאָריס נודעלמאַן, ווי ער האָט געהייסן אין אַמעריקע, איז אַלט געווען אַכט און פערציק יאָר. ער איז געווען אַ קליין־געוויקסיקער אַ דאַרער, מיט רויטע, קורץ־געשוירענע האָר, אַ קרענק־לעכער און אַ נערוועזער.

זיין פרוי בעללאַ איז געווען מיט פופצן יאָר יינגער פון אים. זי איז געקומען קיין אַמעריקע אַלס קינד, געלערנט אין אַ קאָמערץ־שול, געאַרבעט דערנאָך אַלס בוכהאַלטערין באַ אים אין שאַפּ און חתונה געהאַט מיט אים פלוצים גלייך נאָך איר פאָטערס טויט.

נודעלמאַן האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעגעבן זיין „פּאַקעטבוק פעקטאָ־רי", און בעללאַ האָט זיך איינגעשלאָסן אין זיך, אין איר קליין וועלטל. פלעגט אַרויספאָרן צו בעקאַנטע, שפּילן „ברידזש", אָבער מערסטנס, האָט זי פאַרבראַכט באַ זיך אין צימער אויף דעם דיוואַן און געלייענט. אין דער פעקטאָרי פלעגט זי קומען זעלטן. זי האָט פיינט געהאַט די פעקטאָרי און האָט פיינט געהאַט די אַרבעטער. דער גערוך פון דער לעדער און דער גערויש פון די מאַשינען האָט איר דערמאָנט אין פאָטערס טויט. אַכט יאָר האָט ער געאַרבעט באַ נודעלמאַנען און באַ דער אַרבעט געפאַלן אַ טוי־טער פון האַרץ־שלאַג.

נודעלמאַן איז פאַר איר נאָך אַלץ געווען דער באַס, מיט וועמען זי האָט געמאַכט אַ מין קאָנטראַקט, אַ מין פאַרטנערשאַפט, צו וועלכער זי האָט צוגעטראָגן איר אַמעריקאַניזירטע ראַפינירטקייט, איר גוטן ענג־ליש, איר יוגנט און שיינקייט; און ער — זיין פּאַקעט־בוק־פעקטאָרי און זיין רייכטום.

מיטן אָנקומען פון שמעון׳ען און מענדלען, האָט זיך פאַר איר אַנט־פּלעקט אַ נייער אינטערעס אין לעבן. מיט נייגעריקייט האָט זי געוואַרט צו זען די צוויי באָיעס פון ווייטן רוסלאַנד. ווען זיי זענען געקומען, האָט זי געקוקט אויף זיין און האָט געשוויגן, ניט וויסנדיק וואָס צו זאָגן, וואָס צו פרעגן אויף איר געבראָכענעם יידיש. ווען זיי זענען אָבער געזעסן באַם

טיש אויסגעבאָדענע און אָפּגעראַזירטע און זי האָט דערפילט אויף זיך מענדלס שמייכלענדיקע אויגן און שמעון'ס פאַרחלומטן בליק, און זי האָט דערהערט ווי זיי רעדן און דערציילן וועגן זייערע איבערלעבונגען, וואָס זי האָט יאָ פאַרשטאַנען, האָט זי אויך אָנגעהויבן שמייכלען און אַריינגעוואָרפן דאָ און דאָרט אַ פראַזע צו נודעלמאַנען.

אין דעם זעלבן טאָג איז נודעלמאַן אַרויסגעפאָרן מיט זיי אין די קראָמען און האָט זיי אויסגעקליידט פון קאָפּ ביז די פיס. און אין דעמזעלבן טאָג איז מענדל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מעקס און שמעון אין סימור, ער האָט אָבער ניט געענטפערט, ווען מ'האָט אים גערופן סימור, — איז ער פאַרבליבן, ווי ער האָט געוואָלט — שמעון.

די טעג זענען געלאָפן. יעדער טאָג האָט זיי געהאַלטן געשפּאַנט און פאַראינטערעסירט מיט עפּעס. בעלאַ האָט זיי אַרומגעפירט אין איר מאַשין איבער דער שטאָט; געווען מיט זיי אין די מוזעאומס און אין די קינאָס; איינגעקויפט פאַר זיי קלייניקייטן און אָפּגעשטעלט זיך מיט זיי באַ באַקאַנטע; גערעדט אויף איר פליסיגן ענגליש און געלאַכט, קוקנדיק אויף מענדלען, רעדנדיק וועגן שמעון'ען, פלעגט זי ווערן ערנסט; צוגיין צו אים און פאַרריכטן זיין שניפּס אָדער דאָס ווייסע זיידענע טיכל אין דער אויבערשטער קעשענע; מיטאַמאָל אַ זאָג געטאָן אים עפּעס אויף ענגליש און דערנאָך אַ קוק טאָן אויף די בעקאַנטע און פון די בעקאַנטע גלייך איבערפירן דעם בליק צוריק צו אים, ווי וועלנדיק זאָגן מיט דעם: וואָלט איר זיך געגלייבט, אַז דער גרינער איז ערשט פיר וואָכן אין אַמעריקע? שמעון פלעגט שמייכלען און טראַכטן, אַז די אַמעריקאַנער פרויען זענען מאָדנע, זייער מאָדנע . . . נאַריש, אַפילו . . .

מיט מעקסן פלעגן די באַקאַנטע גלייך פאַרבינדן גוטברודערישע באַציאונגען. באַ די „פּאַרטיס", וואָס מ'האָט געמאַכט פאַר זיי, פלעגן די פרויען רייסן זיך צו טאַנצן מיט אים און געוואונדערט זיך: דאָרט אין רוסלאַנד טאַנצט מען אויך פאָקס־טראָט? די באַציאונגען מיט שמעון'ען זענען געווען צוריקגעהאַלטענע. טאַקע געשמייכלט צו אים, אָבער דער שמייכל האָט געזאָגט: דו ביזט צו ערנסט . . . דאָס זעלבע איז געווען מיט די מענער. זיי האָבן ליב געהאַט מעקסן פאַר זיינע וויצן און אַנעקדאָטן, געזען אין אים אַ „גוד באָי", געקלאַפּט אים אין דער פּלייצע און פּשוט אָנגעקוואָלן פון אים, צוזעענדיק ווי ער טרינקט די „קאָקטיילס" און שנאַפּס.

מעקס פלעגט ליב האָבן גאַנצע טעג אַרומצופאָרן איבער ניו־יאָרק. אַרומגעגאַנגען איבער די דעפּאַרטמענט־סטאָרס, פון בורלעסק צו בורלעסק און געראויכערט סיגאַרן. אַ פּאָר מאָל איז ער אַריינגעפאַלן צו נודעלמאַנען אין דער פעקטאָרי און ס'האָט אים הנאה געטאָן צו זען ווי די אַרבעטער קוקן אויף אים און וואונדערן זיך ווער ער איז. דעם הוט פלעגט ער אַרויפּרוקן אַביסל העכער אויף דעם שפּיץ קאָפּ, פלעגט אויסגלייכן דאָס ווייסע זיידענע טיכל אַרום דעם האַלדז, מ'זאָל אַרויסזען דעם דריי־דאָלאַרדיקן

שניפּס. מיט דער שפּילקע, וואָס בעללאַ האָט פאַר אים געקויפט און פלעגט זיך לאָזן גלייך צום אָפּיס, וואו נודעלמאַן איז געזעסן אַ נערוועזער און פלעגט ווערן נערוועזער, דערזעענדיק אים.

שמעון איז בלויז איינמאָל געווען אין דער פעקטאָרי. צוגעקוקט זיך ווי די אַרבעטער אַרבעטן און געפילט ווי אַוועקצושטעלן זיך צוזאַמען מיט ז׳יי און טאָן עפּעס. און אַ פּאָר מאָל האָט ער שוין געפרעגט נודעלמאַנען ווען ער און מעקס וועלן אָנהייבן אַרבעטן.

נודעלמאַן האָט געקנייטשט דעם שטערן און געפּרואווט שמייכלען: אַרבעטן? אַוודאי, אַוודאי . . . אין אַמעריקע דאַרף מען אַרבעטן אָבער מ׳דאַרף נאָך אויסוואַרטן אַ וואָך־צוויי . . . ערשטנס, — ער צאָלט אַרויס דעם שותּף זיינען און בלייבט אַליין בײַ דער פעקטאָרי; צווייטנס, — ער האָט נאָך אַביסל „טראָבל״ מיט דער יוניאָן. ער פייפט אָבער אויף איר. נו . . . ער וועט זיי . . . אים מיט מעקסן אַוועקשטעלן מיט די קאַטערס, מיט די צושניידער,, הייסט עס . . . ס׳איז אַ גוטע טרייד, זייער אַ גוטע . . .

שמעון האָט זיך דערוויילע גענומען פלייסיק צום לערנען. מעקס האָט אויך פּרובירט לערנען. פלעגט אָפּזיצן אַ האַלבע שטונדע, קוקן אין ביכל, און מישן די בלעטלעך; קוקן אויף זיך אין שפּיגל, און אָפּווישן יעדן ווייללע די לאַקירטע שיך מיט אַ שמאַטקעלע, וואָס ער האָט ספּעציעל צוליב דעם געטראָגן מיט זיך.

זיי פלעגן שלאָפן שפּעט. מעקס איז שטענדיק געווען דער לעצטער אויפצושטיין. און, בעללאַ האָט געשיקט די דינסט, לינאַן, אויפצוּוועקן אים. פלעגט ער קוקן אויף איר מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן און אויסציען זיך, אַרויסשטעלן די ברייטע, האַריקע ברוסט פון די פונאַנדערגעשפּילעטע פּאַזשאַמעס און, ווי צופעליק אויסשטרעקן די האַנט אַ פּיר טאָן איבער איר נאַקעטן אָרעם: צאַ פּאַנענקאַ? . . .

אין דעם טאָג, ווען שמעון און מעקס זענען אַוועקוועגאַנגען אין דער פעקטאָרי אַרבעטן, האָט בעללאַ קיין פלאַץ פאַר זיך ניט געקאָנט געפינען. זי האָט פּרובירט לייענען און געמוזט אַוועקלייגן דעם בוך. זי האָט אָפּגערופן אירע בעקאַנטע און, ז׳יצנדיק בײַם טעלעפאָן, האָט זי גערעדט און דערציילט וועגן „אירע בּאָיעס״ און פאַר די אויגן האָבן גע־שוועבט בילדער פון ליכטיקע געגוספּולע טעג.

שמעון און מעקס זענען אין דעם ערשטן טאָג אַהיים־געקומען באַ־גייסטערטע: אַז די אַרבעט איז גאָר קיין אַרבעט ניט, ס׳איז עפּעס אַ שפּילעכל . . . דער טאָג איז דאָך פאַרבייגעלאָפן, און זיי האָבן ניט באַ־מערקט אַפילו . . .

נודעלמאַן האָט זיי געטריבן פרי שלאָפן — אין אַמעריקע — האָט ער געזאָגט — דאַרף מען גוט עסן, גוט שלאָפן און גוט אַרבעטן. דאָ דרייט מען זיך ניט אַרום מיט אַ שטעקעלע אין דער גאַס. מעקסן האָט זיך

אָבער ניט געגלויבט שלאָפן. אים האָט זיך נאָך געגלוסט אַרויסצוגיין אויף דער גאַס, אויף דעם שיינעם „ריווערסייד דרייוו", מיט די פאַרביי־לויפנדע אויטאָמאָבילן, מיט דער ווייטקייט פון באַלויכטענע הימלקראַצערס.

שמעון איז שוין געלעגן אין בעט און האָט געלייענט. געזען ווי די רויטע שיין פון לאָמפּ אין פראָנט־צימער ווערט אויסגעלאָשן; געהערט ווי בעללאַ פּאַטשט מעקסן איבער די הענט . . . און אפשר האָט ער גע־טראַכט, האָט עס זיך אים אויסגעוויזן. אין דער מינוט האָט ער פיינט גע־האַט מעקסן. זיין פרייע האַלטונג און זיין פרייע באַנעמונג מיט בעללאַן האָט באַליידיקט. עס האָט זיך אים געוואָלט, אַז מעקס זאָל האָבן מער אָפּ־שיי פאַר איר. זי איז דאָך פאַרט ניט זיין גלייכן און איז דעם אָנקלס פרוי דערצו. עס האָט אים אַפּילו פאַרדראָסן, וואָס בעללאַ לערנט אים מעקסן, טרייבן דעם מאַשין — וואָס האָט ער ניט קיין צייט מיטן מאַשין, — האָט ער געטראַכט. — שוין טאַקע מיטאַמאָל איינגעמען אַמעריקע ווילט זיך אים . . .

עס האָט ניט גענומען לאַנג, און סיי שמעון, סיי מעקס האָבן שוין פאַרשטאַנען גוט זייער אַרבעט און האָבן „כשר פאַרדינט זייער געלט", ווי נודעלמאַן האָט זיי געזאָגט. איבערהויפּט האָט מעקס גלייך „געכאַפּט דעם שניט", כאָטש ער האָט ניט ליב געהאַט צו שטיין באַם טיש און אַר־בעטן און פלעגט מערסטנס אַרומשפּאַצירן איבערן שאַפּ און שפּאַסן מיט די מיידלעך. מיט די מענער האָט ער זיך אָבער געהאַלטן שטאָלץ און סנאָ־ביש און ווען שמעון האָט אים איינמאָל באַמערקט, איז ער בייז געוואָרן:

— זאָלן זיין טאַקע וויסן און האָבן דרך ארץ.

— דרך ארץ פאַר וועמען? פאַר וואָס? — האָט שוין שמעון ניט גע־קאָנט ליידן.

— און אַז פאַר מיר, איז וואָס?! — האָט מעקס געכאַפּט זיך רויכערן אַ סיגאַר און געבלאָזן גאַנצע וואָלקנס רויך פון זיך.

שמעון האָט זיך געהאַלטן נאָענט און חבריש מיט די אַרבעטער. פלעגט אָפּט רעדן מיט זיי, דערציילן וועגן דעם נייעם־סאָוועטן רוסלאַנד און בא אייניקע האָט זיך געשאָפן דער איינדרוק, אַז לויט זיינע סימפּאַטיעס, איז ער אַ קאָמוניסט. זיי האָבן אָבער אינגיכן אויסגעפונען אַז ער איז „אַ פאַרברענטער ציוניסט". די מערהייט פון די אַרבעטער אין שאַפּ זענען גראַדע ניט געווען קיין ציוניסטן. זיי זענען שוין געווען צעטיילט און צע־ריסן אויף צוויי באַזונדערע, קעמפנדיקע לאַגערן, אָנגעפירטע פון דער יידישער פרעסע — דער סאָציאַליסטיש־אַלט־בונדיסטישער און קאָמו־ניסטישער. שמעון האָט צווישן די צוויי לאַגערן קיין אָרט פאַר זיך ניט גע־קאָנט געפינען. ס'האָט אָבער ניט גענומען לאַנג און ער האָט געפונען דעם וועג צו דער פּועלי־ציוניסטישער באַוועגונג און ער איז פאַרכאַפּט גע־וואָרן פון דער רייכער ציוניסטישער פּאַרטיי טעטיקייט, פון דער גרויסער אינפאָרמאַציע וואָס ער האָט געפונען אין די צייטונגען און זשורנאַלן פון

דעם אַלגעמיינעם מוטיקן און אָפּטימיסטישן גייסט מיט וועלכן די גאַנצע באַ־וועגונג איז געווען אָנגעלאָדן. ער האָט זיך פאַרשריבן אַלס מיטגליד, איז געוואָרן אַן אָפּטער באַזוכער פון אַלע ציוניסטישע אונטערנעמונגען און אָפּט געפּילט, ווי דאָס בענקל ברענט אונטער אים און די ווערטער ברענען אין זיין מויל און אויף זיינע ליפּן — ער האָט אַזוי פיל געהאַט צו זאָגן, צו פרעגן און צו ענטפערן. ער האָט אָבער געפילט, אַז ער איז נאָך גרין, נאָך ניט גרייט אַרויסצוטרעטן מיט יענע זיכערע רייד און מיט יענעם פלאַם און גלויבן, וואָס ער האָט געהאַט אין שאַרניק, אַז ער מוז נאָך וואַרטן, לערנען, אַז ער קאָן נאָך ניט און טאָר נאָך ניט אַרויסקומען צו אָט די־דזשיקע געניטע און געשולטע פּאַרטיי־ מענטשן און אַוועקשטעלן זיך דיס־קוטירן און דעבאַטירן פּראָבלעמען, וועלכע זענען אפשר פון זיין שטאַנד־פּונקט אינספּירירנד און נאַציאָנאַל וויכטיק, אָבער . . . אפשר ניט אַזוי פּראַקטיש ווי די סיטואַציע, שוין ניט נאָר נאַציאָנאַלע, נאָר איצט אויך אינ־טערנאַציאָנאַלע אַפילו, פאָדערט. וועט ער לערנען — די צייט וועט קומען אויך פאַר אים.

די צייט איז געלאָפן. ס'איז געקומען דער זומער און גודעלמאַן האָט אָפּגעפירט בעללאַן אין דער זומער היים. און יעדן שבת פלעגט ער מיטנע־מען מיט זיך מעקסן און שמעון'ען אויף אַ פּאָר טעג אָפּצורוען זיך, באָדן זיך אין לייק, און דאָס האָט פאַרשאַפט אַ סך פאַרגעניגן בעללאַן און מעקסן און אויך שמעון'ען, כאָטש זיין פאַרגעניגן פלעגט אָפט פאַרשטערט ווערן, ווען ער פלעגט קוקן אויף גודעלמאַנען און זען ווי עס גריזשעט אים עפּעס. ער איז געוואָרן נאָך מער איינגעשלאָסן אין זיך און כמעט ניט גע־רעדט. בלויז אין די אויגן זיינע פלעגט שמעון באַמערקן אַ בייז געלעכטערל, געמישט מיט עפּעס אַ ווייטיק. ער האָט אָנגעהויבן אָפּטער צו הוסטן און אַהיים־קומענדיק פון שאַפּ, פלעגט ער זיך גלייך כאַפּן צו דער צייטונג און פאַרדעקן זיך מיט איר אינגאַנצן. און אַז בעללאַ פלעגט אין דער קאַנטרי שלעפּן מעקסן אין לייק אַריין באָדן זיך, פלעגן זיך באַ גודעלמאַנען צערויט־לען די באַקן. ער פלעגט אָנהייבן אָטעמען שווער און געקוקט אויף בעללאַן מיט אַ בייזן און אין דער זעלבער צייט פאַרוואונדערטן בליק.

דערנאָך איז געקומען דער ווינטער. די לעבנס רוטין אין שמעון'ס און מעקס'עס לעבן האָט געפונען איר וועג, אַלעס איז געגאַנגען סיסטע־מאַטיש — סיי אין דער פעקטאָרי, סיי אין הויז. שמעון האָט געאַרבעט און געלערנט אויף לאָיער. דאָס האָט אים בעללאַ צוגערעדט: אַזאַ מענטש ווי ער, מיט די אַלע מעגלעכקייטן וואָס ער האָט, דאַרף ווערן אַ לאָיער, אָדער אַ דאָקטאָר — ווערן אַ מענטש מיט בילדונג, מיט אַ פּראָפעסיע, ניט בלייבן אַן אַרבעטער באַ דעם אָנקל אין שאַפּ. האָט ער זי געפאָלגט און דאָס פאָלגן זיינס, איז געווען בלויז דער שטויס צו זיין אייגענער אַמביציע, צו זיין אייגענער שטרעבונג . . . האָט ער באַטאָג געאַרבעט, באַנאַכט גע־

לערנט. אָפּגעשפּאָרט אַפילו אַ ביסל געלט און ניט פאַרגעסן אָן בערישן — געשריבן און געשיקט אַ פּאָר טשעקס אַ מתנה. ער האָט אָבער אָפּט געטראַכט, אַ ס׳וואָלט גוט געווען ווען ער געפינט פאַר זיך אַ צימער, ערגעץ אַנדערש וואו. די טאָג־טעגלעכע באַקוועמלעכקייטן, די ״אָרגלאָזיקייט און דאָס געלט וואָס ער האָט געקראָגן יעדע וואָך אין שאַפּ, דאָס אַלעס האָט זיך אים אויסגעוויזן, באַקומט ער פון נודעלמאַנען ווי אַ מתנה, אַז ער קריגט עס בלויז דערפאַר, ווייל ער איז נודלמאַנס ״נעפיו״ — פלימעניק און ער דאַרף זיין דאַנקבאַר און דאַרף פאָלגן און צוהערן זיך, וואָס נודעל־מאַן זאָגט און הייסט. ער האָט געוואוסט, אַז ס׳וועט קומען די צייט און ער וועט פאַרלאָזן דאָס הויז. וואָרן ווי לאַנג קאָן ער וואוינען באַם אָנקל? ער איז אויך געווען זיכער, אַז נודעלמאַנען וואָלט ניט געאַרט, ווען ער און מעקס — מעקס איבערהויפּט — פאָרן שוין אַריבער ערגעץ אין אַן אַנדערן צימער. ווייל, איידער זיי ״ענען געקומען קיין אַמעריקע, זענען זיי אין זיין זכרון געווען נאָך קינדער, אָט אַזעלכע ווי ער האָט זיי אי־בערגעלאָזט; און ווען זיי זענען געקומען יונגע מענער און ער זעט ווי מעקס איז, און בעללאַ פאַרברענגט מיט אים און איז מיט אים אין איין הויז, איז... ווער ווייסט, ווער ווייסט... שמעון׳ען אַליין זענען די באַציאונגען צווישן בעללאַן און מעקסן אויך ניט געפעלן געוואָרן און ער האָט אָנגעהויבן צו פאַרדעכטיקן ״י אין אונטריישאַפט צו נודעלמאַנען. זי פלעגט אָפט טאַנצן מיט מעקסן, און פלעגט אָפט אַרויסגיין שפּאַצירן מיט אים און איינמאָל, שפּעט אין אָוונט, ווען זי איז אַהיים־געקומען מיט מעקסן פון טעאַטער און מעקס, מיט זיין דרייסטקייט, האָט באַ דער פאַרמאַכטער טיר אַרומגע־נומען זי און גענומען קושן ״י, האָט שמעון, הערנדיק זיי קומען, געעפנט די טיר. דערזעענדיק זיי אין דער פּאָזע, איז ער געבליבן שטיין אין פאַר־לעגנהייט, ענטשולדיקט זיך און גלייך פאַרמאַכט די טיר. בעללאַ איז דער־נאָך אַריינגעקומען אַ בלייכע און פאַרוויינטע. געשעמט זיך קוקן אין שמעון׳ס אויגן און איז גלייך אַריין אין שלאָף־צימער. מעקס האָט גע־רויכערט אַ סיגאַר און געקוקט אויף שמעון׳ען, ווי אויף אַן אָנשיקעניש.

אינדערפרי — דאָס איז געווען זונטיק — איז זי אַרויסגעקומען צום פרישטיק אַ שווייגנדיקע, מיט טונקעלע פּאַסן אונטער די אויגן. שמעון האָט געקוקט אויף איר אַ רואיקער, גלייך ווי עס איז גאָרניט געשען. איר בליק איז אָבער געווען אַ פאַרלוירענער, און אומעטיגער. זי האָט געגאַרט נאָך מיטלייד, נאָך רחמנות צוליב דעם לעבן וואָס זי פירט — זי האָט עס אָבער אין זיינע אויגן ניט געזען.

זי האָט אָפט געטראַכט וועגן מעקסן און וועגן שמעון׳ען. מעקס איז געווען פאַר איר קלאָר און פאַרשטענדלעך. זי האָט געוואוסט וואָס ער איז, וואָס ער וויל און וואָס ״י קאָן דערוואַרטן פון אים. שמעון אָבער . . . ער איז געווען אַנדערש און זי האָט ניט געוואוסט ווי צוצוקומען צו אים, ווי צו געווינען זיין ליבשאַפט, וואָס ״י האָט געגאַרט. אָפט האָט זי געהאַסט

אין אים דאָס שטילע, דאָס צוריקגעהאַלטענע און איידעלע, וואָס איז געווען שוין צו איידל . . .

אין דעמזעלבן אינדערפרי, ווען בעללאַ איז דערנאָך אַריינגעגאַנגען אין פּראָנט־צימער לייענען, האָט נודעלמאַן צערעדט זיך מיט מעקסן וועגן דעם קאַטער ברענער. — ברענער איז אַן איבעריקער אין שאָפּ. — האָט נודעלמאַן געזאָגט. — מיט אייך ביידע אין שאָפּ איז ער אַן איבעריקער און אַ צו טייערע האַנט.

— ווי זאָגט מען אָבער אָפּ אַ מענטשן? — האָט זיך שמעון אָנגערופן.

— חוץ דעם וועט דאָך די יוניאָן זיכער ניט דערלאָזן . . .

— נו, דאָס, גראַדע, אַרט מיך ניט. — האָט נודעלמאַן געענטפערט.

— און דאָס וויל איך טאַקע — זיי זאָלן ניט דערלאָזן.

— איר מיינט . . . איר ווילט אַ סטרייק? — האָט שמעון געפרעגט.

— און אַז יאָ, איז וואָס? — איז נודעלמאַן בייז געוואָרן. — ס'איז אַ פריי לאַנד פאַר מיר פונקט ווי פאַר דער יוניאָן. איך פייף אויף זיי.

שמעון האָט גאָרניט געענטפערט. געשטאַנען אַ ווײַלע און געלאָזט זיך גיין אין זיין צימער. געהערט ווי נודלמאַן גענעצט און רעדט עפּעס אין דער זעלבער צייט און מעקס קלאַפּט צו:

— נו, אַוודאי . . . אַוודאי . . . איר זענט דער באָס . . .

מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער, שפּעט אין אָוונט, ווען שמעון איז אַהיים־געקומען פון סקול האָט ער געטראָפן מעקסן אַליין. בעללאַ איז ערגעץ אַרויסגעפאָרן און נודעלמאַן האָט זיך געבאָדן.

— מ'רעדט דאָרט אין שאָפּ, אַז דו טראָגסט אַלעס צו צום אָנקל . . .

— האָט שמעון פּלוצים אַ זאָג געטאָן.

— וואָס? דער אָנקל האָט מיר שלעכט געטאָן? — האָט מעקס אָפּגע־ענטפערט.

— און אַז ער איז גוט צו דיר, דאַרפסטו ווערן אַ שפּיאָן, אַפּראָוואָ־קאַטאָר? — האָט שמעון געפרעגט.

— אַי—אַי—אַי! . . .—האָט מעקס אַרויסגעכאַפּט אַ סיגאַר און בייז פאַררויכערט. — אַ פּראָוואָקאַטאָר! ווער רופט עס מיך פּראָוואָקאַטאָר דאָרטן?

— דיך אַרט דאָס ניט, אָבער איך . . .

— נו מעגסטו אויפהערן צו רעדן מיט מיר אין שאָפּ, — האָט אים מעקס איבערגעשלאָגן. — איך פייף אויף זיי! וואָס מיינסטו, אייביק וועל איך דאָרט אַרבעטן מיט זיי?

שמעון האָט דערהערט, אַז נודעלמאַן קומט אַרויס פון באָד־צימער; ער איז אַרויסגעקומען אַ רויטער און אַ פאַרשוויצטער, אַנידערגעזעצט זיך, געפּאָרעט זיך מיט דער צייטונג און שווער געאָטעמט:

— אויף וועמען פייפסטו דאָרטן, האָב איך געהערט, אויף וועמען? — האָט נודעלמאַן געפרעגט .

— זיי רופן דאָך מיך שוין פּראָוואָקאַטאָר אין שאַפּ אָנקל. — האָט מעקס געלאָזט גאַנצע וואָלקנס רויך.

— וואָס רופן זיי דיך, וואָס?

— פּראָוואָקאַטאָר, שפּיאָן.

— אָה, שפּיאָן . . . — האָט זיך נודעלמאַן געווישט דעם האַלדז. — נו, און וואָס האָסטו צו זאָגן, שמעון? דיך רופן זיי ניט שפּיאָן?

— איך ווייס ניט. — האָט שמעון געענטפערט קאַלט.

— פּאַרטי? — האָט נודעלמאַן אַ קוק געטאָן אויף אים מיט דעם בליק, וואָס שמעון פלעגט באַ אים זען אַזוי אָפט, ווען ער פלעגט רעדן מיט די אַרבעטער אין שאַפּ. — דו ביזט דאָך ניט בלינד און טויב, וואָס האָסטו געהערט? זיי ווייסן שוין, אַז איך גיי פייערן ברענערן.

— זיי ווייסן.

— און וואָס זאָגן זיי?

— אַז איר וועט אים פייערן, וועט מען סטרייקן.

— און וואָס וזאָגסטו? וועסט אויך אַרויס אין סטרייק געגן מיר?

שמעון האָט ניט געענטפערט. האָט נודעלמאַן אַ קוק געטאָן אויף אים בייז און ווענדנדיק זיך צו מעקסן אַ זאָג געטאָן:

— אַט האָסטו דיר אַ דאַנק, אַט!

— און וואָס זאָגסטו? וועסט אויך אַרויס אין סטרייק געגן מיר?

שמעון איז אַרויסגעגאַנגען פון צימער און געגרייט זיך צו גיין שלאָפן, געטראַכט: דאָס בעסטע וואָלט געווען, ווען ער און מעקס פאַרלאָזן דאָס הויז. מעקס וועט אָבער ניט וועלן. ווער טרייבט עס אים פון דעם שיינעם, רייכן און באַקוועמען הויז — וועט ער זאָגן. פאַרבלייבן איז אָבער אוממעגלעך. אַ סטרייק וועט אים אָוועקשטעלן פאַר אַן אָפענער פּראָבע. ער וועט מוזן ווייזן זיין פּנים. ער וועט מוזן.

נודעלמאַן האָט אָפּגעזאָגט ברענערן, און די אַרבעטער זענען אַרויס אין סטרייק. דעמזעלבן טאָג האָט שמעון צוזאַמענגענומען זיינע זאַכן און איז אַריבערגעפאָרן אין אַ געדונגענעם צימער אין דער נאַכבאַרשאַפט.

איידער ער האָט פאַרלאָזט דאָס הויז, איז ער אַריינגעגאַנגען צו בעללאַן זאָגן איר, אַז ער גייט אַוועק פון זיי. זי איז געזעסן אין פראָנט צימער, און האָט געלייענט די צייטונג.

— איך צי זיך אַרויס פון דאַנען בעללאַ. — האָט ער געזאָגט. — איך דאַנק אייך זייער פאַר אַלעס.

— איר ציט זיך אַרויס? פאַרוואָס? — איז זי בלייך געוואָרן.

— איך גיי אַוועק, ווייל . . . ס'איז בעסער אַזוי.

— בעסער פאַר וועמען?

— פאַר אַלעמען.

— נו, אַז איר זענט אַזוי זיכער . . .

ער איז צוגעגאַנגען צו איר, געגעבן איר די האַנט און דערפילט איר קאַלטע, ציטערנדיקע פינגער און שטייענדיק שוין בײַ דער טיר האָט ער דערהערט איר רוף:

— שמעון . . .

ער האָט זיך אומגעקוקט און דערזען טרערן אין אירע אויגן. גע־וואָלט צוגייען צו איר, געפילט ווי אַרומנעמען זי, אַ לאַשטשע טאָן, אָבער אין דער רגע איז אַרײַנגעקומען לינאַ און בעללאַ האָט גענומען סימולירן שמייכל און גערעדט עפּעס צו איר . . .

שמעון האָט געקוקט אויף איר אַ ווײַלע און איז אַרויסגעגאַנגען.

אויפן צווייטן טאָג איז שמעון אויפגעשטאַנען פרי. ער איז געשטאַ־נען בײַם פענצטער און האָט געטראַכט, צי זאָל ער אָפּרופן אויף דעם טע־לעפאָן מעקסן, צי ניט. זאָל ער אים זאָגן, אַז ער זאָל זיך ניט דערוועגן צו גיין אין שאַפּ, צי אָל ער אים לאָזן צו רו, לאָזן אים גיין אין זײַנע אייגענע וועגן. ער האָט געוואוסט, אַז מעקס וועט אים סיי ווי ניט פאָלגן, אָבער לאָזן עס אַזוי האָט ער אויך ניט געוואָלט. ער האָט מורא געהאַט, אַז אויב נודעלמאַן וועט ברענגען סקעבס און וועט זיי וועלן דורכפירן דורך דער פּיקעט־ליין, וועט עס זיך מיט קיין גוטס ניט ענדיקן.

ער האָט זיך געלאָזט פאָרן צום שאַפּ. ווען ער איז צוגעקומען צום קוואַרטאַל, האָט ער זיך אָוועקגעשטעלט פון דערווײַטנס, אַז קיינער פון די אַרבעטער זאָלן אים ניט באַמערקן. דאָ און דאָרט האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן בלויע פּאָליציייִשע מונדירן און שמעון האָט דערפילט, אַז עס ציטערן אים די הענט און פיס.

דער טאָג איז אַוועק אָן אינצידענטן. קיין סקעבס זענען ניט געקו־מען און דער שאַפּ איז געשטאַנען אַ גאַנצן טאָג פאַרמאַכט. אויפן צווייטן טאָג אינדערפרי איז ווידער געווען אַ פּיקעט־ליין בײַם שאַפּ און ווען ס'איז ביז האַלבן טאָג גאַרניט געשען, איז ער אַ היים געפאָרן לערנען. ערשט אויפן דריטן טאָג אינדערפרי האָט ער אויסגעפונען פון אַן אַרבעטער, אַז ווען מעקס איז באַטאָג אָנגעקומען און געלאָזט זיך אַרײַנ־גיין אין שאַפּ, האָבן די אַרבעטער גענומען שרײַען „סקעב" און עמיצער האָט אים געוואָרפן אין פּנים אַרײַן אַ שאָלעכץ פון אַ באַנאַנע. מעקס'עס אויגן האָבן זיך בײַז אָנגעצונדן. ער איז צו צום אַרבעטער וואָס האָט גע־וואָרפן די שאָלעכץ און האָט אים אַ זעץ געטאָן אין פּנים. עס איז געוואָרן אַ טומל און אַ געשריי און די אַרבעטער האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויף מעקסן. זײַן הוט איז שוין געלעגן אונטער אַן אויטאָמאָביל און זײַן ײַדענעם שאַרף האָט מען געשלעפּט אַ צעטראָטענעם און שמוציקן אונ־טער די פיס. ווי אַ ווילדער האָט זיך מעקס געשלאָגן רעכטס און לינקס. אַ צעבלוטיקטער, מיט אַ צעריסענעם העמד און קאָלנער האָט ער געשליי־דערט פון זיך די אַרבעטער, ביז עס זענען אָנגעלאָפן פּאָליסלייט, צעטריבן די אַרבעטער און אַרויפגעפירט מעקסן אין שאַפּ.

שמעון האָט געהערט, וואָס דער אַרבעטער האָט אים דערציילט און גאָרניט געזאָגט, בלויז געביסן די ליפּן און פּרובירט איינהאַלטן די ציטערניש פון די הענט.

אויפן פינפטן טאָג פון סטרייק האָט זיך צעטראָגן אַ קלאַנג, אַז נודעלמאַן איז פּלוצים קראַנק געוואָרן, אַז ס'זענען בײַ אים געווען צוויי פּראָפעסאָרן און אַז זיין לאַגע איז קריטיש. קיינער האָט ניט געוואוסט פון וואַנען די קלאַנגען האָבן זיך גענומען. שמעון האָט דאָס געהערט פון דעם רעסטאָראַטאָר וואו ער פלעגט שטענדיק עסן. האָט ער באַשלאָסן אָנצוקלינגען אויף דעם טעלעפאָן און אויסגעפינען וועגן נודעלמאַנס קראַנקייט. לינאַ האָט געענטפערט דעם קלונג. מיסטער נודעלמאַן, האָט זי געזאָגט, איז זייער קראַנק. מיסעס נודעלמאַן איז אויך קראַנק. זי איז בײַ זיך אין צימער, און מיסטער מעקס . . . ער האָט ניט גענעכטיגט אינדערהיים . . . שמעון'ען איז די גאַנצע געשיכטע געוואָרן פאַרדעכטיק. וואו איז מעקס פלוצים פאַרפאַלן געוואָרן אויף אַ גאַנצער נאַכט, איבערהויפּט, ווען נודעלמאַן איז קראַנק? עפּעס האָט דאָרט געמוזט פּאַסירן, האָט ער באַשלאָסן און געלאָזט זיך פאָרן צו נודעלמאַנען.

לינאַ האָט געעפנט די טיר. זי האָט אים געזאָגט, אַז בעללאַ איז בײַ זיך אין צימער. זי פילט זיך ניט גוט. און צו נודעלמאַנען האָט אים די נוירס ניט צוגעלאָזט. מיסטער נודעלמאַן וויל קיינעם ניט זען, — האָט זי געזאָגט. האָט ער זיך אַנידערגעזעצט אין פראָנט־צימער אין דעם וויכן שטול, וואו ער פלעגט ליב האָבן צו זיצן, גענומען אַ בוך און אַריינגעקוקט; געוואַרט — אפשר וועט בעללאַ פאָרט אַרויסקומען. ער האָט צוגערופן לינאַ'ן און ווידער אַמאָל פּרובירט אויסצוגעפינען, צי ווייסט זי אפשר פאָרט וואו מעקס איז און פאַרוואָס ער איז ניטאָ אין דער היים. לינאַ האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זי ווייסט ניט . . . און ווען זי ווייסט, דאַרף זי אויך ניט רעדן און מישן איך. שמעון האָט געזען, אַז פון לינאַן וועט ער גאָרניט דערגייען, ער האָט זיך גענומען אָנשטויסן . . .

אַזוי זענען אַוועק עטלעכע טעג און יעדן טאָג האָט ער טעלעפאָנירט און יעדעס מאָל האָט געענטפערט לינאַ: מיסטער נודעלמאַן איז נאָך אַלץ קראַנק. מיסטער מעקס איז ניטאָ. און דאָס אַלעס וואָס זי ווייסט. און דאָס איז געווען אַלעס וואָס ער האָט אויסגעפונען. דער שאַפּ איז דערווייל געשטאַנען פאַרמאַכט און דאָס פּיקעטן האָט מען אויפגעגעבן.

עס זענען אַוועק אַ פּאָר וואָכן. דער סטרייק איז צערונען געוואָרן. שטילערהייט האָט איעדער פון די אַרבעטער געזוכט אַרבעט אין די אַנדערע שעפּער. שמעון האָט דערווייל קיין אַרבעט ניט געזוכט. ער האָט צייט, האָט ער געטראַכט. מיט פינף הונדערט דאָלער אין באַנק מעג ער זיך פאַרגינען אַביסל וואַקאַציע. צו נודעלמאַנען האָט ער שוין מער ניט טעלעפאָנירט און מעקסן האָט ער נאָך אַלץ ניט געזען. מ'האָט אים אַ פּאָר מאָל באַגעגנט, האָבן באַקאַנטע איבערגעגעבן. דער זעלבער מעקס, —

האָבן זיי געזאָגט. גייט פאַרפּוצט און שטאָלץ, און אַפילו באַגריסן זיך מיט די אַרבעטער וויל ער ניט. האָט שמעון אָנגעהויבן אַרויסצוגיין יעדן אָוונט אין דעם רעסטאָראַן וואו מ׳האָט געזען מעקסן און איינמאָל האָט ער אים געטראָפן דאָרט.

מעקס איז צוגעקומען צו אים אַ שווייגנדיקער. געווען רואיק, גלייך ווי עס האָט קיינמאָל גאָרניט פּאַסירט.

— וואָס איז געשען, וואָס קומסטו מיך ניט זען? ביזט ברוגז, צי וואָס? — האָט שמעון געפרעגט.

— איך בין ניט ברוגז. פאַרוואָס זאָל איך זיין ברוגז. — האָט מעקס געענטפערט.

— טאָ פאַרוואָס זעט מען דיך ניט?

— . . . כ׳וויים . . .

— וואו וואוינסטו? האָסט זיך צעקריגט מיטן אָנקל?

— איך וואוין אין אַ האָטעל.

— פאַרוואָס ביזטו אַוועק פון אָנקלס הויז? וואָס איז געשען?

— איך האָב געוואָלט אַוועק, בין איך אַוועק. — איז מעקס בייז געוואָרן.

— האָסט זיך צעקריגט מיטן אָנקל, צי מיט בעלאַן? — האָט אים שמעון ניט אָפּגעלאָזט. — זאָג. איך בין דאָך ניט קיין אידיאָט און לינאַ האָט מיר אויך געגעבן עפּעס אָנצוהערן.

מעקס האָט גאָרניט געענטפערט. ער איז געשטאַנען אַן אָנגעכמור־רעטער און האָט געדרייכערט. שמעון האָט געוואָלט זען וואו ער וואוינט, האָבן זיי זיך געלאָזט צום האָטעל. ווען שמעון האָט דערזען דאָס צימער, האָט ער ניט ווילנדיק, פאַרגליכן עס מיט זיין אייגענעם צימער.

— דאָרטן אינדערהיים האָבן מיר אין אַזעלכע צימערן ניט געוואוינט, האָט שמעון געזאָגט.

— אינדערהיים איז דער אָנקל געווען אַ קבצן און מ׳האָט אים גערופן משה סמאַרק און דאָ איז ער מיסטער גודעלמאַן און האָט דעם גרעסטן שאַפּ. אַז אַ מענטש איז אַ טרוס און ציטערט פאַר אַ סענט, ווערט ער זיך קיינמאָל ניט אַרויפאַרבעטן.

— אויף ווי לאַנג קאָן דיר סטייען דיין געלט, אַ . . .

מעקס האָט מיט אומגעדולד אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, איז שמעון אַנטשוויגן געוואָרן. ער האָט געביסן די נעגל און געטראַכט ווי אַזוי ווידער אָנצוהייבן דעם געשפּרעך, וואָס האָט אים אינטערעסירט אַמ־מערסטן.

— האָסט געזען דעם אָנקל? האָט ער אַ פרעג געטאָן.

— ניין. — האָט מעקס אָפּגעהאַקט.

— פאַרוואָס ניט?

— ווייל איך וויל ניט?

— פאַרוואָס? איז שמעון געווען צודרינגלעך.

— אָלרייט. — האָט מעקס גענומען שפּאַנען איבערן צימער, אויס־מיידנדיק שמעון'ס בליק. ער האָט געטראָפן בעללאַן . . . באַ מיר אין צימער.

— נו, איז וואָס?

— איז וואָס?! — איז מעקס בייז געוואָרן. — ביזט אַ אידיאָט . . .

שמעון'ען האָט עס ניט איבערראַשט. ער האָט פון אָנהייב אָן געהאַט דער פאַרדאַכט, און עפּעס ענליכעס האָט פּאַסירט. נו, וואָס זאָל ער אים זאָגן? אויסמוסר'ן אים, לייענען אים אַ לעקציע וועגן מאָראַל? ער האָט זיך דערפילט ענג אין צימער, האָט ער זיך אויפגעהויבן.

— נו קום.

זיי זענען אַרויסגעגאַנגען און אינדרויסן האָבן זיי זיך צעשיידט. שמעון'ען איז די גאַנצע געשיכטע געווען דערווידער. ער האָט רחמנות געהאַט אויף ביידן — אויף בעללאַן און אויך אויף נודעלמאַנען. און וועגן מעקסן . . . האָט ער טאַקע אַ רעכט צו שטראָפן אים, צו קאָנטראָלירן זיין לעבן, זיינע טאַטן? קריכט דען מעקס צו אים אין דער נשמה אַריין? וויל מעקס אים איבערמאַכן? און ווער ווייסט ווער ס'איז דער גערעכטער און ווער איז דער שולדיקער? איז דען נודעלמאַן גערעכט, וואָס ער האָט געקויפט בעללאַס לעבן מיט רייכטום? און איז בעללאַ גערעכט, וואָס זי האָט זיך פאַרקויפט? און איז זי שולדיק וואָס זי בענקט נאָך ליבע, נאָך אַ געזונטן און שיינעם מאַן? ווען באַשולדיקן, אין וואָס באַשולדיקן? פאַר־וואָס באַשולדיקן מעקסן, ווען נודעלמאַנס און בעללאַס מאָראַל איז פּונקט ווי זיינע, מעקסעס . . . דאָך . . .

נודעלמאַן האָט ווידער געעפנט דעם שאָפּ. אין די פיר וואָכן וואָס ער איז געווען קראַנק און דער שאָפּ איז געווען פאַרמאַכט האָט ער זיך שטאַרק געעלטערט. ער האָט געהאַלטן אין איין הוסטן מיט בלוט און איז אַרומגעגאַנגען אַ בייזער און אַ נערוועזער. עס האָבן זיך אומגעקערט אַ סאַך אַלטע אַרבעטער, מערסטנס זיינען אָבער געשטאַנען באַ דער אַרבעט בייע. שמעון איז אין שאָפּ אַריין ניט צוריקגעקומען. מעקס האָט נאָך אַלץ געוואוינט אין האָטעל. ער האָט זיך אָפט געזען מיט שמעון'ען. דערציילט, אַז ער זעט זיך אַמאָל מיט בעללאַן און בעללאַ פלעגט דערציילן וועגן נודעלמאַנען, אַז ער ווערט אַלץ קראַנקער און שוואַכער. ער וויל ניט קוקן אויף איר, אָבער ער היט זי מיט אַ מין משוגענער אייפערזוכט.

מעקס איז, ווי שטענדיק, געווען אַ פריילעכער און מונטערער. דער־ציילט אַלערליי געשיכטעס וועגן גרויסע פּראָספּעקטן וואָס שטייען אים פאַר; וועגן ביזנעסלייט, וואָס רייסן זיך איבער אים און בעטן אים אַריינ־צוטרעטן אין פּאַרטנערשאַפט מיט אים.

איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט איז ער צוגעפאָרן אין אַ נייעם אויטאָמאָ־ביל צום הויז וואו שמעון האָט געוואוינט.

— וואָס טויג דיר אַן אויטאָמאָביל, און וואו האָסטו גענומען געלט צו קויפן אים? — האָט שמעון געפרעגט.

— ערשטנס, דאַרף מען ניט אין אַמעריקע קיין געלט, ווען מ'האָט שכל, האָט מעקס געוויצלט זיך. — צווייטנס, דאַרף איך דעם מאַשין פאַר ביזנעס.

— וואָס פאַר אַ ביזנעס?

איך בין געוואָרן אַ קאָסטימער פעדלער. — האָט ער אַריינגעשטעלט די גראָבע פינגער אונטער די פאַכוועס. — און קרעדיט קריג איך וויפל איך וויל. — האָט ער אַרומגעשפּאַנט איבערן צימער. — קאָנסט דאָך בעללאַס קוזינע שוירלי, שוירלי קאָהן? נו, איר מאַן, מיסטער קאָהן, איז אין האָלסייל ביזנעס. ער וועט מיר געבן וויפל איך דאַרף. איך וועל ניט פאַרפאַלן ווערן דאָ, אין אַמעריקע, באַיטשיק. און וועסט זען, אַז די ביזנעס וועלן גיין גוט, וועל איך דיך אויך אַריינשלעפּן. מיינסט מ'מוז אַרבעטן אין שאָפּ, אָדער ווערן אַ לאָיער? לאָיערס פייגערן פון הונגער פונקט ווי אַנדערע קבצנים. זאָרג ניט! ס'וועט נאָך זיין האָטסי־טאָטסי . . .

שמעון האָט געביסן די נעגל און געקוקט אויף מעקסן. אָט האָט ער שוין אַ מאַשין אויך. אָט ווערט ער אַ קאָסטימער פעדלער. ער שטופּט זיך מיט די עלנבויגנס צו די גרויסע מאַכערס און ער איז אַ גאַנצער פּאַני־בראַט מיט זיי. ער רויכערט סיגאַרן און ס'איז זיין אַמעריקע . . .

אין דעם זעלבן אָוונט האָט מעקס טעלעפאָנירט שמעון'ען, אַז דער אָנקל האָט ווידער געקראָגן אַ בלוט־שטורץ און דאָס מאָל איז עס זייער ערנסט. ער זאָל גלייך קומען. שמעון איז אויך גלייך צוגעפאָרן צו גודעלמאַנען. ער האָט געטראָפן בעללאַן אַ בלייכע און אַ פאַרוויינטע און מעקס איז געשטאַנען אַ רואיקער און האָט גערויכערט אַ סיגאַר. און ווי שמעון'ען האָט זיך אויסגעוויזן, האָט מעקס מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דעם סוף, אויף גודעלמאַנס סוף. און דער סוף איז געקומען.

מיט גודעלמאַנס טויט האָט זיך פאַרענדיקט אַ שווער קאַפּיטל אין בעללאַס לעבן. ערגעץ אין איר נשמה איז נאָך געלעגן די שרעק; פון די ווינקלען אין הויז האָבן נאָך געקוקט אויף איר גודעלמאַנס אויגן און עס האָט זיך נאָך געהערט ערגעץ זיין שטימע. די ערשטע צייט האָט זי אויסגעמידן צו זיין אַליין אין הויז און איז אַרומגעפאָרן מיט ליגאַ'ן, אָדער מיט מעקסן און פּרובירט צו פאַרגעסן זיך. דאָ און דאָרט האָט זי זיך באַמיט צו בייטן זאַכן אין הויז, קליינינקייטן דערווייל, וועלכע האָבן בעדאַרפט שאַפן אַ נייע שטימונג פאַר איר, פאַר איר אייגן לעבן.

די בעקאַנטע, וועלכע זענען די ערשטע צייט געקומען באַזוכן זי, האָבן מיט־אַמאָל אויפגעהערט צו קומען. און זי האָט שוין געוואוסט, אַז מ'טרייבט שוין רכילות וועגן איר און מעקסן. עס האָט זי אָבער ניט געאַרט. פאַרקערט, עס האָט זיך איר געוואָלט, אַז אַלע זאָלן וויסן, אַז זי

איז שוין גאָרניט אַזוי עלנט איצט. איצט פאַנגט זיך ערשט אָן איר לעבן: אַז ס'איז דאָ לעבן איר אַ מאַן אַ געזונטער, אַ שטאַרקער, אַפילו אַ יונגערער פון איר, וואָס האָט זי ליב און זאָרגט פאַר איר. און אָפט פלעגט זיך אַ באַהאַלטענע פרייד צעשמייכלען אין איר, און זי האָט ניט געוואָלט פאַרלירן זי, די דאָזיקע פרייד — די פרייד פון אַ נייעם לעבן.

מיט מעקסן האָט זי זיך געזען יעדן טאָג. ער האָט שוין אויפגעגעבן זיינע אינסטאָלמענט־ביזנעס און האָט באַלעבאַטעוועט אין דער פעקטאָרי. דער פאָרמאַן האָט שוין פאַרשטאַנען, אַז דער באַלעבאָס איז איצט מיסטער מעקס באָלגאַר, אויב נאָך נישט אָפיציעל, וועט ער אינגיכן דאָס זיין. און מעקס האָט זיך שוין טאַקע אויפגעפירט ווי אַן אמת'ער באַלעבאָס. אומעטום האָט ער גענישטערט און אַפילו אין די ביכער, וואו ער האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען, האָט ער אויך אַריינגעקוקט. עס האָט ניט גענומען לאַנג, האָט ער שוין געוואוסט די גאַנצע ביזנעס. בעללאַ האָט זיך ניט געמישט. זי פלעגט נאָר האָבען טענות פאַר וואָס ער גיט זיך אָפּ אַזוי פיל מיטן שאָפּ און אַזוי ווייניק . . . מיט איר.

מעקס האָט געוואוסט, אַז דאָס לעבן האָט אים אונטערגעטראָגן אַ מתנה מיט וועלכער ער דאַרף זיין צופרידן און גליקלעך. ערשטנס, די פעקטאָרי, צווייטנס די גרויסע סומע געלט, וואָס בעללאַ האָט געקראָגן פון דער פאַרזיכערונגס־קאָמפּאַניע; און דריטנס — בעללאַ. בעללאַ איז געווען די לעצטע מיט וואָס ער האָט זיך געפרייט. דאָך איז ער געווען שטאָלץ מיטן זיג איבער איר, ווייל זי איז פאַרט געווען די ערשטע פרוי פון פאַרמעגלעכן און אינטעליגענטן קלאַס מענטשן, און דערצו אַ שיינהייט, פון וועלכער ער וואָלט אין שאַרניץ געקענט בלויז טרוימען.

אָבער איינמאָל, צו זיין פאַרוואונדערונג, האָט מעקס געטראָפן בעללאַן אין אָפיס און דערצו נאָך באַ די ביכער, זי, אַלס אַמאָליקע בוכהאַלטערן, טאַקע אין דעמזעלבן, איצט אירן שאָפּ, האָט גוט געוואוסט און פאַרשטאַנען וואָס זי קוקט און וואָס זי זוכט. האָט ער געשמייכלט און געקלאַפּט איר אין פלייצע. זי האָט אָבער אָנגעהויבן קומען צו אָפט אין אָפיס און דאָס איז מעקסן ניט געפעלן געוואָרן. מיט איר אין שאָפּ, האָט ער זיך געפילט ווי אַ געבונדענער. איר אָנוועזנהייט האָט אים צופיל דערמאָנט, אַז ער איז נאָך ניט דער באָס פון שאָפּ, און ווען זי האָט אַ פּאָר מאָל באַמערקט, אַז זיין שמייכל איז אַ פאַרקרימטער, אַ זויערער, האָט זי פאַרשטאַנען פאַרוואָס און האָט אויפגעהערט צו קומען.

מעקס האָט פּרובירט איינרעדן שמועון'ען, אַז ער זאָל צוריקגיין אַרבעטן אין שאָפּ, ווייל ער איז נאָך אַלץ אַרומגעגאַנגען אָן אַרבעט — ס'האָט זיך אים ניט געגלוסט ווידער אַריינצופּאַלן אין שאָפּ. דאַרף ער זוכן ערגעץ אַרבעט באַ פרעמדע, האָט אים מעקס געזאָגט, קאָן ער דאָך אַרבעטן באַ . . . איר (געוואָלט זאָגן „באַ מיר") באַ בעללאַן. שמועון האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט, עפּעס שטייט אים פאַר, האָט ער געזאָגט, עפּעס וואָס איז פאַר־

בונדן מיט דער אַרבעט צו וועלכער ער האָט שטענדיק געשטרעבט. ער ווייס נאָך ניט אויף זיכער, אָבער עס דאַכט זיך אים, אַז ער וועט קריגן אַ דזשאַב, וואָס וועט פאַר אים זיין ליב און טייער. האָט אים מעקס אָפּ־געלאָזט. סיי ווי, האָט ער געטראַכט, וויל זיך אים ניט ווערן שמעון׳ס „באָס״. אָבער דער נייער דזשאַב איז ניט רעאַליזירט געוואָרן. איז ער סוף כל סוף צוריקגעקומען אין שאַפּ אַרבעטן. עס איז שוין געווען אַ יאָר נאָך נודעלמאַנס טויט. נאָר בעללאַן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איר צוזאַמענ־לעבן מיט נודעלמאַנען איז פאַרגעקומען מיט יאָרן, יאָרן צוריק. מעקס איז געווען איר מאַן און דערדאָזיקער באַוואוסטזיין האָט אָפּגעמעקט דאָס פאַרגאַנגענע.

שמעון פלעגט אַמאָל אין אַ פרייען אָוונט אַריינקומען צו זיי און בעללאַ האָט זיך שטענדיק אינטערעסירט מיט אים, מיט זיין פאָרשריט אין לערנען און פלעגט אויך מיט דעליקאַטער נייגעריקייט פּרובירן אויסצוגע־פינען ווי עס האַלט אין אַלגעמיין מיט זיין פּערזענלעכן לעבן; צי האָט ער אינטערעסאַנטע בעקאַנטע, צי איז ער אפשר פאַרליבט אין עמיצן — ער איז דאָך אַזאַ גוטער, אינטערעסאַנטער מענטש . . . געפינען זיך ניט קיין פרויען, וואָס ווילן אים? שמעון האָט פאַרשטאַנען איר נייגעריקייט, האָט ער אָפּט דערציילט איר וועגן זיך. אָבער איינמאָל, ווען ער האָט דער־מאָנט דעם נאָמען דבורה, האָט בעללאַ געמאַכט אַ פאַרוואונדערט פּנים:

— דבורה איז מיינע באַלעבאָטים׳ס טאָכטער.

— פאַרוואָס האָט איר מיר פריער ניט דערציילט וועגן איר?

— איך האָב ניט געוואוסט, אַז ס׳איז אַזוי וויכטיק.

— ניט וויכטיק? — האָט זי געפרעגט מיט צווייַדייטיקן שמייכל.

— ניין, ניט וויכטיק.

וואָס פאַר אַ מיידל איז זי?

— אַ וואויל מיידל. זי אַרבעט אין דער פּאַרטיי.

אין וועלכער? אין דער קאָמוניסטישער? האָט בעללאַ ברייט צע־עפנט אירע אויגן.

— אין דער פּועלי־ציוניסטישער.

— וואָס טוט זי דאָרט.

— זי אַרבעט אין אָפיס. זי איז געווען דידאַקטיקע, וואָס האָט געמיינט, אַז איך קריג שוין אַ דזשאַב דאָרטן.

— וויל איך לעבן זיך? — האָט בעללאַ ווידער אַ שמייכל געטאָן.

— אפשר. — האָט אויך שמעון געשמייכלט.

— גייט איר אַמאָל צוזאַמען ? . . .

— יאָ, צו מיטינגען.

— טעט־אַ־טעט מיטינגען? — האָט בעללאַ אַ פינטל געטאָן מיטן אויג.

— מערסטנס אַלגעמיינע, אָבער אַמאָל אויך טעט־אַ־טעט — האָט

שמעון געלאַכט.

— ווי זעט זי אויס . . . אייער דבורה.

— מיין דבורה, — האָט שמעון אונטערשטראָכן די ווערטער און ווידער געלאַכט, — איז פון מיטלוואוקס, דין, אַ ברונעטקע, מיט אמת׳ע גרויסע סעמיטישע אויגן . . .

— ווי אַ ציגיינערטע . . . — האָט בעללאַ אונטערגעזאָגט.

— ניין. ווי אַ טיפּישע יידישע טאָכטער, און זייער ראַפּיבירט און קלוג.

— רעדט גוט ענגליש? — האָט בעללאַ געפרעגט, פּרובירנדיק מיט דעם געפינען עפּעס, וואָס זאָל שטערן דער פּערפעקציע. —

— אויסגעצייכנט. — האָט שמעון געענטפערט שוין ערנסט. — זי האָט שטודירט צו זיין אַ לערערין, אָבער ווען זי איז צוגעצויגן געוואָרן צו פּאַרטיי אַרבעט און זי האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַ זייער פּעאיקע און אידעאַליסטישע פּערזאָן, האָט מען איר איבערגעגעבן דעם אַמט פון אַסיסטענט־סעקרעטאַר.

— אַזוי . . . — האָט שוין אויך בעללאַ געזאָגט ערנסטער. — אויב אַזוי זענט איר אַ פּאָר.

— מיר האָבן וועגן דעם ניט גערעדט.

— אויב אַזוי זע איך, אַז זי איז אַ קלוגע. זי ווייסט ווי צו געווינען אייך.. ס׳איז אָפּט אַ זייער ווירקזאַמע פּרויעשע טאַקטיק ווי צו פאַנגען אַ מאַן — ניט צו לאָזן אים באַמערקן די פּאַסטקע.

— פון אייך בעללאַ האָב איך ניט דערוואַרטעט אַזעלכע . . . ווער־טער.

— איר וועט מיר ענטשולדיקן, שמעון. עס דאַכט זיך מיר, אַז ס׳איז מיין צעפרידנקייט מיט זיך אַליין, וואָס האָט געבראַכט צו אַזעלכע . . . ציי־נישע ווערטער.

— איך ווייס. — האָט שמעון געשמייכלט. — איר זענט ווייט פון צי־ניזם און איך פאַרגיב אייך.

מיט דעם האָט זיך דער געשפּרעך פאַרענדיקט.

ער האָט איר אָבער ניט געזאָגט, אַז ער אַליין האָט אויך ניט איינ־מאָל געטראַכט וועגן דער „פּאַסטקע" וואָס דבורה שטעלט פאַר אים. גע־טראַכט אָן פאַרוואורף אין געדאַנק און ניט באַטראַכט עס אַלס פּאַסטקע. ער האָט בלויז באַמערקט, אַז זי איז פאַראינטערעסירט אין אים און אַז זי באַמיט זיך ניט אַרויסצואַצווינגען אויף אים געדאַנקען און געפילן וועגן זיך. וועלכע ער האָט קיינמאָל ניט אויסגעדריקט. זי איז אים געפעלן געוואָרן, דבורה, אָבער מיט זיין באַשטימטן ציל אויסצושטודירן אויף לאָיער און מיט זיין אומבאַשטימטער פּערספּעקטיוו פאַר ווייטערדיקע פּלע־נער האָט ער ניט געוואָלט טראַכטן וועגן פאַרבינדן זיך מיט עמיצן. זי איז

אים געפעלן געוואָרן דבורה, אָבער ערגעץ אין געדאַנק באַ אים איז געשוואומען אַ געשטאַלט פון אַ פרוי, וועלכע ער האָט געהאָפט צו געפינען, ווען די צייט וועט קומען. אָט אַזאַ פרוי, אַזאַ מיידל, ווי יענע — ער האָט שוין פאַרגעסן איר נאָמען — יענע, וואָס ער פלעגט זען אין דער זאַווערטשאַנער ביבליאָטעק. יענע, וואָס האָט זיך באַוויזן און איז פאַרשוואונדן ווי אַ חלום.

דבורהס עלטערן זענען געווען אָרעמע, אָבער אינטעליגענטע מענטשן. אין זייער אָרעמקייט האָבן זיי געזען, אַז דבורה זאָל אויסוואַקסן אַ געבילדעטע, פאָרגעשריטענע מיידל. דער פאָטער איז געווען אַ פאַרזיכערונגס אַגענט און די מוטער האָט געאַרבעט אין אַ דעפּאַרטמענט סטאָר אַלס פאַרקויפערן. בלויז אין אָוונט פלעגן זיי זיך זען און צוזאַמען פאַרברענגען. פלעגן לייענען, אָדער צוהערן זיך צו דער ראַדיאָ; גיין צו אַ מיטינג אָדער צו אַ „מואווי". זיי זענען געווען איבערגעגעבענע ציוניסטן און ווייל שמעון איז געשטאַנען אַזוי נאָענט צו זיי אידייאיש, איז ער נאַטירלעכערווייז געוואָרן אויך נאָענט צו זיי אַלס פריינט. זיי האָבן אויפגעהערט צו קוקן אויף אים אַלס „באָרדער" און האָבן אים רעספּעקטירט פאַר זיין כאַראַקטער און פאַר זיין איבערגעגעבנהייט צו די צילן, וועלכע ער האָט זיך געשטעלט. זיי האָבן אים שוין ניט איינמאָל געהערט רעדן באַ די מיטינגען און זיינע שטילע, אָבער עמאָציאָנעלע און צום פונקט געפאַרעמטע רעדעס האָבן געפונען אָפּרוף אין זייערע הערצער. אַזאַ מאַן וועט זיין אַ גוטער לאַיער . . . — פלעגן זיי רעדן צווישן זיך און ביידע האָבן געהאָפט אַז ס׳וועט מיט דער צייט ווערן אַ שידוך צווישן אים און דבורהן.

זיי האָבן זיך „ניט געאיילט" און דבורה אויך ניט. אַזוי לאַנג ווי ער וואוינט באַ זיי, איז ער זייערער — טאַקע באמת זייערער מיט דער גאַנצער נשמה . . . איז צו וואָס איילן זיך. דבורה האָט אָבער ניט אויפגעגעבן איר געדאַנק וועגן שמעון׳ס פּאָזיציע אין דער פּאַרטיי. ער קאָן און ער איז ווירדיק, און באַוואוסטזיניק גענוג צו ווערן איינער פון זיי, איינער פון דער עקזעקוטיווע, פון די פירנדע כוחות; און זי האָט געוואַרט אויף דעם מאָמענט, ווען עס וועט זיך שאַפן די געלעגנהייט אַריינצוברענגען אים אין דעם ענגן צירקל פון דער אָרגאַניזאַציע.

און די געלעגנהייט איז געקומען. איינמאָל אין אַן האַרבסטיקן אָוונט, ווען שמעון איז אַהיים־געקומען פון קאַלעדזש, האָט ער געטראָפן דבורהן און אירע עלטערן וואַרטן אויף אים מיט אומגעדולד.

— קוים דערוואַרט זיך. — איז זי אים אַנטקעגן געגאַנגען.

— עפּעס געשען? — האָט ער געפרעגט.

— דאָס מאָל האָט איר אַ דזשאָב.

— אין אָפיס? — האָבן שמעון׳ס אויגן אויפגעשיינט.

— אין פאַרבאַנד. איר וועט גיין מיט מיר מאָרגן אינדערפרי און דאָס מאָל זענט איר אויף דעם אמתן, ריכטיקן וועג.

— אַ דאַנק אייער מי.

— צוליב דער פּאַרטיי, חבר באַלגאַר, צוליב דער פּאַרטיי, אַפּילו אַזאַ קרבן.

— איך וועל אייך מוזן אָפּצאָלן מיט דער זעלבער מטבע און מיט פּראָצענט, האָט שמעון געריבן זיך די הענט אַ צעפרידענער.

— איר וועט שוין אָפּצאָלן . . . — האָט לאה, דבורהס מוטער אַ זאָג געטאָן. — אַבי מיט מזל און מיט יאָרן . . .

דבורה האָט אַ קוק געטאָן אויף דער מוטער, ווי מורא האָבנדיק אַז זי זאָל ניט איבערכאַפּן די מאָס און צערעדן זיך ביז צו דער זאַך.

— איר וועט מאַכן וויניקער געלט ווי אין שאַפּ, אויב איר מוזט עס וויסן . . . — האָט זי אַ זאָג געטאָן, צוטראַגנדיק אים אַ גלאָז טיי.

— קוק איך אויס ווי אַ יעגער נאָך געלט? — האָט שמעון געפרעגט.

— אָה, ניין. — האָט דבורה געקוקט אויף אים מיט אַ וואַרעמען בליק. — מ'האָט מיר אָבער אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל אייך צוגרייטן צו דעם.

— איך בין צוגעגרייט.

— איז גוט. איז פון מאָרגן אָן — אויס שאַפּ.

די שפּעטע אָוונט שעה האָט געפּירט אַ יעדן איינעם צו רו, שמעון איז געלעגן אַ לאַנגע צייט אין בעט אַ וואַכער. דער מאָרגן האָט זיך אים אויסגעוויזן שיינט שוין דורכן פענצטער אַ זוניקער. באַנאַכט האָט זיך אים געחלומט דבורה, אַ נאָענטע, אַ שמייכלענדיקע . . . ער האָט געקושט אירע גרויסע אויגן.

אינדערפרי איז ער געגאַנגען מיט דבורהן צו זיין נייער אַרבעט. אין אָוונט זענען זיי אַהיים־געקומען צוזאַמען.

דער ווינטער איז געווען אַקאַלטער. יעדן ווינטער פלעגט בעללאַ פאָרן קיין פלאָרידאַ מיט בודעלמאַנען. זי פלעגט דאָרט פאַרבלייבן אויף אַ גאַנצן ווינטער כמעט און בודעלמאַן אויף עטלעכע וואָכן, פלעגט ניט קאָנען אויסהאַלטן די זאָרגן וועגן דעם איבערגעלאָזטן שאַפּ. דאָס מאָל איז זי געפאָרן מיט מעקסן.

אַוועקפאָרנדיק האָבן זיי איבערגעגעבן שמעון'ען דעם שליסל פון דעם אַפּאַרטמענט און געבעטן אים ער זאָל זיך ווען נאָר מעגלעך דורכשפּאַצירן און זען צו אַלעס איז אין אָרדענונג.. שמעון האָט צוגענומען דעם שליסל און צוגעזאָגט. ער פלעגט יעדן דריטן אָוונט נעמען אַ שפּאַציר צום אַפּאַרטמענט. עס האָט אים געצויגן אַפּילו צו גיין אַהין. ער האָט ליב געהאַט די שטילקייט פון די ריינע און שמעקנדיקע צימערן. פלעגט מיטנעמען אַ בוך אָדער צוויי און פאַרברענגען אין בודעלמאַנס שטול ביז שפּעט אין אָוונט. אַמאָל פלעגט לינאַ אויך זיין אין הויז און זי פלעגט קוקן אויף אים פונוויטנס, פון צווייטן צימער מיט קוריאָזע בליקן. זיי פלעגן אַמאָל רעדן אַ ווײַלע, ער פלעגט זיך אָבער גלייך כאַפּן צום בוך. פלעגט

זי אַנשוויגן ווערן. אָבער איינמאָל האָט זי אַ זאָג געטאָן צו אים:
— איר זענט אַזוי אַנדערש פון אייער ברודער . . .
— יאָ? — האָט ער געפרעגט, אַנשטויסנדיק זיך וואָס זי האָט גע־מיינט מיט איר באַמערקונג.
— ממ . . . הממ . . . האָט זי שמייכלענדיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.
אָבער מיט דעם האָט זיך דער געשפּרעך פאַרענדיקט.
מעקס האָט אויך ניט געקאָנט איינזיצן מער ווי דריי וואָכן אין פלאָ־רידאַ. געהאַט דעמזעלבן, נודעלמאַנס תרוץ: ניטאָ אויף וועמען צו פאַר־לאָזן זיך אין שאַפּ. אָבער דאָס מאָל איז אויך בעללאַ אַהיים־געקומען מיט אים.
אין דעם דאָזיקן לעצטן אָוונט איז שמעון געגאַנגען אַהיים צו זיך מיט אַ גיפל פון בעדויערונג, וואָס די אָוונטן אין בעלאַס אַפּאַרטמענט האָבן זיך שוין פאַרענדיקט. גייענדיק האָט ער געטראַכט וועגן דבורהן. געטראַכט אַז ער איז עפּעס שולדיק איר. ניט געוואוסט אין וואָס די שולד באַשטייט, געפילט אָבער, אַז ער וואָלט בעדאַרפט ענטפערן איר מיט דעם זעלבן געפיל, וואָס זי ווייזט אַרויס צו אים. ער האָט אָבער דאָסדאָזיקע געפיל ניט געקאָנט געפינען אין זיך, כאָטש זי איז אים געווען זייער אָנ־גענעם.
ער איז געגאַנגען מיט לאַנגזאַמע טריט. סאיז געווען אנגענעם צו זען און צו פילן דעם ווייסן שניי, וואָס האָט אָנגעהויבן צו פאַלן. גייענדיק האָט ער זיך פּלוצים אָנגעשלאָגן אין אַ גרויסן הונט, וואָס אַ שלאַנקע מיידל האָט געפירט אַף אַ רימען.
— באַקסער . . . באַקסער . . . — האָט ער דערהערט איר שטים. — באַקסער . . .
עפּעס אין איר שטימע האָט אים מיטאַמאָל געצווימט און געצויגן אָפּצושטעלן זיך. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער האָט ערגעץ געהערט די שטימע, ער קאָן די שטימע.
ער האָט איר נאָכגעקוקט. זי איז געגאַנגען לאַנגזאַם, לאָזנדיק דעם הונט פאָראויס. אוןווידער האָט ער דערהערט. שוין שוואַכער: באַקסער...
ער האָט זיך געלאָזט גיין צוריק, נאָך איר. געוועזן נייגעריק אַ קוק צו טאָן אויף איר. זי האָט אויסגעוויזן צו זיין הויך, רייך, געטראָגן אַ רייכן גרויען לעמענעם ראָק, מיט אַ שאַפּקע פון דעם זעלבן פוטער. ער האָט זיך געלאָזט גיין שנעלער; איבערגעיאָגט זי און געבליבן שטיין בײַ אַן עלעקטרישן לאַמטערן און ווען זי האָט זיך דערנענטערט, האָט ער צום ערשטן אומזיכער, אָבער דערנאָך אַ זיכערער דערקאָנט זי. זי איז יענע... ווייטע . . . פון זיין אומפאַרגעסלעכער באַגעגעניש אין וואַוטשאַנער ביב־ליאָטעק.
— ענטשולדיקט . . . — האָט ער אַ זאָג געטאָן און אויפגעהויבן זיין הוט.

זי האָט קוים פֿאַרהאַלטן אירע טריט און מיט אומצוטרוי אַ זאָג געטאָן:

— יעס . . .

ער איז איצט געווען זיכער, אַז דאָס איז זי, האָט ער אַ פֿרעג געטאָן:

— זענט איר ניט געווען אַמאָל אין . . . װאַרשאַו, אויב איר געדענקט . . .

— . . . יעס . . . — האָט זי געזאָגט און אָפּגעשטעלט זיך.

— דערקאָנט איר מיך ניט, מיסס . . .

— ניין. איך דערקאָן אייך ניט.

— מיר האָבן זיך געטראָפֿן דאָרט אין דער ביבליאָטעק. איך האָב איינמאָל אין אַן אָוונט צוגעפֿירט אייך צו אייער הויז . . .

— אָה האָט זי זיך דערמאָנט. — דאָס זענט איר? איך וואָלט אייך קיינמאָל ניט דערקאָנט.

— איך האָב אייך גלייך דערקאָנט. דערקאָנט אייער שטימע אַפֿילו... וואָס פֿאַר אַ גליקלעכער צופֿאַל.

— איר האָט זיך זייער געביטן . . . כ׳מיין איר זענט געוואָרן מער . . .

— עלטער?

— כ׳מיין . . . איר קוקט אויס . . . אינטערעסאַנטער . . .

— איר שפּאַצירט? וועט איר מיר דערלויבן . . .

— מיט פֿאַרגעניגן. דער שניי איז אַזוי גוט, אנגענעם . . .

— מיין נאָמען איז באַלגאַר, שמעון באַלגאַר. ליידער האָב איך פֿאַרגעסן ווי אייער נאָמען איז.

— סטילמאַן, ביוראַ סטילמאַן.

— איצט געדענק איך. ביוראַ . . . איר וואוינט ערגעץ דאָ?

— אַ פּאָר קוואַרטאַלן. און איר?

— אויך ניט ווייט פֿון דאַנען.

זיי זענען צוגעקומען צו אַ גרויסן אַפּאַרטמענט הויז.

— דאָ וואוין איך. — האָט זי געזאָגט.

— אַליין? — האָט ער געפֿרעגט.

— ניין. מיט מיין פֿאָטער, ברודער און שוועגערין.

— איר שפּאַצירט אַזוי יעדן אָוונט?

— ניט יעדן אָוונט, אָבער אָפֿט.

— איך וואָלט געוואָלט באַגעגענען אייך, ווען איר שפּאַצירט.

— אַז איר וואוינט ניט ווייט, קאָנט איר דאָך אַמאָל טעלעפֿאָנירן. — האָט זי געזאָגט.

— עס וואָלט געווען אַ גרויסער פֿאַרגעניגן פֿאַר מיר, מיסס סטילמאַן, איבערהויפּט איצט, ווען איך האָב אייך ענדלעך געפֿונען.

— וואָס מיינט איר? — האָט זי ניט פֿאַרשטאַנען.

— פון יענעם אָוונט אָן האָב איך איך קיינמאָל ניט פאַרגעסן. — האָט ער געזאָגט פשוט און היימיש, ווי ער וואָלט גערעדט צו אַן אַלטן גוטן פריינט.

— נו, — נו! — האָט זי זיך צעלאַכט. — טעלעפאָנירט, אַמאָל וועלן מיר זיך טרעפן.

— און וואָס איז דער טעלעפאָן?

— אָה, יע, פאַרשרייבט . . .

ער האָט אַרויסגענומען זיין נאָטיץ ביכעלע און פאַרשריבן איר טעלעפאָן.

—נו, גוד־באַי, מיסטער . . .

— באַלגאַר.

— מיסטער באַלגאַר. — האָט זי אים געגעבן די האַנט. — גוד־באַי . . . קאָמאָן באַקסער . . .

זי איז אַריינגעגאַנגען אין רייכן פּאַיע פון אַפּאַרטמענט הויז און שמעון איז געבליבן שטיין בא דער טיר מיט אַ בליק פון איינעם, מיט וועמען עס האָט פּאַסירט אַן אוימגלויבלעכע זאַך.

ווען ער איז אַהיים געקומען, און דבורה האָט אים צוגעטראָגן אַ גלאָז טיי, האָט זי זיך ניט געקאָנט אָפּוואונדערן פון זיין שטימונג.

— ס'איז גוט צו זען אייך אין אַזאַ גוטער שטימונג, שמעון. — האָט זי געזאָגט. — ווען ס'וואָלט געווען אינדערפרי, וואָלט איך געזאָגט, אַז עפּעס האָט זיך אייך געחלומט באַנאַכט.

פרי, וואָלט איך געזאָגט, אַז עפּעס האָט זיך אייך געחלומט באַנייכט.

— און ס'איז טאַקע ווי אַ חלום, דבורה. ווי אַ חלום אין דער נאַכט... אַזאַ צופאַל . . . גיי וויים, אַז אָט דאָ, ניט ווייט פון דיר . . . פאַר די אַלע דריי יאָר אפשר, האָט זי געוואוינט אויף דער זעלבער גאַס . . .

— מעג איך וויסן ווער?

— ניוראַ סטילמאַן.

— און ווער איז ניוראַ סטילמאַן? — האָט דבורה געפרעגט מיט אַן איינגעפאַלענער שטימע .

שמעון האָט זיך אויף אַ ווײַלע פאַרטראַכט, ווי איבערטראַגנדיק זיך מיטן געדאַנק צוריק קיין זאַוואָטשאַן און דערנאָך גענומען דערציילן איר וועגן ניוראַן, וועגן אַ באַגעגעניש, וואָס איז אפשר . . . אָט . . . ווי אַלע צופעליקע באַגעגענישן . . . מ'באַגעגנט זיך און שויך . . . אַ צופאַל אָן אַ באַשטימטן אינהאַלט . . .

ה.

די סטילמאַן הויז איז געשטאַנען באַם סאַמע האַדסאָן. נחום סטילמאַן מיט יאַשען — דזשעראַלד סטילמאַן, האָבן שוין געהאַט עטלעכע אַזעלכע אַפּאַרטמענט־הייזער. כאָטש אין הויז האָט זיך נאָך געפירט אין גייסט און אין טראַדיציע פון דער רוסישער אינטעליגענציע, און מ'האָט

נאָך אַלץ גערעדט רוסיש און די טירן זענען שטענדיק געווען אָפן פאַר די רוסישע טענצערס, פון די רוסישע נאַכט קלובן וואו די סטילמאַנס פלעגן אָפט פאַרברענגען, דאָך האָט די אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע און גייסט אַריינגעדרונגען אַלץ מער און מער אין זייער לעבן.

מ׳האָט גוט געקאַנט די סטילמאַנס, איבערהויפּט יאַשען — דזשעראַלדן צוליב ליזאַן, וועלכע האָט שוין געזען און געוואוסט ווי אַזוי צו געפינען דעם וועג צום סאַמע האַרץ פון דער רייכער אינטעליגענציע. אויך ביוראַן האָט מען געקאַנט צוליב איר שיינקייט, צוליב איר קלוגשאַפט און צוליב איר עקסקלוזיוו־אָריגינעלן אָנטאָן זיך. דער איינציקער פון דער סטילמאַן פאַמיליע, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין שאָטן איז געווען נחום.

עס איז שוין געוואָרן פופצן יאָר כמעט, זינט ער איז געקומען קיין אַמעריקע. ער האָט קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם טאָג. דער טאָג פון זיין אָנקומען איז געווען אַ יאַנטעוו פאַר בערלען. דערזעלבער בערל געווען — אַביסל פאַרעלטערט, שענער געקליידט. אָבער נאָך אַלץ דער זעלבער בערל, מיט דעם שולדיקן שמייכל אויף דעם פּנים. ער האָט זיך געפרייט ווי אַ קינד ווען ער איז מיט נחום׳ען און מיט זיינע צוויי זין אַהיים־געקומען און אַריינגעפירט נחום׳ען אין דעם צוגעגרייטן צימער פאַר אים; נחום האָט איבזיינען געהאַט, אַז אַראָפּפלן באַ זיך דאַרף ער ניט. ער איז נאָך אַלץ נחום סטילינעצער און אַזעלכער מוז ער בלייבן ביזן טויט.

די ערשטע פאָר וואָכן איז ער אַרומגעגאַנגען אַן אויסגעפּוצטער אין זיינע שענסטע גאַרניטאָרן, וועלכע ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך פון קאַלינעץ. קיין געלט האָט אים אויך ניט געפעלט. פון דער ברוסט האָט אַראָפּגעהאַנגען די שווערע גאָלדענע קייט פון דעם גאָלדענעם זייגער; און די זילבערנע טאַבאַטשניצע איז ווי שטענדיק געלעגן לעבן אים אויפן טישל, פול מיט פּאַפּיראָסן, וועלכע בערל האָט ווי אַמאָל, אויך איצט אָנגעפילט.

בערל׳ס זין, דזשייק און סעם האָבן אים אַרומגעפירט איבער דער שטאָט, געוויזן אַלע חריפות׳ן, גענומען אים אין יידישן טעאַטער זען טאַמאַשעווסקין און אַלעס מיט דרך ארץ. זיי האָבן געזען, אַז נחום איז ניט פון יענעם סאָרט גרינהאָרנס, וועלכע זיי זענען געוואוינט געווען צו זען באַ זיך אין שאַפּ. נחום איז שוין גאָרניט קיין גרינהאָרן. און זיי האָבן זיך איינינקע מאָל דורכגעשמועסט צווישן זיך, וואָס אַזאַ מענטש ווי נחום קאָן טאָן אין אַמעריקע: אַזאַ מענטש קאָן מען ניט אוועקזעצן באַ אַ מאַשין און מאַכן פון אים אַן אָפּרייטאָר, אָדער אַ פּרעסער. פלעגן זיי זיך אַרומטראָגן יעדן טאָג מיט אַנדערע פּלענער. נחום האָט דאָך געלט. נחום איז דאָך ניט געקומען מיט ליידיקע הענט . . . — פלעגט בערל טענה׳ן — וואָלט נחום בעדאַרפט קויפן אַ פאַרם. דעם פּלאַן האָט בערל

אויפגעכאַפּט פון אַ געוועזענעם יידישן פּאַרמער אין דער „אנשי אדעס״ שול. דער פּאַרמער האָט איצט געוואוינט אין שטאָט, צוליב זיינע צוויי דערוואַקסענע טעכטער, האָט ער געזאָגט. און ווען ער האָט דערהערט וועגן דעם רייכן גרינעם פון קאַלינעץ, האָט ער שוין ניט גערוט. ווען דערדאַ־זיקער נחום וואָלט זיך פּאַרלאָזט אויף אים, — האָט ער גע׳טענה׳ט וואָלטן זיי געהאַט אַ פּאַרם, אַז גאָט און לייט וואָלטן זיי מקנא געווען. איז נחום, גראַדע, צוערשט, פּאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם פּלאַן. דאָס וואָלט דאַכט זיך געווען דאָס גרעסטע גליק פּאַר אים. צוריק צו דער ערד, אין דאָרף אַריין . . . זענען אָבער געקומען אַנדערע און האָבן איך אויסגע־לאַכט פון דעם פּלאַן. ערשטנס ,איז דער פּאַרמער, וואָס וויל ווערן אַ שותף — אַ בלאָפער, אַ טויגעניכטס און אַ פוילער, און ער הייבט ניט אָן צו וויסן וואָס פּאַרמעריי איז; צווייטנס, — איז דאָס ניט פּאַר נחום סטילי־בעצער. דער מענטש קאָן דאָך קיין צוויי ווערטער אַרויסרעדן אין ענג־ליש, וועט ער דאָך פּשוט ווערן אַ שפּילכל ביי יענעם אין די הענט. ניין. דער בעסטער פּלאַן פּאַר אים, איז אַ גראָסערי, אָדער אַ דעליקאַטעסן געשעפט צווישן אייגענע מענטשן, צווישן יידן, וואו ער וועט קאָנען אויס־טענה׳ען זיך. אַפילו אַ גרינער קאָן פּאַרקויפן צוקער, און ברויט, און קרים און די אַלע איבעריקע קלייניקייטן אין דער גראָסערי.

נחום פלעגט אויפמערקזאַם אויסהערן אַלע פּלענער און פלעגט שטעלן פראַגן און אינטערעסירן זיך מיט יעדער קלייניקייט. און בערל פלעגט אויך פרואוון אַריינוואַרפן אַ וואָרט, אַן עצה. ער האָט אָבער גע־פילט, אַז קיין סאַך ווייסט ער ניט און קיינער הערט זיך סיינוי ניט צו צו דעם וואָס ער זאָגט. אַז כאָטש ער וואוינט אין אַ רייך הויז און איז שיין געקליידעט, קוקט ער נאָך אַלץ אויס ווי נחום׳ס אַ פריקאַזטשיק, און נחום קוקט נאָך אַלץ אויס ווי דער פריץ אין הויז, אַפילו אין דער אָנוועזנהייט פון די זין, וואָס זענען שוין כמעט פולנע אַמעריקאַנער.

בערל האָט זיך געשראָקן, אַז נחום קאָן נאָך אינגאַנצן אַרויס פון זיין רשות. אין וואָס דער רשות באַשטייט, האָט ער אַליין ניט געוואוסט, עס האָט זיך אים אָבער אויסגעדאַכט, אַז ער האָט אַ רעכט צו האָבן אַ שטיקל חלק אין נחום׳ען; אַז קיינער טאָר ניט האָבן אויף אים אַזאַ דעה, ווי ער, בערל; אַז אָט אַזוי דאַרפן זייביידע אָפּלעבן זייער לעבן, איבערהויפּט דאָ אין אַמעריקע.

האָט אָבער נחום פלוצים אָפּגעזוכט עפּעס בעקאַנטע נאָך פון קאַ־לינעץ, און די בעקאַנטע זענען געווען גאָר פון די הויכע פענצטער. איינער איז געווען אַ לאָיער — אַן אַדוואָקאַט — מיסטער לאָעב; און דער צווייטער מיסטער בענעט — בענטשיק אין קאַלינעץ — אַ גרויסער גביר, אַ באַנקיר כמעט. האָט שוין בערל געזען און פאַרשטאַנען, אַז נחום וועט שוין ניט פאַרבלייבן, אַזוי זיך, נאָך אַ ייד אין אַמעריקע. נחום וועט אויך דאָ ווערן דער יידישער פריץ און וועט שפּילן אַ ראָלע אין די הויכע פענצטער. און

בערל האָט אים באַוואונדערט און ניט איינמאָל גערעדט מיט די זיך וועגן דעם ווי אַזוי דאָס לעבן צעטיילט מענטשן אויף אַזעלכע און אַזעלכע . . .

אויף דעם פערטן חודש פון זיין אָנקומען קיין אַמעריקע, האָט נחום געלאָזט וויסן בערלען, אַז מיסטער לאָעב, דער לאָיער, האָט אים צוזאַמענגעפירט מיט אַ פיינעם מענטשן, אַ מיסטער יורי און דער מיסטער יורי נעמט אים אַריין אַלס שותף אין זיין רעסטאָראַן. און אַזוי ווי דער רעסטאָראַן איז זייער ווייט, מוז ער שוין במילא אַריבערפירן זיך אין יענעם געגנד.

בערל און זיינע זין זענען אַרויסגעפאָרן צעזאַמען מיט נחום'ען אָנקוקן דעם רעסטאָראַן און זאָגן זייער מיינונג. און ווען זיי האָבן געזען דעם רעסטאָראַן, האָבן זיי באַשלאָסן, אַז ס'איז אַ גאָלד־גרוב, אַז מיסטער־ יורי איז זייער אַ פיינער מאַן, אַז מ'מעג אים זיכער אָנפאַרטרויען דאָס געלט און, אַז נאָך אַלעמען, איז רעסטאָראַן ביזנעס די פאַסענדסטע זאַך פאַר נחום'ען.

עס איז אַוועק אַ יאָר, און צוויי, און דריי. נחום סטילינעצער איז שין געוועזן, לויט בערלס אָפּשאַצונג, אַ גביר און אַן אמתער אַמעריקאַנער. מיסטער יורי האָט שוין געזען, אַז פון סטילינעצער זאָל ווערן מיסטער סטילמאַן. ערשטנס, איז דער נאָמען סטילינעצער געווען צו לאַנג; צווייטנס, האָט אים קיין איין אַמעריקאַנער ניט געקאָנט אַרויסזאָגן און אָנשרייבן; און דריטנס, קלינגט סטילמאַן שענער, מער אַמעריקאַניש. נאָך אַלעמען, האָט מיסטער יורי געטענה'ט, איז דאָך סטילינעצער ניט קיין יידישער נאָמען, נאָר אַן אוקראַאינישער, טאָ וואָס דאַרף זיך נחום אַזוי אַמפּערן איבער אַן אוקראַאינישן נאָמען? האָט נחום נאָכגעגעבן. מיסטער יורי האָט אויך געזען, אַז נחום זאָל אין צייט אַרויסנעמען זיינע בירגער פּאַפּירן. און דאָס איינציקע וואָס עס איז געבליבן און וואָס האָט פאַרשאַפט אומאַנגענעמלעכקייט מיסטער יורין, איז געווען נחום'ס באָרד. וויפל ער האָט מיט אים ניט איינגעטענה'ט, אַז אָן דעם באָרד וואָלט ער אויסגעזען ווי אַן אמתער אַריסטאָקראַט, און אַז אַזוי קוקן אויף אים די מענטשן און לאַכן — האָט אָבער גאָרניט געהאָלפן. נחום איז געבליבן באַ זיינעם: די באָרד האָט ער געטראָגן דאָס גאַנצע לעבן, זי איז אַ טייל פון אים, אָט פונקט ווי אַן אויג, ווי די נאָז — וועט ער זי ניט אָפּגאָלן. ער וועט שוין שטאַרבן מיט איר. מיטן נאָמען — מילא . . . מיטן נייעם נאָמען פילט ער זיך אויך ווי אַ פרעמדער, אָבער די באָרד — דאָס ניט. און ער פלעגט מיט זיין געוויינלעכן זשעסט אַ קעם טאָן די באָרד מיט די פינגער און שמייכלען — זיין שמייכל.

ער האָט זיך שוין צוגעוואוינט צום אַמעריקאַנעם לעבן, ער האָט אָפּגעשפּאָרט אַ קאַפּיטאַל און געגרייט זיך אַפילו צו מאַכן אַ רייזע קיין איראָפּע. ער האָט אַפילו געפּלאַנירט מיטצונעמען בערלען מיט זיך. זאָל אויך בערל אַ קוק טאָן אויף דער אַלטער היים און זען זיינע אַלטע פריינט,

צום לעצטן מאָל אפשר. און בערל האָט שוין פון קיין אַנדערער זאַך ניט געטראַכט. אַלע מעמבערס פון דער שול האָבן שוין געוואוסט, אַז „ער גרייט זיך צו מאַכן אַ רייזע קיין יוראָפּ". ט'הייסט ניט אַליין. נאָר „מיר" פלעגט ער זאָגן. ער און נחום סטילינעצער — מיסטער סטילמאַן. דאָס פאָרן האָט נחום אָבער אָפּגעלייגט פון וואָך צו וואָך און פון חודש צו חודש, ביז עס איז שוין געוואָרן צו שפּעט — עס האָט אויסגעבראָכן די וועלט מלחמה, דערנאָך די רעוואָלוציע און דער חלום וועגן פאָרן אַהיים איז צערונען געוואָרן.

און ווען עס איז דערנאָך אָנגעקומען דער ערשטער בריוו פון יאַשען, אָנזאָגנדיק נחום'ען, אַז ער מיט ליזאַן און מיט ניוראַן זיינען אין ראָמעניע און אַז נחום זאָל אַרויסשיקן געלט און פּאַפּירן, האָט שוין נחום געזען, אַז ער וועט שוין פאַרבלייבן „אַ פאַלנער אַמעריקאַנער", ווי בערל האָט זיך אויסגעדריקט.

ער איז אָבער געווען שטאָלץ מיט זיך, שטאָלץ מיט דעם פאַרמעגן וואָס ער האָט אָנגעזאַמלט דורך די מלחמה יאָרן, קויפנדיק און פאַרקויפנדיק הייזער, און עס האָט אים הנאה געטאָן פאַרצושטעלן זיך ווי אַזוי יאַשע וועט עפּענען מויל און אויערן, ווען ער וועט דערזען און וועט אַריינפאַלן אין אַזאַ רייכטום. יאַשע איז אָבער ניט איבעראַשט געוואָרן. ער האָט עס אויפגענומען ווי אַ זאַך וואָס איז נאַטירלעך און פּאַסירט אויף יעדן שריט און טריט אין אַמעריקע. און ניט קוקנדיק אויף זיין געבראָכענעם ענגליש האָט ער אין אַ קורצער צייט געגומען אָריענטירן זיך אין די „ריעל־עסטייט" ביזנעס, ביזנעס וואָס זענען געפירט און פאַרזאָרגט געוואָרן פון די גוט־באַצאָלטע לאָיערס — דער לאָיער מיסטער לאָעב אַריינגערעכנט. עס האָט ניט גענומען לאַנג און אויף דער טיר פון הויפּט אָפּיס איז מיט גאָלדענע בוכשטאַבן געשטאַנען „סטילמאַן ענד סטילמאַן ריעל עסטייט קאָמפּאַני".

די ערשטע צייט האָבן זיך ליזאַ און ניוראַ געטראָגן אין אַ שטורם פון פאַרגעניגנס. ליזאַ, מיט קינסטלעך־געפאַרבטע, גאָלד־בלאָנדע האָר, מיט אַ פעטלעך לייב, ווי מיט מילך אָנגעגאָסן; ניוראַ — אַ שלאַנקע, עקזאָטישע און שטאָלצע. קיין חברטעס האָט זי כמעט ניט געהאַט. צווישן אַלע בעקאַנטע מיט וועלכע זי פלעגט זיך טרעפן אויף די בעלער, אויף די „פּאַרטיעס" און אין טעאַטערס, האָט זי זייער זעלטן געפינען עמיצן, מיט וועמען זי האָט געקאָנט צענויפגיסן זיך אין פריינדשאַפט; עפּעס אַן איינגעצוימטקייט, און אינסטינקטיווע פאַרזיכטיקייט האָט געהאַלטן זי אַן אָפּגעטיילטע און פאַרטיפטע אין זיך. פלעגט זי פאַרברענגען גאַנצע טעג איך לייענען און בא דער פּיאַנאָ. די פרויען פלעגן זיך אָנשלאָגן אַן איר ווי אַן אַ קאַלטער שטיינערנער וואַנט; זיי פלעגן זי רופן סנאָב און דאָך חנפ'ענען זיך צו איר און זיין שטאָלץ מיט איר באַקאַנטשאַפט. זי האָט

ליב געהאַט די בליקן פון די מענער און אָפט געלאָזט זיך געפאַנגען ווערן אין דער נעץ פון פלירט; אָבער אַפילו אַ געפאַנגענע האָט זי דאָך געוואוסט ווי צו קאָנטראָלירן און האַלטן דעם „זיגער" אין געשפאַנטער נערוועזיטעט און מורא, אַז אָט, אָט ווערט דער זיג פאַרוואַנדלט אין אַ נידערלאַגע און זי וועט זיך ווי אַ גאָלדענער פיש אַרויסגליטשן פון נעץ

עס האָט זיך איר ניט געוואָלט אויסגעברענט ווערן אין באַנאַליטעט, כאָטש צווישן אירע בעקאַנטע האָט זי געטראָפן אינטערעסאַנטע יונגעלייט. עס האָבן אויך ניט געפעלט די טיפּישע פאָרשטייער פון דער גאָלדענער יוגנט, מיט זייערע טייערע אויטאָמאָבילן און מיט דעם ספּעציפיש־אַמעריקאַנישן באַנעם און פילאָזאָפיע.

דער דזשעז טעמפּאָ און דזשעז גייסט האָט פולסירט אין יעדער שעה פון טאָג און נאַכט און איז געוואָרן דער סימבאָל, דער סינאָנים פון דער „פּראָספּעריטי"־כוואַליע, וואָס האָט גערוישט און פאַרפלייצט דאָס לאַנד. ערגעץ אין ווינקלען האָט נאָך געאָטעמט דער פאַרחלומט־טרויעריק־זיסער סענטימענטאַליזם, וואָס די עמיגראַנטישע אינטעליגענציע האָט געבראַכט מיט זיך. דאָ און דאָרטן האָבן אָנגעהויבן אויסצוואַקסן רוסישע נעסטן, רוסישע נאַכט־קלובן, מיט דער אַלטער טראַדיציאָנעל־רוסישער צעבראָכנקייט, מיט דער באַלאַלאַיקע, מיט די ציגיינער־ראָמאַנסן — נאַכט קלובן, אין וועלכע די מאָנאַרכיסטישע עלעמענטן זענען געוואָרן די קעסט־קינדער; אָט אין דיזאָזיקע קרייזן, וואו דער וואַלץ און מאַזורקאַ און קאַצניאָמערדיקער דזשעז האָבן זיך געדרייט אין קאַראַהאָד, אָט אין דעם קרייז פלעגט זיך אויך ניוראַ אונטערגעבן אָפט דער שטימונג פון בענקשאַפט נאָכן ווייטן פאַרלוירענעם רוסלאַנד. אין דער היים אָבער, אין די רייכע צימערן, אָדער אין טעאַטערס פלעגט ניוראַ אָפּטרייסלען פון זיך דאָס סענטימענטאַלע; זי האָט ניט געלאָזט, אַז דיזאָזיקע געפילן זאָלן הערשן איבער איר; די „טאָסקאַ־פּאָ־ראָדינע" שטימונג האָט ניט געקאָנט פאַרכאַפּן זי אינגאַנצן. זי האָט שוין געדענקט אַן אַנדער רוסלאַנד. פאַר איר איז שוין רוסלאַנד געווען איצט ניט דאָס לאַנד פון וואַלץ און מאַזורקאַ און ציגיינער ראָמאַנסן — עס איז שוין געווען פאַר איר דאָס לאַנד פון קאָמיסאַרן, און פּאַפּאָווס, פון וועלכע עס שמעקט מיט לעדער, וועלכע טראָגן אין די גאַרטלען נאַגאַנען, וועלכע שפּייען מיט פייערדיקן האַס און גייען צעשמעטערן די וועלט . . . פאַר איר איז רוסלאַנד געווען דאָס לאַנד וואו עס האָט געלעבט מאַרק, און אַפילו אין דער אַטמאָספערע פון רייכטום, האָט זי זיך צוגעהערט צום עכאָ, צו דעם „אינטערנאַציאָנאַל"עכאָ, וואָס האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן פון אַלע ווינקלען אין דעם לאַנד אַמעריקע. און אַ היימיש געפיל פלעגט זי אָפט אַרומכאַפּן און שלעפּן צו יענע ווינקלען וואו עס האָט זיך געטראָגן דער „אינטערנאַציאָנאַל". זי האָט אָבער געוואוסט און געפילט, אַז די דאָזיקע שטימונגען קומען בלויז דאַן, ווען זי דערמאָנט זיך און פאַרבענקט זיך נאָך מאַרקן.

צווישן אירע נייעסטע בעקאַנטע, וועלכע האָבן דאָך, מער אָדער ווייניקער אימפּאָנירט צו איר, האָט זיך געפונען דאָקטער לאָעב — אַ זון פון דעם לאָיער לאָעב. דאָקטאָר לאָעב פלעגט אָפט באַזוכן די סטילמאַנס. נחום האָט אים געקאַנט, ווען ער איז נאָך געווען אַ סטודענט. ער האָט נאָך גוט געדענקט דעם טאָג, ווען ער און דער פּאָטער אוירווינג לאָעב זענען געפאָרן אַ קוק טאָן אויף דעם אָפיס פון דעם נייעם דאָקטאָר. איצט האָט שוין דער דאָקטער אָסקאַר לאָעב געהאַט אַ גאַנץ גרויסע קליענטור. זיין וואָרט־צימער איז געווען רייך, זיין בוירס איז געווען שיין, די פּאַציענטקעס — מערסטנס פּאַציענטקעס — האָבן שוין געטריבן אָפּילו רכי־לות וועגן דעם היכן, אַטלעטיש־געבויטן דאָקטאָר לאָעב, וואָס האָט געהאַט אַזעלכע געדיכטע האָר, אַזעלכע שווארצע אויגן און אַזאַ דאָן־זשואַנישן שמייכל . . .

ניוראַ האָט געהאַט איר אייגענע מיינונג וועגן דעם דאָקטער לאָעב. איר מיינונג איז געווען, אַז ער איז קלוג, וויציק, טעמפּעראַמענטפול און אַביסל ציניש. אונטער די פּייערלעך פון זיינע אויגן, פלעגן אירע אויגן אויך אַ שפּיל־טאָן מיט קאָנטר־פּייערלעך, פּייערלעך קאַלטע און אַביסל איראָנישע. ער האָט אַ פּאָר מאָל פּרובירט טרעפן אין איר מיט זיינע ווייניקע פּיילן, האָט זי ניט געענטפערט; ער האָט דערפילט, אַז מיט זיינע מעטאָדן פון באַנעמען זיך מיט פרויען וועט ער מיט איר קיין דערפּאָלג ניט האָבן. עפּעס איז געווען אין אירע אויגן און אין איר האַלטונג, וואָס האָט אויסגעלאָשן אין אים די פונקען מיט וועלכע ער האָט געקאָנט אַזוי קונציק אָנצינדן דאָ און דאָרט די שטימונגען וועלכע ער האָט געוואָלט.

ניוראַ האָט אינסטינקטיוו געפילט זיינע ראַנגלענישן אין דער באַ־ציאונג צו איר און מיט אים האָט זי באַוואוסטזיניק גענומען שפּילן די שפּיל פון פרוי און מאַן — אַ רואיקע שפּיל, וועלכע, ווי זי האָט שוין געוואוסט, וועט אין ערגעץ ניט פירן.

איינמאָל דורך אַ צופאַל, איז זי געגאַנגען מיט נחום׳ען און מיט מיסטער יורי אין יידישן טעאַטער. און דער דאָזיקער צופאַל האָט אַנט־פּלעקט פאַר איר אַ נייע וועלטל, וואָס האָט דערנאָך פאַרמירט דעם גאַנצן אינהאַלט פון איר לעבן. זי האָט פּלוצים דערזען פאַר זיך אַ בינע, אַק־טיאָרן און אַ פּיעסע, וואָס האָט זי אָנגעפילט מיט רעספּעקט צום יידישן טעאַטער און דערוועקט אין איר דעם וואונש און דעם דראַנג ווידער צו שפּילן. עס האָט זיך איר ניט געגלייבט, אַז זי זעט אַ פּראַכטפול־שיינע יידישע אַקטריסע שפּילן מיט אַזאַ אינטעליגענץ און קינסטלערישקייט די ראָל פון איבסענס „נאָראַ" אין יידיש. וואָלט זי אַליין דען ניט געקאָנט שפּילן אָט די זעלבע נאָראַ אויף יידיש אָפּילו? און אַז אויף יידיש איז וואָס? די שפּראַך פון דער בינע קלינגט צו איר פּונקט אַזוי אָנגענעם און אָריגינעל ווי אַנדערע שפּראַכן .

יענער אָוונט האָט פאַרזייט אין איר אַ טרוים — ווידער שפּילן טע־

אַטער. זי איז שוין דערנאָך נאָך עטלעכע מאָל געגאַנגען זען שפּילן די יידישע אַקטיאָרן, געגאַנגען מיט מיסטער יוריס'ס זון, אַן אינטעליגענטער בחור, וואָס האָט גוט געקאַנט די יידישע ליטעראַטור און געהאַט אַ גרויסע באַקאַנטשאַפט צווישן שרייבער און אַקטיאָרן, וואָס פלעגן אָפט אַריינקומען אין זיין פאָטערס רעסטאָראַן. אַט דער יונגער, אָבער קראַנקער, בען יורי, האָט זי איינמאָל נאָך דער פאָרשטעלונג גענומען אין דער קאַפע וואו עס פלעגן זיך טרעפן אַלע קינסטלער און דאָרט אין דער קאַפע האָט ער זי באַקאַנט מיטן אַקטיאָר קעסנער און פון יענעם אָוונט אָן איז „זיך מיסיע געווען פאַרענדיקט". קעסנער האָט זי שוין געפירט ווייטער אויף די וועגן צו דער יידישער בינע.

קעסנער איז שוין געווען אַ מאַן אין די פערציקער. אַ הויכער, אַ בלאָנדער, מיט גרויסע גראָבע גלעזער. אַ „דזשענטלמען" ווי יורי האָט אים פאַרגעשטעלט, אַ וייער באַלעזענער און קענער פון עטלעכע שפּראַכן, רוסיש אַריינגערעכנט. ער איז ניט געווען קיין באַרימטער אַקטיאָר, ער איז אָבער געווען באַוואוסט מיט זיין אינטעליגענץ און מיט זיינע אָפטע לעקציעס וועגן טעאַטער און ליטעראַטור; ביורא האָט געפונען אין אים דעם ריכטיקן לערער". קעסנער האָט גוט געקאַנט מענטשן און גלייך דערזען אין ביוראַן דעם „אינטערעסאַנטן מאַטעריאַל פאַר בעקאַנטשאַפט, פריינטשאַפט און פאַר דער יידישער בינע, וואָס דאַרף אַזעלכע ביוראַס" ווי ער האָט עס איר אַליין געזאָגט. עס האָט אים אַפילו אימפּאָנירט, וואָס ער האָט פאַרבונדן אַ פריינטשאַפט מיט „אַזאַ יונגער פריילין" און ווען ער פלעגט קומען מיט איר אין דער קאַפע האָט ער שוין געהאַט אַרום דעם טיש די גאַנצע כאַליאַסטרע פון שוישפּילער און שרייבער.

יעדן טאָג כמעט פלעגט ער איר טעלעפאָנירן, פלעגט קומען צו איר, פלעגט פאַר איר פאַרלייענען און אַלץ מער פאַרפלאַנצט אין איר דעם געדאַנק, אַז זי מוז ווערן אַן יידישע אַקטריסע.

— איך רעד דאָך אָבער ניט כמעט קיין יידיש. — האָט זי אים געזאָגט, ווען זי האָט צום ערשטן מאָל דערהערט זיין געדאַנק וועגן איר אַריינטרעטן אין יידישן טעאַטער.

— וועלן מיר פון היינט און ווייטער רעדן יידיש און נאָר יידיש. — האָט ער צוגעקלאַפּט אין טישל. — און איך פאַרזיכער איך, אַז איר האָט געפונען פאַר זיך אַ בייעם אינהאַלט אין אייער יונגן לעבן און דער יידישער טעאַטער אַ נייע אַקטריסע, אַן אַקטריסע מיט דעם חן און כישוף, וואָס ציט זיך פון די ביבלישע צייטן ביז אונדזערע מאָדערנע ביוראַס. איז דאָס אַן אָפּמאַך — יידיש און בלויז יידיש!

— יידיש. — האָט זי געענטפערט און געגעבן אים איר האַנט.

פון יענעם אָוונט האָט ביורא אָנגעהויבן מיט שוועריקייטן צו רעדן יידיש. גערעדט יידיש אַפילו צו דזשעראַלדן, וואָס האָט אים אויסגעוויזן

זייער קאַמיש און קינדיש. גערעדט און געלערנט זיך לייענען, ווען זי האָט נאָר געהאַט אַ געלעגנהייט, אַליין, צו מיט קעסנערן.

מיט וואָכן שפּעטער האָט קעסנער אַרויפגעפירט זי צום ערשטן מאָל אויף דער יידישער בינע אין אַ קליינער ראָלע, די ראָלע פון אַ סטאַטיס־טין כמעט, אַ ראָלע מיט איין פראַזע — עס איז אָבער געווען אַן אָנהייב.

די קינסטלער קאַפּע האָט געצויגן מיט באַזונדערן כישוף נאָכט נאָך נאָכט. אין איינער אַ נאָכט, ווען זי האָט זיך אָוועקגעזעצט מיט קעסנערן בײַ אַ טישל, האָט ער זיך פּלוצים אויפגעהויבן און האָט גע־נומען רופן:

— פּראַגער! פּראַגער!

— פּראַגער? דער דראַמאַטורג פון אונדזער פּיעסע? — האָט זי גע־פרעגט אין רוסיש.

— יאָ, אָבער יידיש, ניוראַ.

פּראַגער איז צוגעקומען צום טישל, ער האָט אָבער ניט געקוקט אויף קעסנערן. זיינע אויגן זענען געווען אָנגעשטעלט אויף ניוראַן.

— מיין נאָמען איז פּראַגער, — האָט ער געגעבן ניוראַן די האַנט.

— ווער זענט איר.

— דאָס איז ניוראַ סטילמאַן. — האָט קעסנער פאַרכאַפּט. — זי שפּילט די בלומען פאַרקויפערין אין אייער פּיעסע.

— אַזוי? אַזאַ גרויסע ראָלע?״ — האָט ער זיך צעלאַכט. — אָבער וואָס איז דער אונטערשייד . . . אַז זי איז אַליין אַ בלום, זע איך — איך וואָלט זי גערן צוגעשטעפּעט צו מיין אייגן האַרץ.

— אַ־אַ . . . פּראַגער . . . — האָט קעסנער געדראָעט מיטן פינ־גער און צוגערוקט אים אַ בענקל. — ערשטנס, דאַרפט איר זי צום ערשטן קאָנען אָפּרייסן, אַז איר זאָלט זי קאָנען צוטשעפּן צו זיך; צווייטנס . . . צווייטנס . . . צווייטנס, האָב איך זי דער ערשטער דערזען . . .

— נו, ווי געפעלט אייך די פּיעסע ניוראַ? — האָט פּראַגער גע־פרעגט.

— זי געפעלט מיר זער פיל . . . —האָט ניוראַ געזאָגט.

— זאָגט עס נאָך אַמאָל. — האָט פּראַגער פּלוצים אַ זאָג געטאָן ערנסט.

זי געפעלט מיר זער פיל . . . —האָט ניוראַ ווידערהאָלט.

— זי לערנט זיך ערשט יידיש. — האָט זיך קעסנער צעלאַכט.

— אַ ניויאָרקער? — האָט פּראַגער געפרעגט.

— ניין. פון רוסלאַנד.

— ווי אַלט זענט איר? — האָט פּראַגער געפרעגט.

— פינף און צוואַנציק . . . — האָט ניוראַ געקוקט אין זיינע אויגן און געשמייכלט.

— אַך געבענטשטע פינף און צוואַנציק יאָר . . . געבענטשטע יאָרן.

— האָט פראַגער געמאַכט אַ טרויעריקע מינע.

— און ווי אַלט זענט איר? — האָט ניורא געפרעגט און האָט זיך צע־לאַכט.

— טשעפּעט ניט . . . טשעפּעט ניט! — האָט פראַגער אויפגעהויבן די הענט. — לאָמיר ניט רעדן וועגן דעם. — אַז די יידישע אַקטיאָרן וועלן מיך לאָזן לעבן נאָך אַזוי לאַנג וויפל כ'האָב געלעבט ביז איצט, וועל איך לעבן ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר. נעם אָבער אָן מיין עצה, טאָכטער... אַנטלויף פון יידישן טעאַטער, אַנטלויף. גיי צו די גוים, צו די גויים זיי וועלן דיך, אַזאַ בריליאַנט ווי דו, טראָגן אויפן האַלדז . . .

— שיינע האָפענונגען גיט איר איר פראַגער. — האָט זיך קעסנער אָנגערופן. — איך וויל מאַכן פון איר אַן יידישע אַקטריסע, איך וויל באַ־רייכערן די יידישע בינע מיט יונג בלוט און מיט טאַלאַנט, קומט איר און . . .

— איך בין שוין דורכגעגאַנגען דעם וועג ווייס איך.

— איר זענט אַן אַלטער פּעסימיסט . . .

— ס'וואָלט געווען גענוג, ווען איר זאָגט בלויז פּעסימיסט, צו וואָס נאָך דאָס וואָרט אַלטער . . . .

— איר זעט. איר ווילט ניט זיין און ווערן אַלט — האָט זיך קעסנער צעלאַכט. — דאָס זעלבע מיט דעם יידישן טעאַטער. — ער טאָר ניט ווערן אַלט און פּעסימיסטיש, און צעבראַכן און אַוועקגיין פון יידישן לעבן אָן יורשים. איר, אַז איר וועט אַוועקגיין שפּעטער מיט הונדערט און צוואַנ־ציק יאָר, לאָזט איר איבער דעם טעאַטער אַ ירושה פון אַ צענדליק דראַ־מען — דאַרף מען האָבן יונגע אַקטיאָרן און אַקטריסעס פאַר דיזאַיקע דראַמען. טשעפּעט ניט, טשעפּעט ניט פראַגער . . .

— און אַז איך וועל טשעפּן, וועט מיר דען העלפן? טוט אַ קוק אויף איר! אַט זעט איר דאָך — זי טרעט שוין אויף די ברעטער פון דער יידי־שער בינע . . . פּרובירט און שטעלט זיי אָפּ, די נייע די אָנקומענדיקע...

דער אָוונט איז אַוועק אין האַלב־שפּאַסיקן, האַלב־ערנסטן געשפּרעך. ווי אונטער דעם כישוף פון אַ באַזונדערער קראַפט האָבן זיי ביידע, סיי קעסנער, סיי פראַגער, געשפּרודלט מיט חכמה, מיט וויצן, מיט קיביץ, ווי וועלנדיק איבערשטייגן אינער דעם צווייטן אין געיעג נאָך דעם שמייכל, נאָך דעם בליק פון ניוראַס אויגן .

עס איז שוין געווען גאַנץ שפּעט, ווען קעסנער האָט זי געבראַכט אַהיים. און, בלייבנדיק אַליין האָט ניורא דורכגעטראַכט אַלעס וואָס זי האָט געהערט אין דעם אָוונט וועגן יידישן טעאַטער, וועגן יידישער ליטע־ראַטור און עס איז אין איר נאָך מער פאַרשטאַרקט געוואָרן דער וואונטש צו דערהייבן זיך העכער און העכער אין דער טעאַטראַלישער קונסט. ווערן פול און רייף מיט יידישן אינהאַלט, מיט יידישער פאָלקסטימלעכקייט, ווערן — די גרויסע יידישע אַקטריסע ניורא סטילמאַן.

מיט ביוראַס צושטייַן צום יידישן טעאַטער, האָט זיך אויך אין ליזאַן דערוועקט דער אַמאָליקער פייער און ווען זי האָט זיך איינמאָל אין אַ רוסישן נאַכט קלוב באַקאַנט מיט אַן אַמאָליקן רוסישן אַקטיאָר ראָדין, און זיי האָבן זיך צערעדט וועגן די אַמאָליקע „אומפאַרגעסלעכע טעג״ אין רוסלאַנד און וועגן רוסישן טעאַטער און ער האָט דערציילט וועגן זיינע דערפאָלגן אויף דער רוסישער בינע און זי האָט אים דערציילט וועגן די ראָלן וועלכע זי האָט געשפּילט אין די רוסישע פּיעסעס, האָבן זיי דערהויבענע און באַגייסטערטע באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן אַ דראַמאַטישן קרייז פון דער רוסישער אינטעליגענציע און דאָס האָט זיי גלייך פאַראייניקט און פאַרבונדן אין אַ נאָענטער פריידשאַפט, און טרינקענדיק דעם שאַמפּיין האָט ראָדין געהויבן דעם באַקאַל מיט אַ טאָסט צו דער פרימאַדאָנאַ ליזאַ סטילמאַן. ראָדינס אויגן האָבן געשיינט שכורלעך און זיינע הענט האָבן זיך באַ יעדן וואָרט געצויגן צו ליזאַן, אַרומצונעמען זי; און ליזאַ האָט, מיט דער נאָך ניט פאַרוועלקטער קאָקעטעריי, געלאָזט אַריינשלעפּן זיך אין דער שפּיל, וואָס האָט די לעצטע יאָרן אַזוי זעלטן געלאָזט זיך פאַנגען.

דער איינציקער, וואָס איז געשטאַנען וויַיט פון די אַלע אינטערעסן איז געווען יאַשע — דזשעראַלד. ער איז געווען פאַרטאָן אין אַ פאַרצווייגטער ריעל-עסטייט ביזנעס און ער האָט שוין אייניקע מאָל געראַטן נחום׳ען, אַז ער זאָל זיך אָפּהיטן, זיצן מער אין דער היים און הנאה האָבן פון דעם לעבן.

איינמאָל האָט ער יאַ אַרויסגעוויזן אַן אינטערעס אין דער פאַמיליע אַנגעלעגנהייט, ווען נחום האָט זיך צערעדט וועגן דאָקטער לאַעבן. דעמלט האָט יאַשע אויך באַמערקט, אַז ס׳איז שוין טאַקע צייט פאַר ביוראַן אָוועקצוואַרפן די נאַרישקייטן מיט דעם יידישן באַלאַגאַן און חתונה האָבן פאַר דעם דאָקטאָר לאַעב; ער האָט אַפילו פּרובירט איינמאָל צו רעדן צו ביוראַן און אומדירעקט דערמאָנט דאָקטער לאַעבן — זיין פּאָזיציע אין דער געזעלשאַפט, און די שיינע משפחה פון וואַנען ער שטאַמט און אַז ס׳איז לייכט פאַר אים צו געפינען די שענסטע ווייב פאַר זיך אין ניו-יאָרק... אַזוי, אַן אַרויסצולאָזן אַזאַ געלעגנהייט, איז אַביסל צו ריזיקאַליש . . . נאָך אַלעמען יאָרן גייען . . .

ביוראַ אַליין האָט שוין צום הונדערסטן מאָל פּרובירט איינרעדן זיך, אַז, נאָך אַלעמען, וועט זי מסתמא מוזן הייראַטן פאַר דאָקטער לאַעבן — און נאָך מערערע מאָל פלעגט זי רעוואָלטירן געגן דעם געדאַנק און ווידער האָפן, אַז עפּעס וועט געשען, עפּעס, וואָס וועט זי ברענגען צו געוואונשענעם ציל, וואָס איז אויך פאַר איר געווען פאַרהילט ערגעץ אין אַ נעפּלדיקער צוקונפט . . . .

עס איז אַוועק בלויז איין וואָך זינט שמעון האָט זיך באַגעגנט מיט ביוראַן. אין דער דאָזיקער צייט האָט ער יעדן טאָג און יעדן אָוונט געצוימט

זיין אומגעדולד מיט דעם געדאַנק, אַז ס'איז בעסער צו וואַרטן און ניט גלייך טעלעפאָנירן. אָבער אויף דעם זיבעטן טאָג, אין אָונט, האָט ער אָנ־געקלונגען. זי האָט אים געזאָגט, אַז אין דעם אָונט איז זי ניט פאַרנומען און זי האָט אים איינגעלאַדן צו קומען.

ער האָט זי געטראָפן אַליין. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ לאַנגן גרינעם קלייד, וואָס איז פאַלדנווייז געפאַלן איבער איר שלאַנקער פיגור.

— סאיז דאָ זייער שיין און באַזונדער אנגענעם באַ אייך. — האָט ער גערעדט צו איר אין רוסיש.

— ס'איז דער קאָמבינירטער געשמאַק פון מיין שוועגערין און פון מיר.

— ס'איז ניט נאָר געשמאַק — ס'איז אויך אינהאַלט. — האָט שמעון געזאָגט.

— אינהאַלט קאָן אויך זיין אין אַן אָרעמען צימער. — האָט ביוראַ באַמערקט.

— יאָ. — האָט שמעון צוגעגעבן. — אין אַן אָרעמען צימער שוועבט אָבער דער אינהאַלט אין געדאַנק און דאָ איז דער אינהאַלט ניט נאָר אין געדאַנק, נאָר אויך אין די אויגן, אין יעדן באַריר . . .

— וואָלט איר אפשר געוואָלט רעדן אין יידיש? — האָט ביוראַ אַ פרעג געטאָן.

— יידיש? . . . פאַרוואָס . . . יאָ, אויב איר ווילט . . . — האָט שמעון אַ קוק געטאָן אויף איר פאַרוואונדערט.

— כ'זע, עס וואונדערט אייך, וואָס איך וויל רעדן יידיש. — האָט שוין ביוראַ גערעדט אין יידיש. — ס'איז פשוט. איך וויל זיך אויסלערנען רעדן אַ גוטן יידיש. איך דאַרף עס פאַר דער בינע. נו, מיט וועמען זאָל איך רעדן, אויב ניט מיט אַזעלכע מענטשן ווי איר.

— פונוואַנען האָט איר געוואוסט, אַז איך רעד אַ גוטן יידיש?

— אייער פנים איז דער פנים פון אַ יידישן אינטעליגענט . . . און איר האָט לעצטן מאָל געזאָגט, אַז איר זענט אַ ציוניסט.

— אַה, האָט שמעון געשמייכלט. — נו, איר האָט געטראָפן. וועלן מיר רעדן יידיש. שוין לאַנג אַז איר זענט אויף דער יידישער בינע.

— אַ יאָר כמעט, — האָט ביוראַ געזאָגט.

— אין וועלכן טעאַטער?

— אין דעם נייעם קאַמער-טעאַטר.

— אַזוי? מ'זאָגט, אַז ס'איז אַן עקספּערימענטאַלער טעאַטער, דאַכט זיך.

— יאָ.

— איך וועל ניט פאַרפעלן צו קומען זען ווי איר שפּילט.

דער טעלעפאָן האָט זיך צוקלונגען, האָט זי זיך ענטשולדיקט.

שמעון האָט געהערט ווי זי רעדט אויף דעם טעלעפאָן. ווי זי לאַכט...

ענטפערט קורץ. לאַכט ווידער שטיל און ברוסטיק. דערהערט: ביין, פראַ־גער, ביין . . . — און ווידער איר שטיל, גלעטנדיקער געלעכטער.

עס האָט ניט גענומען לאַנג און זי איז צוריקגעקומען.

— דאָס האָט דער דראַמאַטורג פּראַגער טעלעפאָנירט. — האָט איר געהערט וועגן אים? — האָט זי געפרעגט.

— געהערט און געלייענט אַפילו אַ פּאָר דראַמען זיינע.

— ער איז אַן אינטערעסאַנטער מענטש. — האָט ניורא געזאָגט.

— איר רעדט אַזוי שיין יידיש. — האָט שמעון באַמערקט.

— יאָ? — האָבן ניוראַס אויגן אַ שיין געטאָן מיט פרייד.

— אייער יידיש קלינגט, ווי יעדער וואָרט וואָלט געווען איינגע־וויקלט אין אַ גלעט.

— המם . . . איר רעדט דאָך ווי אַ פּאָעט.

— יעדער מענטש טראָגט אין זיך אַ פונק פון פּאָעזיע, איבער־הויפּט ווען ער האָט לעבן זיך די אינספּיראַציע.

— אַ . . . איר זענט ניט נאָר אַ פּאָעט, איר ווייסט אויך ווי צו מאַכן קאָמפּלימענטן.

— נו אויף דעם בין איך ניט קיין גרויסער טאַלאַנט. אָבער דער אמת העלפט מיר אַרויס.

— מעג איך וויסן מיט וואָס איר באַשעפטיקט זיך? — האָט זי געפרעגט.

— דערווייליקע אַרבעט איך אין אָפיס פון פאַרבאַנד, אָבער קומענ־דיקן יאָר גראַדואיר איך אויף לאָיער.

— יאָ? וואונדערבאַר . . . — האָט ניורא געזאָגט ערנסט.

— איך ווייס ניט צי עס איז אַזוי וואונדערבאַר, אָבער ווי זאָגט מען עס, אַז מ׳לעבט מיט וועלף, דאַרף מען וואויען ווי וועלף.

— איר וועט מיר ענטשולדיקן אַ ווײַלע. — האָט זי זיך אויפגעהויבן. — איך האָב דאָרט צוגעגרייט אַ גלעזל טיי און צו פאַרבייסן.

— איך ענטשולדיק אייך. — האָט זיך אויך שמעון אויפגעהויבן.

— איך האָב שוין לאַנג ניט געטרונקען קיין רוסיש גלעזל טיי, איבער־הויפּט אין אַזאַ אַטמאָספערע.

זי איז אַרויסגעגאַנגען און שמעון האָט דערווייליקע גענומען אַ בוך און האָט אַריינגעקוקט. עס האָט ניט גענומען לאַנג, איז איז זי צוריק־געקומען מיט טיי.

— מיינע זענען היינט אַוועקגעגאַנגען אין דער אָפּערע. — האָט זי געזאָגט. — איר וועט זיך נאָך טרעפן מיט זיי האָף איך.

— איך האָף אויך אַזוי. — האָט שמעון געזאָגט, קוקנדיק בעדייטנד אין אירע אויגן.

— איר וואוינט דאָ ניט ווייט, האָט איר דאַכט זיך געזאָגט.

— יא ניט ווייט. מיין ברודער און שוועגערין וואוינען אויך בלויז אַ

פּאָר קוואַרטאַלן פון דאַנען.

— אויך אַ לאָיער.

— ניין. ער האָט אַ פּאַקעט בוק פּעקטאָרי.

דער טעלעפאָן האָט ווידער גענומען קלינגען, איז זי ווידער געגאַנגען ענטפערן. דאָס מאָל האָט זי גערעדט לענגער און גערעדט האָט זי צו קעסנרן. שמעון האָט עטלעכע מאָל געהערט ווי זי דערמאָנט דעם נאָמען. ווען זי איז צוריקגעקומען, האָט זי אים געזאָגט:

— מיר הייבן אָן מאַרגן צו רעפּעטירן אַ נייע פּיעסע. איך אין דער הויפּט ראָלע.

— איך גראַטולירט אייך. איך וועל ניט פאַרפעלן דאָס מאָל צו זען אייך שפּילן.

— כ'האָב זיך קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט, אַז איך וועל ווערן אַ יידישע אַקטריסע אין אַמעריקע.

— דאָס לעבן איז פול מיט סורפּריזן, יעדנפאַלס, אַזוי זע איך עס.

— אויב דאָס לעבן וועט מיר נאָך צוטראָגן אַ מתנה איין סורפּריז, וועל איך אָנהייבן גלייבן אין . . . שיקזאַל .

שמעון האָט ניט געוואַגט צו פרעגן וואָס פאַר אַ סורפּריז זי דערוואַרטעט, איז דער שמועס ווידער געגאַנגען אין דעם זעלבן אָפיציעלן און אַלגעמיינעם כאַראַקטער. און ווען שמעון האָט דערזען, אַז ס'ווערט שוין גאַנץ שפּעט, האָט ער זיך אויפגעהויבן און געגרייט זיך אַהיים־צוגיין. זי האָט אים געדאַנקט פאַר דעם קומען און איינגעלאַדן צו קומען נאָך אַמאָל. אויף דעם וועג אַהיים איז זיין שטימונג געווען פאַרטונקלט מיט שאָטנס פון עפּעס אַן ענטוישונג. ער האָט געטראַכט, אַז דער געשפּרעך מיט אים האָט זי געלאַנגווייליקט. זי איז אינטעליגענט און קלוג האָט זי אים אויפגענומען פריינטלעך, אָבער מיט רעזערווירטער פריינטלעכקייט...
אַזוי האָט זיך אים אויסגעוויזן . . . דאָך . . . דאָך . . . האָט ער אַרגומענטירט מיט זיך, — מ'טאָר ניט איילן זיך מיט פריינטשאַפט, פריינטשאַפט דאַרף וואַקסן . . . לאַנגזאַם און זיכער . . .

עס איז שוין געווען טיף אין ווינטער. דער „קאַמער טעאַטער" האָט געשפּילט מיט גרויס דערפאָלג. ניורא האָט געשפּילט די הויפּט ראָלע און די קריטיקער האָבן זי געלויבט. ניורא איז געווען צופרידן און דערהויבן מיט איר דערפאָלג און זי האָט אָנגעהויבן צו טראַכטן ערנסט וועגן אַ שוישפּילערישער קאַריערע און דער געדאַנק איז אין איר פאַרשטאַרקט געוואָרן, ווען זי האָט געקראָגן אַן איינלאַדונג פון אַ פּראָפעסיאָנעלן טעאַטער צו גאַסטראָלירן אַלס גאַסט־קינסטלערין אין אַן ערנסטער דראַמאַטישער ראָלע. זי האָט אָבער אָנגענומען קעסנערס עצה, אַז אויב יאַ גיין אין אַ פּראָפעסיאָנעלן טעאַטר, איז בלויז אין דעם בעסטן, וואו איר קונסט וועט נאָך העכער דערהויבן ווערן און ניט דעגראַדירט ווערן

און ניט שטיין אויף דער גרענעץ צווישן קונסט און שונד. זאָל זי וואַרטן — די געלעגנהייט וועט נאָך קומען. מ׳טאָר ניט שטופּן זיך מיט געלנבויגנס צו דערפּאָלג — דערפאָלג דאַרף וואַקסן נאַטירלעך דורך ריינער קונסט. זי האָט שוין לויט קעסנערס מיינונג, גערעדט אַ גאַנץ גוטן יידיש. זי האָט אַ סך געלייענט און געפונען אַ סך פּריינט אין די בעסטע ליטעראַרישע און אַרטיסטישע קרייזן.

שמעון דורך דער צייט איז געוואָרן אַן אָפטער אַריינגייער אין הויז. מ׳האָט שוין געקוקט אויף אים ווי אויף אַן אייגענעם מענטשן, אָבער ניט ווי אויף אַיינעם אויף וועלכן עס רוט די שכינה פון קונסט. באַ דזשעראַלדן האָט ער אָבער געפונען חן אין די אויגן מיט דעם וואָס ער, שמעון וועט זיין אַ לאָיער. אַ לאָיער אין אַמעריקע, האָט ער געזאָגט, איז אַ גוטע פּראָפעסיע ,און שמעון׳ס פּאָזיציע אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָט אויך גוטע פּונקטן אין זיך. אין אַזאַ אָרגאַניזאַציע שאַפט מען זיך אַ גרויסע קליענטור, וואָרן ווי ער האָט געהערט, איז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע די איינפלוסרייכסטע אין דעם יידישן לעבן אין אַמעריקע זי איז ניט קיין רויטע, קיין רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע, ווי ער פאַרשטייט. און דזשעראַלד האָט אָנגעהויבן צו קוקן אויף שמעונען ווי אויף אַ פּאַסנדן קאַנדידאַט פאַר אַ שידוך. דאָקטער לאָעב . . . נו . . . דאָקטער לאָעב איז אַוודאי אַ בעסערער פּראָספּעקט . . . ס׳איז אָבער בעסער, ווען עס זענען פאַראַן צוויי פּראָספּעקטן . ..

שמעון האָט זיך געפרייט מיט ניוראַס דערפּאָלג און האָט זיך געפילט ווי אַן אייגענער אין איר ספערע; אין דערזועלבער צייט איז ער אָבער געווען געפאַלן באַ זיך: ער האָט ניט געקאָנט נאָכהאַלטן און אָנהאַלטן איר אויפמערקזאַמקייט און איר אינטערעס אין אים, וואָס האָט די ערשטע צייט געוואַרעמט מיט האָפנונג. זיין אַרבעט האָט אים אָבער געהאַלטן אַ באַלאַנסירטן אין זיינע שטימונגען. ער האָט געהאָפט, אַז ווען ער וועט פאַרטיק ווערן מיט זיין שטודירן און זיין עקזאַמישע און אַלגעמיינע פּאָזיציע וועט זיך פאַרפעסטיקן וועט זי אפשר טראַכטן וועגן אים ערנסטער. וואָרן וועגן איר קלוגשאַפט און אירע פעאיקייטן אָפּצושאַצן מענטשן און סיטואַציעס האָט דאָך קיין צווייפל ניט געקאָנט זיין. זי האָט זיכער געזען און פאַרשטאַנען זיינע האָפנונגען און אַספּיראַציעס. אָבער ביז איצט, האָט ער געזען, אַז זי זעט אים יאָ, און זעט אים ניט; זי זעט אים, ווען זי רעדט און דיסקוטירט מיט אים וועגן טעאַטער און ליטעראַטור און זעט ניט, ווען ער מישט זיך אויס מיט אירע פריינט אַרום, מיט יענע פריינט, וואָס האָבן דירעקט געווירקט אויף די וועגן פון איר אַרטיסטישן לעבן.

שמעון האָט געזען און געוואוסט, אַז דער איינציקער צווישן די סטילמאַנס, מיט וועמען מען קאָן און מ׳מעג ריידן אָפנהאַרציק וועגן זיינע באַהאַלטענע טרוימען, איז נחום. ער האָט דערפילט אין נחום׳ען אַ פריינט. ער

פלעגט אָפט פאַרברענגען גאַנצע שטונדן מיט אים, און זייער געשפרעך איז שטענדיק געווען באַהויכט מיט עפּעס אַן אינטימער משפּחהדיקער פריינטשאַפט, וואָס האָט ניט געהאַט אין זיך קיין טראָפּן פון אָנגעצויגע-נער, קינסטלעכער פאָרמאַליטעט ווי ער האָט עס געפילט אין די באַציאונ-גען מיט דזשעראַלדן.

נחום האָט זיך אינטערעסירט מיט שמעון׳ען מיט ריין מענטשליכן אינטערעס; אינטערעסירט זיך מיט שמעון׳ס עלטערן, מיט זייער לעבן אין רוסלאַנד, מיט די בריוו, וואָס זיי פלעגן שרייבן; אינטערעסירט זיך מיט מעקסן, וועלכן ער האָט געוואָלט זען, און אייניקע מאָל געבעטן שמעון׳ען, אַז ער זאָל אַמאָל אַריינברענגען זיי, מעקסן און זיין פרוי, צו אַ גלעזל טיי. גערעדט אַמאָל וועגן זיך און דערציילט שמעון׳ען וואָס ער איז דורכ-געגאַנגען פון דעם טאָג, וואָס שיינדל איז דערמאָרדעט געוואָרן. אָט, ער איז איצטער אַ גביר . . . און יאַשע איז אודאַי און אודאַי אַ גביר . . . — וואָרן עס וועט דאָך אַלעס איבערגיין צו אים און צו ניוראַן . . . אָבער געלט . . . אַמאָל האָט ער געמיינט, אַז רייכטום און כבוד איז אַלעס . . . איצט זעט ער, אַז דער מענטש טראָגט אין זיך אַלעס מיט וואָס ער קאָן קויפן זיין גליק אין לעבן. ער דאַרף בלויז וויסן דער מענטש ווי אַזוי צו קויפן און וואו צו קויפן אָט דאָס גליק, וואָס באַשטייט אין גוטסקייט, אין מענטשלעכקייט . . .

עס איז געווען אַ קאַלטער שנייאיקער אָוונט אין סוף פון חודש מאַרט. דער ווינטער האָט געמאַכט זיין אָפּשייד אין זיין גאַנצער פּראַכט און גלאָרי. אין אַזעלכע אָוונטן האָבן דזשעראַלד און ליזא און אויך נחום ליב געהאַט צו שפּילן אין קאָרטן. די אַטמאָספערע בײַ די גרינע קאָרטן טישלעך האָט זיך אויסגעוויזן וואַרעמט און פילט אָן מיט באַזונדערער צופרידנקייט און מיט קאָמפאָרט. זענען זיי אַוועק צו פריינט שפּילן אין קאָרטן. ניוראַ האָט אָבער חושד געווען, אַז די קאָרטן־שפּיל איז אַראָנ-זשירט געוואָרן גלייך נאָך דעם, ווען זיי האָבן געהערט פון איר, אַז דאָק-טער לאָעב האָט טעלעפאָנירט, אַז ער גרייט זיך אַריבערצוקומען אין אָוונט. האָבן זיי, ווייזט אויס, באַשלאָסן צו לאָזן זי מיט דאָקטער לאָעבן אַליין.

איז זי געווען אַליין. זי איז געשטאַנען בײַם פענצטער און האָט גע-קוקט אויף דעם פאַלנדיקן שניי. געטראָגן אירע שוואַרצע, מיט גאָלד באַ-זוימטע „סלעקס״, געראויכערט אַ סיגאַרעט און מעדיטירט, און דערמאָנט זיך . . . אָט האָט דער פאַלנדיקער שניי דערמאָנט אַן מאַרקן . . . וואו איז ער מאַרק . . . ער וועקט נאָך אַלץ איר געדאַנק . . . שטענדיק דעם גע-דאַנק, אָבער ניט דאָס האַרץ, ניט דאָס בלוט . . . זי קאָן ניט קיין מענער, וואָס זאָלן וועקן איר האַרץ און בלוט . . . אַזוי אויך קעסנער . . . זי האָט אים ליב קעסנערן . . . אָט אַזוי ווי ער איז, ווי ער זעט אויס . . . ווי אין

אַ פּיעסע . . . ווי אין דער ראָל פון אַ פּראָפעסאָר . . . און דאָס זעלבע מיט שמעון'ען . . . אַ וואוילער מענטש, מיט אַ געוויסן אינטעלעקטועלן באַגאַזש . . . עס פעלן אים אָבער די שטאַרקע פליגל פון געדאַנק, פון טאַט, וועלכע זי האָט געזען אין מאַרקן . . . זי וואָלט ליכט געקאָנט אַריינ־גיין אין זיין אינטעלעקטועלן וואַלד און ניט פאַרבלאָנדזשעט ווערן . . . בלייבט, ווייזט אויס, דאָקטער לאָעב . . . דאָקטער לאָעב, מיט זיין זעלבסט־זיכערקייט און הומאָר, מיט זיין דרייסטן צוגאַנג און באַנעמונג מיט מענ־טשן, מיט איין וואָרט דער „דאָקטאָר". פאַר אַ פרוי, וואָס זוכט אַזאַ כבוד, פאַר אַ פרוי, וואָס קאָן ניט זען די טיפערע כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון דעם דאָקטער לאָעב, וועלכער האָט ליב פרויען און זעט אין זיי בלויז ווארעמע קעצעלעך, וואָס דאַרפן זיך טוליען צו די פיס פון זיין מענלעכן עגאָ — פאַר אַזאַ פרוי איז ער דער אידעאַלסטער מאַן . . . אָבער פאַר איר . . .

זי האָט דערהערט אַ קלונג און איז געגאַנגען עפענען די טיר. עס איז געווען דאָקטער לאָעב.

— עס שנייעט . . . — האָט ער געזאָגט, אַריינקומענדיק.

— כ'האָב ליב אַזאַ שניי, דאָקטער . . . — האָט זי צוגענומען זיין אויבערראָק.

— איך וואָלט געוואָלט אַז איר זאָלט פאַרגעסן, אַז איך בין אַ דאָק־טער, ניורא. — האָט ער געזאָגט, נאָכגייענדיק איר.

— פאַרוואָס? — האָט זי געפרעגט.

— ווייל דאָס וואָרט „דאָקטער", ווי צוגעוואוינט איך בין ניט צו דעם, שטערט עס מיר אָבער אָפט אין דער . . . אינטימיטעט פון . . . פריינטשאַפט.

— אָה, איך פאַרשטיי . . . — האָט זי אַ שמייכל געטאָן. — זיצט, דאָק . . .

— אַ־אַ . . . — האָט ער אַ דראָע געטאָן מיטן פינגער.

זיי האָבן געלאַכט, אַנידערגעזעצט זיך, פאַררויכערט, געשוויגן אַ ווייל. ניורא האָט געקוקט אין פענצטער אויף די פאַלנדיקע שנייעלעך. דאָקטער לאָעב האָט געקוקט אויף איר, ווי זי זיצט אויף דעם נידעריקן סטודיאָ־דיוואַן, אונטער דעם רויטן ליכט פון דעם לאָמפּ צוקאָפּנס. געקוקט ווי דער רויך קומט אַרויס מיט קליינע וואָלקנדלעך פון אירע רויטע ליפּן און ווי דין און שלאַנק זי קוקט אויס אין די דינע זיידענע הויזן . . . גע־מאָסטן מיט דעם דאָקטערישן אויג די רונדע טיילן פון איר קערפּער.

— איר'ט מיר ענטשולדיקן אַ מינוט. איך וועל מאַכן אַ קאָקטייל.

— איך וועל גיין מיט אייך.

— ניין. איר זיצט דאָ. איר זענט אַגאַסט.

— איך וויל ניט זיין אַ גאַסט.

— טאָ מאַכט זיך היימיש — דאָ.

— אָלרייט, ניורא. אַ באַפעל איז אַ באַפעל.

זי איז אַרויסגעגאַנגען, איבערלאָזנדיק אַ דינעם גערוך פון פּאַר־פיום.

די רויטלעכע ליכט איבער דעם דיוואַן האָט געצויגן אַנידערצו־לעגן זיך. עס וואָלט גוט געווען אַנידערצולעגן זיך. דערפילן זיך היי־מיש . . . זי לאָזט אָבער ניט. ניט מיטן בליק, ניט מיטן וואָרט. אַזוי שיין און אַזוי . . . רעזערווירט און געצוימט אין זיך. ער ווייסט . . . ער קאָן גוט די פרויען: ס׳איז די לאַווע וואָס איז קאַלט אַרום — איבווייניק זידט דער וואולקאַן . . .

זי איז צוריקגעקומען מיט צוויי באָקאַלן, אָנגעפילט מיט גאָלד־שפּי־לעווודיקן געטראַנק.

— צו שיינקייט און צו טאַלאַנט—האָט ער אויפגעהויבן דעם באָקאַל,

— צו שיינקייט און צו טאַלאַנט — מיט פאַרגעניגן. — האָט זי אויך געזאָגט.

— איך האָב געקאָנט זאָגן „צו ניוראַן” און דאָס וואָלט געמיינט דאָס זעלבע.

— אַ דאַנק פאַר דעם קאָמפּלימענט.

— איך מיין עס ניט אַלס קאָמפּלימענט. איר זענט עס . . .

כ׳האָב מורא, אַז אויב איך וועל עס הערן צו אָפט, וועל איך אָנהייבן גלייבן, אַז ס׳איז אמת. אַ באַנאַלע פראַזע, דענקט איר ניט אַזוי?

— איך האָב זיך אַ סך מאָל געקליבן צו זאָגן אייך . . . צו רעדן צו אייך אין אַלגעמיין וועגן אייך .

— פאַרוואָס וועגן מיר?

— ווייל איך בין פאַראינטערעסירט אין אייך.

— טאָ פאַרוואָס האָט איר ניט גערעדט?

— ערשטנס האָב איך געהאַט ווייניק געלעגנהייטן; צווייטנס, שרעק איך זיך פאַר אייך . . . — האָט ער צוגעגעבן מיט אַ שמייכל.

— איר זענט, דאַכט זיך ניט פון די שרעקנדיקע.

— ניין. אָבער דידאָזיקע מין מורא איז אַ פאַרשטענדלעכע. סאיז די מורא צו ווערן שלעכט אויסגעטייטשט שלעכט אינטערפּרעטירט.

— דענקט איר, אַז ס׳איז פאַראַן אַ געפאַר אַז אייערע ווערטער זאָלן ווערן שלעכט אינטערפּרעטירט?

— איך רעד צו דירעקט און אָן סענטימענטאַלע באַפּוצונגען. דאָס איז אָבער דערפאַר, ווייל איך בין אַ דאָקטער און איך זע יעדע מענטשלעכע דערשיינונג אין נאַטירלעכן ליכט .

— און עס שטערט ניט אייער גענוס, ווען איר גייט צו צום לעבן מיט אַזאַ וויסנשאַפטלעכער מאָס? האָט ניורא געפרעגט מיט אַן אָפענעם איראָנישע טאָן. — מיר דאַכט זיך, אַז וויסן מינימיזירט דעם גענוס.

— ניט אין מאָמענט פון געניסן. — האָט ער זיך צעלאַכט.

— איך זע אַז איך קאָן אַ סך לערנען פון אייך.

— אָט פאַר דערדאָזיקער איראָניע האָב איך מורא, ניורא.

— איך מיין ניט צו איראָניזירן איצט. מיר דאַכט זיך, אַז אין אַ געוויסן היגזיכט וואָלט איך טאַקע געקאָנט לערנען פון אייך.

— איר מיינט ניט מעדיצין. — האָט ער ווידער געלאַכט.

— ניין. איך מיין . . . באַציאונגען צווישן מאַן און פרוי, ווי איר זעט זיי . . . אָן סענטימענטאַלע באַפּוצונגען, אין דעם נאַטירלעכן ליכט, ווי איר זאָגט עס.

— דעם אמת, ניורא, האָט איר קיינמאָל ניט ליב געהאַט? — האָט ער געפרעגט ערנסט, ווי ער וואָלט געפרעגט אַ פּאַציענט.

— יאָ. מיט אַבסטראַקטער ליבע, אויב מ׳קאָן עס אָנרופן אַזוי.

— און איר האָט קיינמאָל ניט געפילט אין זיך און לעבן זיך די קראַפט די מענערישע קראַפט ,די דערנענטערונג, וואָס פאַרטראָגט . . .

— ניין.

— איך גלייב אייך ניט.

— אָה, דאָקטער . . . — האָט זי אַ שמייכל געטאָן. — בלויז דערפאַר, ווייל מיר זענען דערוואַקסענע מענטשן, הייסט עס נאָך ניט, אַז מיר מעגן אויפדעקן די . . . געהיימע מאָמענטן פון אונזער לעבן.

— אַ־אָ! עס ווערט אינטערעסאַנט . . .

— עס ווייזט אויס, אַז געהיימע מאָמענטן אינטערעסירן אייך מער ווי אָפענע.

— עס איז נאַטירלעך. מיר זענען אַלע אַזוי.

— זענען נאָך פאַראַן געהיימניסן, דאָקטאָר, וועלכע איר האָט נאָך ניט ענדעקט.

— איר. — האָט ער זיך פאַרנייגט מיט אַ שמייכל.

— אָה, יע . . . איר זענט דאָך דירעקט.

— איך האָב אייך ליב.

— וואָס האָט אייך דאָס מאָל געגעבן אַזוי פיל קוראַזש צו זאָגן עס מיר אַזוי דירעקט? אויך דער וויסנשאַפטלעכער צוגאַנג?

— איר האַלט די גאַנצע צייט אָנגעצויגן דעם בויגן און איר צילט אין מיר . . . אייערע פיילן.

— טרעפן זיי?

— זיי טרעפן.

— קאָל איך אפשר שפּילן? איר האָט ליב מוזיק?

— אָה, יע . . . שפּילט . . . מוזיק באַרואיקט . . .

— זענט איר אומרואיק? — האָט זי אַ שמייכל געטאָן און איז צוגעגאַנגען צו דער פּיאַנאָ

— איך האָב פאַרגעסן דעם לאַטייניש טערמין פאַר אָט דערדאָזי־

קער אומרואיקייט . . . — האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז אויך צוגע־גאַנגען צו דער פּיאַנאָ.

זי האָט אָנגעהויבן שפּילן מענדעלסאָנס אַ מאָטיוו. געשפּילט לאַנג־זאַם, פאַרטראַכט. און מיטאַמאָל געביטן דעם מאָטיוו . . . און טענער שטאַר־קע, טיפע, פולע, מיט שטורמישן אָקעאַנישן רויש האָבן זיך גענומען גיסן פון אונטער איר שנעל לויפנדיקע פינגער . . .

ער איז געשטאַנען אַן אומבאַוועגלעכער ביז זי האָט פאַרענדיקט. זי איז געבליבן זיצן מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט, ווי טראַכטנדיק וועגן עפּעס. אָבער מיטאַמאָל האָט זי, דערפילט זיינע שטאַרקע הענט אַרום איר פּנים און זיינע הייסע ליפּן האָבן ווי פאַרזיגלט, פאַרמאַכט און געפאַנגען איר גאַנצן אָטעם, איר גאַנצן וועזן . . .

ווען זי האָט באַפרייט איר פּנים פון זיינע הענט, איז זי אַ מאָמענט געזעסן ווי אַ פאַרשיכורטע. זי איז אָבער גלייך געקומען צו זיך, אויפגע־הויבן זיך און געלאָזט זיך גיין צו דעם דיוואַן. לאַנגזאַם אַנידערגעלעגט זיך און פאַרדעקט דאָס פּנים מיט די הענט.

ער איז צוגעגאַנגען נאָענט צו איר. געשטאַנען אַ ווײַלע, קוקנדיק אויף איר. די באַוואוסטזיניקייט פון זיג האָט געשטאַרקט זיין זעלבסטזיכ־ערקייט און ער איז געווען גרייט אַראָפּצולאָזן זיך לעבן איר, אַרומנעמען זי און פילן ווי עס ציטערט און ברענט איר לייב אין דעם גלאַטן, שוואַרצן זייד . . .

אָבער מיטאַמאָל האָט זי זיך אַ הייב געטאָן און געבליבן שטיין לעבן אים:

— אַ סיגאַרעט, דאָקטער.

ער האָט איר געגעבן אַ סיגאַרעט. אָנגעצונדן אַ שוועבעלע. זי האָט פאַררויכערט.

— ווילט איר אפשר נאָך אַ קאָקטייל, דאָקטער?

— אַ דאַנק. איך בין אַזוי אויך שכור.

— פון איין קאָקטייל?

— פון אייך.

— פון אַ פּאָר קושן . . . ווי ווייניק איר דאַרפט שכור צו ווערן.

— זענט איר טאַקע אַזוי ניכטער, צי איר שפּילט גיבור?

— איך בין ניכטער.

— ווען איר האָט זיך אַנידערגעלעגט און פאַרדעקט די אויגן, זענט איר אויך געווען ניכטער?

— איך האָב פאַרמאַכט די אויגן צו אַנאַליזירן לייכטער מיין צו־שטאַנד . . .

— און וואָס איז דער רעזולטאַט?

— ניכטער, ליידער, אָדער צום גליק.

— איר האָט געברענט און געציטערט אין מיינע הענט.

— דאָקטער, איך בין אויך מענטשלעך און יונג און קאָן אַ ציטער טאָן און ברענען אין אַ מאָמענט פון . . . דערוואַרטעטן געניוס. מיין געדאַנק איז אָבער געווען ניכטער און דער געדאַנק איז דער טערמאָמעטער פון דעם געפיל.

— איר רעדט מיט מיינע טערמינען, ניורא.

— כדי איר זאָלט בעסער פאַרשטיין און איר זאָלט קאָנען שטעלן דעם ריכטיקן דיאַגנאָז.

— אָט, פאַר דידאַזיקע רייד וואָלט איך אייך ווידער געקאָנט קושן. זיי באַווייזן מיר קלאָר וואו עס איז די טיר צו אייער האַרץ.

— יא? וואו?

— אין אייער מוח. ס'איז אפשר אַן אולטראַ־מאָדערנער צוגאַנג צו ליבע.

— עס איז דאָך אייער צוגאַנג, דאָקטער. איר האָט זיך אָבער צו־געאיילט מיט אייער דירעקטקייט. איר האָט זיך געאיילט צו זאָגן מיר, אַז איר האָט מיך ליב, נאָך איידער איר האָט מיך ליב באַקומען. און איר האָט זיך געאיילט צו געפינען אַן ענטפער אין קוש, איידער איך בין גרייט געווען פאַר דעם. איצט האָט איר דעם ענטפער.

— איר מיינט . . .

— איך מיין, אַז איך בין איצט איבערצייגט, אַז איך האָב ליב אַן אַנדערן.

— הממ . . . איצט. גלייב איך, דאַרף איך אַ קאָקטייל . . .

— מיט פאַרגעניגן, דאָקטער . . . אויב אַ קאָקטייל קאָן העלפן אין אַזאַ פאַל . . .

זי איז אַרויסגעגאַנגען און געלאָזט דאָקטער לאָעבן אַליין. ער איז צוגעגאַנגען צו דער פיאַנאָ. אַ פּיר געטאָן איבער די קלאַווישן, אַ קוועטש געטאָן מיט די אַקסלען און פונאַנדערגעלאַכט זיך.

ניורא איז צוריקגעקומען מיט צוויי באָקאַלן.

— אָט האָט איר אייער מעדיצין, דאָקטער! לאָמיר טרינקען צו אַ גוטער פריינדשאַפט, אַן קושן.

— גוטע קושן מיט פריינטשאַפט. — האָט ער זיך צוגעבויגן צו איר און האָט איר אַ קוש געטאָן אין די ליפּן.

— וואָלט איר געוואָלט אַרויסגיין שפּאַצירן אַביסל, דאָקטער? כ'האָב ליב ווייסן שניי . . .

— אָה, איר רוסן, רוסן, מיט אייער ווייסן שניי . . .

— שניי דערמאָנט מיר אַן סיביר . . .

— נו, גוט, לאָמיר גיין, אויב אַזוי . . .

עס איז געווען ניוראס געבורטסטאָג. ליזאַ האָט אַראַנזשירט אַ סורפּריז אָונט פאַר איר, צו וועלכן זי האָט איינגעלאַדן סיי אירע אייגענע,

סיי ניוראַס פריינט און בעקאַנטע. ניוראַ איז ניט געווען צעפרידן פון לי־זאַס איינפאַל, ס'איז שוין אָבער געווען פאַרפאַלן. האָט זי צעזאַמען מיט די איבעריקע געשפּאַסט וועגן איר „אַלטקייט", וואָס ניט זי און ניט ליזאַ האָבן פאַרראַטן. דאָ און דאָרט האָבן זיך געהערט טאָסטן צו איר און ראַדין און קעסנער, וועלכע האָבן גוט געקאַנט איינער דעם צווייטן, האָבן צעטיילט צווישן זיך די טאָסטמייסטערשאַפט און דער עולם האָט זיך אַמו־זירט פון זייער קיבעץ, פון זייערע איינפאַלן און וויצן אין רוסיש, יידיש און ענגליש.

צו דער פּאַרטי זענען אויך איינגעלאַדן געוואָרן און זענען געקומען דאָקטער לאָעב און זיין פּאַטער און אויך שמעון מיט מעקסן און מיט בעללאַן. עס איז זיי גלייך געפעלן געוואָרן דאָס הויז און די „מחותנים" ווי מעקס האָט אַריינגערוימט שמעון'ען. כאָטש דער דזשעראַלד, האָט ער געזאָגט, קוקט אויס ווי אַן אָנגעבלאָזענער אינדיק — אָבער וועמען אַרט עס, זאָל ער זיך בלאָזן . . .

נאָך דער וועטשערע האָבן זיך די עלטערע אָוועקגעזעצט שפּילן קאָרטן: נחום, דער עלטערער מיסטער לאָעב, דזשעראַלד, מיסטער יורי; אויך מעקס האָט זיך צוגעזעצט צום טיש, דערפילט זיך גלייך היימיש — אַז ס'האַנדלט זיך אין קאָרטן און אין געלט, איז ער פּונקט אַזאַ גביר ווי זיי . . .

די איבעריקע זענען אַריין אין גרויסן פראָנט־צימער. קעסנער האָט געבעטן ניוראַן שפּילן אויף דער פּיאַנאָ, האָט זי געשפּילט. שמעון איז געזעסן לעבן בעללאַן. געוואָלט הערן איר מיינונג וועגן ניוראַן אין ער האָט איר מיינונג אַרויסגעלייענט פון אירע בליקן: שוין איינמאָל אַ מיידל! דער איינציקער וואָס האָט פּרעטענדירט צו לאַנגווייליקן זיך, איז געווען דאָקטער לאָעב. די געסט, כאָטש ער האָט שוין כמעט איעדן פון זיי געקאַנט, האָבן אויסגעקוקט אין זיינע אויגן קאָמיש מיט זייער רוישיקן געפּילדער און מיט זייער אויפפירונג — טיפּישע אייראָפּייער אָן אַ שטריך פון אַמעריקאַנישקייט. אָט, דער ראַדין — טאַנצט דעם רוסישן וואַלץ און האַלט אין איין קושן ליזאַס הענט. און דער קעסנער — דער פּראָפעסאָר, ווי זיי רופן אים — ס'איז שווער אָנצוהייבן אַפילו אַ געשפּרעך מיט אים, כאָטש ער פירט זיך אויף אַזוי דזשענטלמעניש און האָט אַזאַ זיסן שמייכל; און דערדאָזיקער, וועמען אַלע, רופן פּשוט שמעון, קוקט טאַקע אויס ווי אַ פּשוטער שמעון — וואָס פאַר אַ לאָיער וועט אַרויסקומען פון אים? אַ שייסטער, אַ שאַכער־מאַכער, מסתמא . . . בעללאַ איז אים אָבער געפעלן געוואָרן. איר ראַפינירטקייט, איר שטילע האַלטונג, איר שיינער ענגליש און וואָקאַבולאַר . . . זי איז שיין, צאַרט און דין אַפילו — אַ טיפּישע פרוי פון אַ דאָקטער . . . אַ שאָד, וואָס זי איז פאַרהייראַט צו דעם מיס־טער באַלגאַר, וואָס קוקט אויס ווי אַ פאַרפוצטער פרייז־פייטער . . .

קעסנער האָט דערציילט אַן אַנעקדאָט פון אַקטיאָרן־לעבן, האָט

ראָדין דערציילט אַן אַנעקדאָט וועגן אַנטיסעמיטן; דאָ האָט עס אויך דאָק־טער לאָעבן אַ צי געטאָן צו דערציילן אַן אַנעקדאָט וועגן לעניגען און טראָצקין; דער אַנעקדאָט האָט געשמעקט מיט געשמאַקלאָזער קאָנטער־רע־וואָלוציאָנערישקייט און אַפילו מיט אַנטיסעמיטיזם, האָט זיך קעסנער אָנגערופן, אַז אַזעלכע אַנעקדאָטן דאַרף מען ניט דערציילן, איבערהויפּט איז אים אומפאַרשטענדלעך, ווען ער זעט ווי יידן פּאָסמאַקעווען זיך מיט אַזעלכע געשמאַקלאָזע וויצן.

— עס איז אָבער פאַראַן אַ סאַך אמת אין די וויצן — האָט דאָק־טער לאָעב אָפּגעענטפערט.

— פון וואַנען ווייסט איר דאָס? — האָט קעסנער געפרעגט.

— איך לייען די צייטונגען און אַז איך האָב צייט לייען איך אַמאָל אַ בוך אויך.

— גלייבט איר אַלעס וואָס איר לייענט איצט אין די אַמעריקאַנער צייטונגען? — האָט קעסנער ווידער געפרעגט.

— ניין, ניט אַלעס, — האָט דאָקטער לאָעב געזאָגט, — אָבער, אויב זיי שרייבן ניט דעם גאַנצן אמת, איז אַן האַלבער אמת אין דעם זי־כער פאַראַן. און פאַקטן זענען פאַקטן. אַ פאַקט איז אָפּט פּונקט אַזוי בולט, ווי ווי אַ מכה אויף דער האַלדז.

— ווי אַ דאָקטער דאַרפט איר וויסן, אַז כדי אויסצוגעפינען פון וואַנען די מכות קומען און פאַרוואָס זיי קומען, איז מערסטנס ניט גענוג בלויז אַ קוק צו טאָן אויף זיי. זיי פאָדערן אָפּט אַ געווויסנהאַפטן אַנאַ־ליז . . .

— אַ דאָקטאָר דערקענט שוין אַ מכה אָן אַן אַנאַליז.

— איז טאַקע ניט גוט. וואָרן אַ מכה קאָן איך אויך דערקענען. איך ווייס אָבער ניט די אורזאַכן וואָס האָבן געבראַכט די מכה און איך ווייס ניט ווי אַזוי צו היילן זי; איבערהויפּט ווען עס קומט צו סאָציאַלע מכות, דאַרף מען דאַכט זיך ניט נאָר צולייגן אַ פּריפּאַרקע, נאָר מ׳דאַרף היילן דעם גאַנצן אָרגאַניזם, אָפּט אָפּערירן אַפילו, אָפּט דאַרף מען שווערע אָפּע־ראַציעס אַפילו, און טראַנספוזיעס . . .

— אייער פּיין, פּראָפעסאָר . . . זייער פּיין . . . — האָט דאָקטער לאָ־עב געזאָגט מיט אַ שמייכל אין וועלכן עס האָט זיך געשלענגלט איראָ־ניע — מיר דאַכט זיך אָבער, אַז אייער גאַנצע דיסערטאַציע איז אָנגע־רעגט פון דער קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיע.

— און וואָס איז אייער אידעאָלאָגיע, דאָקטער, אויב איך מעג וויסן?

— איך טראָג זיך ניט אַרום מיט קיין ספּעציפישער אידעאָלאָגיע. איך בין אַן אַמעריקאַנער געבוירענער, איך בין אַן אַמעריקאַנער דאָקטער אוןביידע אַמעריקאַנער פּאַרטייען, סיי די רעפּובליקאַנישע, סיי די דעמאָ־קראַטישע זאָרגן פאַר מיר, ווי פאַר די אינטערעסן פון יעדן בירגער. איך גלייב, אַז אַמעריקע מיט איר סיסטעם איז דער שמעלץ־טאָפּ פאַר אַלע פעל־

קער און אין קיין לאַנד אין דער וועלט לעבט זיך ניט אויס דער מענטש אַזוי גוט ווי דאָ. טאָ וואָס פאַר אַן אידעאָלאָגיע פאָדערט איר דאָ פון מיר?

— אייער דעקלאַראַציע קלינגט אַזוי מאַטעריאַליסטיש, דאָקטער, — האָט זיך שמעון אָנגערופן. — אָבער וואָס איז מכח די העכערע, די גייס־טיקע אַספּיראַציעס פון דעם מענטשן, פון דעם יידן איבערהויפּט?

— וואָס מיינט איר? וואָס רופט איר גייסטיקע אַספּיראַציעס, שמעון? האָט דאָקטער לאָעב שטאַרק אונטערשטראָכן דעם נאָמען שמעון.

— איך מיין קולטור.

— אָה, קולטור. און מיט וואָס איז די אַמעריקאַנער קולטור אונ־טערשטעליק קעגן דער יידישער? איך בין אַן אַמעריקאַנער ייד און די אַמעריקאַנער קולטור איז מיין קולטור.

— וואָס הייסט באַ אייך קולטור דאָקטער? — האָט שוין קעסנער געפרעגט.

— דאָס זעלבע וואָס באַ אייך. — האָט דאָקטער לאָעב געענטפערט. אוניווערזיטעטן, ביבליאָטעקן, טעאַטערס און דאָס אַלגעמיינע מאָראַלישע לעבן פון אַ פריי פאָלק. האָט איר דאָס אַלעס אין אייער ספּעציפיש־יידישן לעבן?

— טיילווייז האָבן מיר עס דאָ. — האָט קעסנער געזאָגט.

— און אַ באַזע פאַר דעם האָבן מיר אין ארץ ישראל. — האָט שמ־עון צוגעגעבן. ס'איז די באַזע וואָס וועט פאַראייניקן אַלע יידישע קולטורן אין איינער. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די אַמעריקאַנער קולטור איז אַ גרויסע קולטור — געשטיצט מער אויף איר ציוויליזאַציע אפשר, אָבער דאָס גאַנצע יידישע פאָלק קאָן דאָך ניט אָננעמען פרעמדע קולטורן, מעג איין מיט די בעסטע אוניווערזיטעטן און ביבליאָטעקן און זאָגן, אַז דאָס איז זיין קולטור, ווי איר זאָגט עס. יאָ, די אַמעריקאַנער קולטור איז אויך אונדזער קולטור אויף אַזוי פיל, אויף וויפל, לאָמיר זאָגן, דאָס אַמעריקאַ־נער ברויט איז אונדזערעס, ווייל מיר קויפן עס אין די אַמעריקאַנער בעק־קערייען — פאַר געלט. איר האָט אָבער ניט געזייעט און ניט געשניטן צו זאָגן אַז דאָס ברויט קומט פון אייער מי, פון אייער גייסט, פון אייער שאַפן . . .

— די אַמעריקאַנער יידן טראָגן צו אַ סאַך צו דער אַמעריקאַנער קולטור. — האָט דאָקטער לאָעב איבערגעשלאָגן שמעונס רייד.

— דאָס איז אמת. — האָט שמעון צוגעגעבן. — אָבער איר אַליין האָט עס דעפינירט מיט דעם אויסדרוק „מיר טראָגן צו". יאָ, מיר טראָגן צו. אָבער די ערד אויף וועלכער מ'זייעט דאָס ברויט איז ניט אונדזער ערד, און די אוניווערזיטעטן, ביבליאָטעקן און טעאַטערס זענען ניט אונדזערע, ווי זיי זענען ניט אונדזערע ניט אין רוסלאַנד, ניט אין פראַנקרייך, און ניט אין דייטשלאַנד — ניט אודזער ערד און ניט אונדזער קולטור. די אַמע־ריקאַנער קולטור, די אַמעריקאַנער פּרעזידענטן, אַמעריקאַנער העלדן,

די אַמעריקאַנער אַרמיי און פלאָט, אַמעריקאַנער לעבנס־שטייגער — אַלץ געהערט צו די אַמעריקאַנער ווי צו אַ פאָלק, וואָס האָט אין זיך אויך קלע־נערע פעלקער — ס'איז אָבער ניט די ספּעציפיש יידישע קולטור. יעדער פאָלק מוז האָבן זיין קולטור; אויב ער האָט עס ניט, אַסימילירט ער זיך און באַגייט אַ לאַנגזאַמען זעלבסטמאָרד. אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט איז דאָס אפשר אַ געוויינלעכע דערשיינונג, אָבער פאַר אַ לע־בעדיק פאָלק, וואָס טראָגן נאָך מיט זיך אַ זעלבסטשטענדיקן גייסט, איז דאָס אומווירדיק און טראַגיש . . .

— אייער ספּיטש איז טאַקע אפשר זייער אַ שיינער, שמעון, אָבער ווייניק איבערצייגנד, פאַר מיר, יעדנפאַלס — האָט דאָקטאָר לאָעב גע־שמייכלט.

— מעג איך אייך שטעלן אַ פּערזענלעכע פראַגע, דאָקטער? — האָט זיך ניורא אָנגערופן.

— זיכער ניורא, מיר רעדן דאָ כמעט אַלע פּערזענלעך . . .

— איך וואָלט געוואָלט וויסן וואָס עס פאַרבינדט אייך מיט דער אַמעריקאַנער קולטור. — האָט ניורא געפרעגט.

— ווען איך וואָלט געוואָלט אַ שפּאַס טאָן, וואָלט איך געזאָגט, אַז אייגנטלעך האָב איך ניט קיין פאַרבינדונג מיט דער אַמעריקאַנער קול־טור: איך האָב פיינט די דזשעז־מוזיק, און איך גיי ניט צו די פערד־גע־יעגן; איך האָב פיינט בייסבאָל און ספּאָרט אין אַלגעמיין, און איך עס ניט קיין האָט־דאָגס; איך קיי ניט קיין גומי, און איך לייען ניט קיין קאָמיקס — איך טרייב אָבער אַן אויטאָמאָביל. אָבער אָן שפּאַס — איך לייען ניט קיין סאַך, אין אַלגעמיין — איבערהויפּט שטעלט מיך צעפרידן מיין פּראַ־פעסיע און זעלבסטפאַרשטענדלעך אויך מיינע פרייַנט. דענקט איר, אַז איך פיר אַ באַרבאַרישן לעבן, ניורא?

— איר האָט גאָרניט געזאָגט וועגן אייער נאַציאָנאַלער באַוואוסט־זיניקייט.

— זענט איר אויך געוואָרן אַ ציוניסטקע, ניורא? — האָט ער סימו־לירט פאַרוואונדערונג.

— ניין, כ'האָב אָבער עפּעס יאָ געלערנט און גראַדע וועגן יידישער קולטור.

— איר האָט געגנוג צייט צו לערנען און אַמרזירן זיך. — האָט ער זיך צעלאַכט.

— אויב עס איז אַפילו אַמוזירונג איז דאָס אָבער אין דער ספערע פון קולטור.

— ווילט איר אפשר זאָגן, אַז איך בין אומקולטורעל?

— ניין. איר דרייט זיך אָבער אין צירקל פון פּערזענלעכע אַספּירא־ציעס?

— נאָר איך? און איר ניוראַ? און יעדער איינער פון די אַנוועזנדע דאָ?

— איך מוז צוגעבן, ביז איצט האָב איך אויך געזעסן בלויז דעם ענגן, פּערזענלעכן צירקל. דער צירקל פון דער נאַציאָנאַלער קולטור איז ברײ־טער, ווי איך האָב זיך פאָרגעשטעלט.

— איך האָב אייך שוין דאַכט זיך געפרעגט צו זענט איר ניט געוואָרן אַ ציוניסטקע.

— יאָ. איר האָט מיך געפרעגט און איך האָב אייך געענטפערט.

— איר האָט שוין טאַקע צוויי מאָל געשטעלט ניוראַן די פראַגע, דאָקטער. — האָט זיך שמעון אָנגערופן. — דאַרף דאָס זיין אַ פאַרוואורף? וואָס איז דער מער מיט די ציוניסטן?

— גאָרניט. — האָט זיך דאָקטער לאָעב צעלאַכט. — אַבסאָלוט גאָר־ניט. די „איזמען" זענען ניט קיין געפערלעכע קראַנקייטן און מ'שטאַרבט ניט פון זיי. איך וואָלט בלויז געוואָלט זאָגן אָט וואָס. אויב איר, אַלס יידן, מיט וואָס איר פאַראַדירט אַזוי, מיינט באמת, אַז די יידישע קולטור און דאָס יידישע פאָלק מוז האָבן אַן אייגן לאַנד און אַז אָן דידאָזיקע נאַ־ציאָנאַלע אַספּיראַציעס איז דאָס לעבן אַ פּוסט אומווירדיק לעבן, וואָלט איר ניט בעדאַרפט אָפּגעבן אַזוי פיל מי צו באַפעסטיקן זיך אין אַנדערע לענדער און ווערן רייך, און ווערן לאַיערס ,און דאָקטוירים און . . . אין אַלגעמיין צובינדן זיך אַזוי שטאַרק צום פרעמדן לאַנד. נאָך אַלעמען פילט איר זיך דאָך, מסתמא, ווי מענטשן אין אַ תפיסה, וואָס וואַרטן אויף דעם טאָג, ווען זיי וועלן קאָנען אַרויסרייסן זיך צו פרייהייט, צו אַן אייגענעם לאַנד . . . ניט אַזוי באַיעס און גוירלס?

— בראַוואָ!—האָט זיך דערהערט אַ פאַטשעריי און מעקס איז צוגעקומען צו דער טיר, — בראַוואָ, דאָקטאָר! זאָגט זיי אַריין, דער חברה . . . זאָלן זיי צוריקפאָרן קיין רוסלאַנד און זאָלן זיי זיך דאָרט מאַטערן צו געפינען אַ פּאָר שיך, אָדער אַ ריין העמד, אָדער אַ הויז ווי דאָ, אָדער ווי באַ מיר, כאַ־כאַ־כאַ.

דער געשפרעך איז אָפּגעבראָכן געוואָרן און אַ יעדער איינער האָט אָפּגעאָטעמט פריי, ווייל שוין צו פערזענלעך און צו פאַרשאַרפט זענען גע־וואָרן די פראַגן און די געפילן.

אין דעם אָוונט איז אָבער באַ אַלעמען פאַרשטאַרקט געוואָרן די אײ־בערצייגונג, אַז צווישן ניוראַן און שמעון'ען וואַקסט אַ געמיינזאַם געפיל, וואָס וועט מסתמא אינגיכן פירן צו הייראַט. אין דעם דאָזיקן אָוונט האָט אויך שמעון צוגעלאָזט דידאָזיקע געדאַנקען זייער נאָענט צו זיך און באַם אַוועקגיין האָט ער געקושט ניוראַס האַנט און ניט געקאָנט אַרויסלאָזן אירע פינגער, וואָס האָבן זיך געלאָזט געגלעט ווערן. אָבער אויך ניוראַס בליקן האָבן זיך פאַרהאַלטן לענגער אויף שמעון'ס פנים, ווי וועלנדיק איינמאָל פאַר אַלעמאָל פעסטשטעלן, צי איז ער דערדאָזיקער מיט וועמען

זי מעג טיילן איר צוקונפטיק לעבן.

אין דעמזעלבן אָוונט האָט אויך נחום דערפילט, אַז עס ליגט אויף אים אַ פליכט צו רעדן מיט ניוראַן וועגן איר צוקונפט. ער איז ניט געווען באַזאָרגט וועגן איר, ער האָט אָבער געוואָלט וויסן וואָס זי אַליין דענקט וועגן איר צוקונפט. וואָס וויל זי — טאַקע ווערן אַן אַקטריסע, אָדער גע־פינען פאַר זיך אַ מאַן און הייראַטן און אויב יאָ הייראַטן — ווער איז איר אויסוואַל — שמעון, צי דער דאָקטער לאָעב?

ווען ליזאַ און דזשעראַלד זיינען געגאַנגען שלאָפן און ניוראַ איז נאָך געבליבן זיצן אין זאַל, אַריינקוקנדיק אין אַ בוך, האָט נחום אַרומגע־שפּאַצירט אַ ווײַלע, געדרויבערט און געטראַכט, ווי אַזוי אָנצוהייבן דעם געשפּרעך מיט ניוראַן. ענדלעך איז ער צוגעגאַנגען צו איר, אַ שאַר גע־טאָן מיט דער האַנט איבער אירע האָר און אָנגעבויגן זיך צו איר.

— אַה . . . אַ יידיש ביכל לייענסטו . . .

— יאָ, דעם שרייבער פּראַגערס אַ נייע דראַמע.

— אַ, דער שרייבער פּראַגער . . . דער וואָס האָט טעלעפאָנירט אַ פּאָר מאָל?

— יאָ.

— אַ יונגערמאַן נאָך?

— ניין, אַרום זעכציק שוין.

— אַזוי . . . קיין ייִנגערע שרייבערס זענען ניטאָ אין אַמעריקע? וואו זענען עס די אַמעריקאַנער יונגעלייט? די אַלע וואָס קומען אַהער קוקן אויס ווי . . . פאַרהייראַטע, עלטערע מענער, חוץ דאָקטאָר לאָעבן און חוץ שמעון׳ען, פאַרשטייט זיך . . .

— דאָקטער לאָעב איז שוין אויך ניט אַזאַ יונגער.

— יאָ, אָבער . . . דאָך אַ דאָקטער. אַ דאָקטער דאַרף שטענדיק זיין און אויסקוקן אַביסל עלטער . . .

— עס איז מיר אַלץ איינס ווי אַזוי ער קוקט אויס.

— וואָס זשע, ער געפעלט דיר ניט?

— ניין.

— פאַרוואָס געפעלט ער דיר ניט? דאַכט זיך אַ קלוגער, אַ שיינער און אַ גאַנצער אַריסטאָקראַט.

— אַ פּוסטאָקראַט.

— קיין בושות וואָלסטו מיט אים ניט איינגענומען. דו געפעלסט אים זער.

— איך געפעל קעסנערן און שמעון׳ען אויך . . .

— איז טאַקע גוט. ער ווייזט אויס צו זיין אַ פיינער מאַן . . .

— ווער? — האָט ניוראַ אַ פרעג געטאָן מיט אַ שעלמישן שמייכל.

— שמעון.

— יאָ ער איז.

— נו? — האָט שוין נחום אויך אַ שמייכל געטאָן מיט דעם זעלבן שמייכל.

— איך האָב נאָך צייט . . .

— נו, אַז דו האָסט צייט, איז . . . וועל איך אויך מוזן האָבן צייט. נאָך אַלעמען, איך בין נאָך אַ צוציק . . . איך קאָן וואַרטן . . .

— יאָ, לאָמיר נאָך וואַרטן פּאָ . . .

— גוט ביוראָטשקאָ, לאָמיר וואַרטן. — האָט ער איר אַ קוש געטאָן.

— אַ גוטע נאַכט, אויב אַזוי . . .

— אַ גוטע נאַכט, פּאָ . . .

עס איז אַוועק דער ווינטער, דערנאָך דער פרילינג, עס איז געקו־מען דער זומער, און מיטן זומער גאַנצע וואָכן אין די זומער היימען — פאַר די סטילמאַנס, פאַר מעקסן מיט בעללאַן, פאַר די לאָעבס, פאַר די יוריס — פאַר די דאָזיקע וואָס האָבן געקאָנט אַרויסרייסן זיך פון דעם אָנ־געהיצטן אָנגעגליעטן ניו יאָרק. שמעון פלעגט אַרויספאָרן יעדן שבת באַטאָג צו מעקסן, פאַרברענגען דאָרט ביז מאָנטאָג אינדערפרי און צוריק צו דער אַרבעט.

דבורה האָט זיך געפרייט מיטן זומער. אין די אָוונטן האָט זי גע־האַט שמעון׳ען אינגאַנצן פאַר זיך. פלעגן זיי שפּאַצירן אין פּאַרק, גייען צוזאַמען צו די מואוויס און אַמאָל פאָרן צום ים. דבורה אַן אָבגעברענטע פון דער זון, האָט אויסגעקוקט שיין און חן׳עוודיק. איר צוגעלאָזנקייט צו שמעון׳ען האָט געאָטעמט מיט פריינטשאַפט און מיט פאַרבאַהאַלטענער ליבע, וועלכע האָט זיך אָבער אָפט אַרויסגעריסן מיט בליקן און מיט ווער־טער, ווי פאַרוויקלטע אין ווייכן פוך, וויי זאָלן ניט צעשעדיקט ווערן פון אומפאָרכזיכטיקע הענט. שמעון איז אָבער געווען פאָרזיכטיק. ער האָט אירע בליקן און אירע ווערטער קיינמאָל ניט געשעדיקט. ער האָט געזען און פאַרשטאַנען אירע געפילן און האָט אַליין אויך מורא געהאַט פאַר יעדן וואָרט, אַז עס זאָל ניט אַנטפלעקן אַן אומפאָרכזיכטיקן געדאַנק.

עס איז אָנגעקומען דער האַרבסט. ניוראַ איז שוין געווען אין שטאָט און האָט רעפּעטירטאַ נייע ראָל. שמעון האָט זיך עטלעכע מאָל געזען מיט איר און אין אירע אויגן האָט ער געזען אַ רואיקע פרייד און פון אירע ווערטער געצויגן אַ דינע האָפנונג. אָבער דער סוף פון האַרבסט און דער אָנהייב פון ווינטער, האָבן געפּאַנגען זי אינגאַנצן מיט דער שעפערישקייט, מיט דעם רויש און טומל, מיט די אָוונטן און באַנקעטן און לויב־גאַזאַנ־גען אַרום דעם „קאַמער־טעאַטער". שמעון האָט ווידער דערזען און דער־פילט, אַז ער ווערט נאָכגעשלעפּט מיט דער קראַפט פון דעם מאַגנעטישן צירקל, פאַר וועלכן די ניו־יאָרקער סביבה איז מיטאַמאָל געוואָרן ענג. דער „קאַמער טעאַטער" האָט זיך אַרויסגעלאָזט אויף אַ טור איבער די גרע־סערע און קלענערע שטעט פון לאַנד און ביודאַס נאָמען האָט אויך אין

דער פּראָווינץ געלויכטן מיט דערפאָלג. באַנקעטן, רעדעס, באַגייסטערטע רעצענזיעס — עס האָט צוגעזאָגט כבוד און באַגייסטערונג — ניוראַן אָבער האָט עס ניט באַפרידיקט. ערגעץ וואו האָט עפּעס געפעלט אין דעם. עס האָט זי דערהויבן, אָבער ניט באַגייסטערט. די פליגל פון דערפאָלג אויף וועלכע זי האָט זיך געטראָגן, האָבן אויסגעוויזן צו זיין צו קליין, צו שוואַך. עס האָבן געפעלט גרויסע, מעכטיקע באַנאַכטיקע פייערן; עס האָט געפעלט גלאַנץ און אַריסטאָקראַטיזם; עס האָבן געפעלט די מענטשן, וואָס זאָלן גלאָריפיצירן די שעפערישע שפּיל מיט שאַרפזין, מיט אינטעליעקט, מיטן גייסט פון עכטער קונסט און קריטיק. און כאָטש זי האָט אָפט געהערט רעדעס וועגן איר וועג צו דער יידישער ביגע, וועגן איר באַקערונג צום יידישן גייסט, צו יידישער קונסט און יידישער קולטור, האָט זי דאָך געפילט, אַז ערגעץ וואו פעלט באַ איר די אמתע, עכטע, טראַדיציאָנעלע צוגעבונדנקייט, וועגן וועלכער שמעון פלעגט אָפט רעדן צו איר . . .

און מיט איר צוריקקומען פון דעם טור, האָט זי באַשלאָסן, אַז זי וועט מער ניט פאַרצאַמען דעם וועג פאַר שמעון׳ס אַספּיראַציעס מיט איר גלייכגילטיקייט צו אים. זי וועט אים . . . אפשר . . . דערמוטיקן אַפילו . . .

און שמעון האָט טאַקע אינגיכן דערשפּירט די ענדערונג אין איר באַציאונג צו אים און דאָס האָט אים אָנגעפילט מיט גלויבן און מיט פרייד פון לעבן. די פרייד האָט אָבער ניט אָנגעהאַלטן לאַנג. איינמאָל, איך אַן אינדערפרי, ווען ער האָט טעלעפאָנירט, ווי ער פלעגט עס טאָן לעצטנס יעדן טאָג, האָט אַ מאָדנע ציטערנדיקע און איינגעהאַלטענע פרייד אין איר שטימע פאַרוואונדערט אים און פאַרשאַטנט מיט עפּעס אַ פאָרגעפיל.

— טרעפט, שמעון, וואָס סהאָט ערשט געטראָפן . . . — האָט ער דערהערט.

— ווי קאָן איך טרעפן? איך ווייס ניט, ניוראַ. — האָט ער געענטפערט.

— מיר האָבן ערשט דערהאַלטן אַ בריוו פון מאַרקן . . . איך און ליזאַ . . .

— פון וועמען?

— פון מאַרקן . . . פון ליזאַס ברודער . . . דערדאָזיקער, פון סיביר . . . איך האָב אייך דערציילט וועגן אים . . . און איך האָב נאָך ניט געלייענט דעם בריוו . . . טאַקע ערשט אָנגעקומען . . . איר וועט מיר ענטשולדיקן ? . . .

— איך וועל אייך ענטשולדיקן . . . אודאי וועל איך אייך ענטשולדיקן . . .

— גוד-ביי, שמעון . . .

— גוד־ביי, ניוראַ . . .

מאַרק האָט געשריבן:

„... טייערע ניוראַ, דו וועסט זיך וואונדערן, וואָס נאָך אַזאַ לאַנגער צייט איז ענדלעך אָנגעקומען אַ בריוו פון מיר. איך שרייב דיר אויף „דו", ווייל אַפילו נאָך אַ לאַנגער צייט, וואָס האָט זיכער אין אונדזער ביידנס לעבנס געשאַפן געוואונשענע און אפשר אויך אומגעוואונשענע ענדערונגען, שטייסטו נאָך אַלץ פאַר מיינע אויגן ווי די יונגע, שיינע ניוראַ, וואָס האָט מיר אַזוי וואַרעם געדאַנקט פאַר מיין ערשטן „דו" צו איר. איך בין זיכער, אַז דו ביזט נאָך די זעלבע שיינע ניוראַ — ניוראַ, מיט דעם קלוגן פלאַם אין די טונקעלע, טיפע אויגן. איך בין אָבער ניט זיכער, צו האָסט נאָך ניט אָוועקגעגעבן „דיין האַנט און האַרץ" צו אַ חבר, וואָס אויב עס איז אַזוי, איז ער עס זיכער ווערט. עס ווילט זיך מיר, דעם אַלטן בחור, זאָגן, אַז איך האָף ביזט נאָך פריי פון אָט דער חברשאַפט, וואָס הייסט הייראַט; אָבער ווען איך וועל דאָס זאָגן, וועט עס בלויז אַנטפּלעקן מיין עגאָאיזם און מיין טיפן, אומדערגרייכבאַרן וואונש, וועלכן איך האָב ניט קיין רעכט אָנצושרייבן אַפילו. ניין, איך בין ניט קיין פייגלינג ,איך בין אָבער אַזוי שטאַרק פאַרבונדן מיט מיינע „קייטן", אַז איך ווייס ניט ווי אַזוי און ווען איך וועל זיך באַפרייען פון זיי. איך ווייס ניט אַפילו צי איך וועל זיך באַפרייען פון דער אייביקער שטרעבונג מיינער צו דער מענטשלעכער פרייהייט. עס איז אַ שפּאַסיקער ערנסט ניוראַ און איך האָב ניט געוואוסט ווי אַזוי צו ברענגען אים צו דיר. אויב ניט זיך, איז כאָטש מיין וואָרט, מיין געפיל, מיין אמת. ווילסט דאָך מסתמא וויסן ווי אַזוי כ'האָב דיך ווידער געפונען, וועלאיך דיר דערציילן. געהערט האָב איך נאָך אין קאַלינעץ, אַז איר זענט אין אַמעריקע, אָבער אַמעריקע, זאָגט מען, איז אַ גרויס לאַנד און ניו-יאָרק, זאָגט מען, איז אַ גרויסע שטאָט, און אייער אַדרעס האָב איך ניט געהאַט. עס איז ניט געווען אַפילו באַ וועמען אָנצופרעגן זיך. און איך האָב געבענקט נאָך דיר, ניוראַ. שטענדיק געבענקט. כ'בין שוין אַפילו געשטאַנען איינמאָל באַנאַכט באַ דער גרענעץ וואָס האָט מיך אָפּגעטיילט פון דיר; כ'האָב געקאָנט אַפילו אַריבערגיין די גרענעץ; כ'האָב געקאָנט מאַכן דעמדאָזיקן שריט און מיין לעבן וואָלט איצט אויסגעזעהן אפשר גאָנץ אַנדערש ווי דאָס לעבן, וואָס נעמט מיך אַרום דאָ. אויף דעם מאָמענט, אין יענער נאַכט, באַ דער גרענעץ, האָב איך זיך ניט געקאָנט אָפּגעבן קיין רעכענונג פאַרוואָס כ'האָב געהאַנדלט אַזוי און ניט אַנדערש. עס איז געווען, ווייזט אויס, אַ ספּאָנטאַנער, הינטער-באַוואוסטזיניקער אַקט, וואָס איז דיקטירט געוואָרן אפשר פון אַ העכערן גייסטיקן קאָמפּלעקס, וועלכער הערשט איבער מיין ווילן, ווי עס הערשט דער לעבנס-אינסטינקט. יעדנפאַלס — אַ סאַך טעג און נעכט האָב איך זיך געטראָגן אַ צעריסענער פון חרטה, פון צווייפל און אָפּט אַפילו פון פאַרצווייפלונג פאַרוואָס איך האָב ניט געמאַכט יענעם לעצטן שפּאַן אין יענער נאַכט. איצט אָבער ,אין דעמדאָזיקן בריוו, קאָן איך בלויז רעדן וועגן דעם,

דערמאָנען זיך בלויז אין יענער נאַכט און אין מיין אָפּגעגעבענעם וואונש... אַ וואונש אָפּגעגעבן צו מיין „שְקלאַפיש"־לעבן און צו דער פינצטערער נאַכט. אַזוי איז אַוועק אַ יאָר, און נאָך אַ יאָר, און נאָך אַ יאָר . . . די אַרבעט מיינע האָט מיך געפירט אויף ברייטע שליאַכן און אויך אויף קלע־נערע סטעזשקעס. עס איז מיר ווידער אַמאָל אויסגעקומען צו זיין אין קאַלינעץ. און דו געדענקסט דאָך אונזער הויז, וואו מיינע עלטערן האָבן געוואוינט? דאָרט וואוינט איצט אַ שערער. ער איז געווען דערדאָזיקער, וואָס האָט אין יענער נאַכט, מיט דריי יאָר צוריק אויפגעריסן מיין פאַר־באַנדאַזשירטן וואונש און איך האָב אים דערזען אַ פאַרוואונדעטן אַ צעוויי־טיקטן—ביז דער לעצטער רגע, וואָס איז געווען די ענטשיידנסטע. און ווען איך בין מיט דריי יאָר שפּעטער ווידער אַריינגעפאַלן קיין קאַלינעץ, בין איך ווידער געגאַנגען אַ קוק טאָן אויף דעם אַלטן הויז, וואו איך בין געבוירן געוואָרן און טאַקע ווידער אַ שמייכל טאָן צו דעם אַלטן שערער. נו, האָבן מיר גערעדט, און געשפּאַסט, און געשמייכלט און געפרייט זיך אַפילו, וואָס דאָס לעבן גייט צום גוטן . . . די גרעסטע פרייד און מתנה האָט מיך אָבער צוגעטראָגן דעם שערערס פרוי. די מתנה איז באַשטאַנען פון אַ בינטל בריוו, וואָס זי האָט געפונען פאַרשטופּט אויף אַ פּאָליצע אין דער אַלטער קלאַדאָווקע. דאָס בינטל בריוו האָט מיין מאַמע ווײַט אויס באַ־האַלטן. אַ בינטל אין וועלכן עס זענען געווען בריוו פון מיין פאָטער צו איר, בריוו פון די יינגערע יאָרן נאָך. און צווישן די בריוו זענען געווען אויך צוויי בריוו מיט די קאָנווערטן און אַדרעסן פון דיין פאָטער נחום סטילינעצער. דעם שערערס פרוי, אויך אַ סענטימענטאַלע נשמה האָט די־דאָזיקע בריוו געהאַלטן, טאָמער קום איך נאָך אַמאָל, וועט זי מיר אונ־טערטראָגן די דאָזיקע מתנה, דאָס איינציקע וואָס איך האָב געקאָנט מיט־נעמען מיט זיך פון קאַלינעץ. אַזוי האָב איך געקראָגן דיין פאָטערס אַד־רעס, מעגלעך, אַן אַלטער אַדרעס. איך שרייב אָבער און האָף, אַז דער בריוו מיינער וועט אָנקומען. איך וואָלט בעדאַרפט, אייגנטלעך, אָנשרייבן אַ בוך, כדי איך זאָל קאָנען איבערגעבן אַלעס וואָס איך האָב דורכגעלעבט אין די עטלעכע יאָר, איך וועל אָבער דאָס שרייבן פון בוך אָפּלייגן אויף אַן אַנדערש מאָל. איצט וועל איך דיר זאָגן אין קורצן, אַז . . . אויב עס כאַפּט מיך אַמאָל אַרום אַ פאַרדריסלעך געפיל פאַר די ניט־דערגרייכבאַרע פאַרשפּילטע מאָמענטן פון מיין לעבן, הייבן זיך מאָמענטן אָן פון מיין ניט־דורכגעפירטער „פאַנטאַזיע" מיטצונעמען דיך מיט זיך . . . אַך, ווען איך וואָלט געקאָנט אַ שפּאַן טאָן צוריק צו יענעם מאָמענט און אָנ־נעמען דיך באַ דער האַנט, און זאָגן: קום, ניוראַ . . . ווי געפערלעך די צייט זאָל ניט זיין, וועלן מיר צוזאַמען אַוועקשפּאַנען און אַריינשפּאַנען אין אונדזער אייגענעם לעבן. קאָן איך שוין אָבער צוריק ניט שפּאַנען. איך בין צופרידן מיט מיין אַרבעט און מיט מיין לעבן דאָ — עס פעלט מיר בלויז ניוראַ און איך ווייס ניט אַפילו ווי אַזוי צו קאָרעגירן און קאָמפּענ־

סירן דאָס פּעלן דיינס. דער וועג איז איצט צוליב פאַרשטענדלעכע סיבות אַ פאַרצאַמטער און אַריבערשפּאַנען דעם צאַם, וואָלט געמיינט אַריבער־שפּאַנען איבער מיינע איבערציייגונגען און איבער מיין גאַנצן לעבן. ווען איך וואָלט געווען יונגער, וואָלט איך זיך געטרייסט מיט האָפענונגען, אַז די צייט וועט קומען, ווען אַ יעדער טויער און טיר פון דער וועלט וועט אויפגעעפנט ווערן און איך וועל מיט מיין פּעקל פון פּרוכטבאַרע טעג און יאָרן לאָזן איך צו דיר; בין איך אָבער אַ רעאַליסט און ווייס, אַז די טויערן און טירן וועלן זיך אַזוי גיך ניט עפענען. איך זאָג „רעאַליסט" און לאַך פון זיך אַליין — אָט דער־דאָזיקער רעאַליזם מיינער האָט דאָך אָפּגעריסן מיך פון מיין פאַנטאַזיע מיטצונעמען דיך מיט מיר. איך שיק דעם בריוו מיט דער האָפענונג, אַז דו וועסט אים דערהאַלטן, און אַז דו וועסט אים דער־האַלטן און וועסט ענטפערן, וועל איך . . . וועל איך . . . וועל איך ווידער שרייבן אַ בריוו. וואָרן בריוו, זיי קאָנען ווערן די אומזעבאַרע טויערן דורך וועלכע איך זאָל קאָנען קומען צו דיר און דו צו מיר, ביז די אמת'ע די רעאַלע טויערן וועלן זיך פונאַנדערעפענען.

מאַרק

פּ. ס. אויב דו ביזט פאַרהייראַט, בעט איך באַ דיר און באַ דיין חבר איר זאָלט מיר מוחל זיין פאַר מיין בריוו.

ביוראַ האָט איבערגעלייענט דעם בריוו און איז געבליבן זיצן מיט אַ פאַרקלעמטן געפיל. אירע געדאַנקען האָבן זיך אָפּגעריסענע און כאַ־אָטישע געטראָגן אָן באַשטימטן ענטפער, אָן באַשטימטן זין. זי האָט געהאַלטן דעם בריוו אויף די קני, געקוקט אין דער וויטנס מיט אַ ביטזוענדיקן בליק און אויפגעוואַכט, ווען ליזאַ האָט צום צווייטן מאָל געפרעגט:

— וואָס שרייבט מאַרק? מעג איך לייענען, ביוראַ?

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף ליזאַן און מיט דעם בליק צוריקגעפונען איר גלייכגעוויכט. אַ שמייכל געטאָן איראָניש־טרויעריק, געגעבן ליזאַן דעם בריוו און געלאָזט זיך גיין צו זיך אין צימער.

עס זענען אַוועק עטלעכע טעג אין וועלכע ביוראַ האָט זיך איינגאַנצן באַהערשט פון דער פאַרנעפּלטער ענטוישונג וואָס מאַרקס בריוו האָט גע־בראַכט מיט זיך. זי האָט רעזאָנירט: די ענטוישונג האָט ניט, אייגנטליך, אין זיך קיין רעאַלן זין . . .ס'איז ווי די ענטוישונג מיט אַ חלום: עס איז, אייגנטלעך קיינמאָל גאָרניט געווען און קיינמאָל גאָרניט געשען צווישן איר און מאַרקן... די פאָר וואָכן אין קאַליניעץ... די פּאָר בריוו און דער לעצ־טער בריוו — זיי זענען ווי צופעליקע מוזיק וואָס זי הערט אויף ראַדיאָ, מוזיק, וואָס קומט אָפּט פון טויזנטמייליקער וויטקייט . . . זיי זענען אָנגע־נעם די מאָטיוון . . .זיי שלעפּן צו טרוימען און מאַכן אָפּט טרוימען . . . אָבער אַזוי, ווייזט אויס, איז יעדע דערשיינונג אין מענטשלעכן לעבן, וואָס איז אָפּט בלויז אילוזיע . . .

אין די דאָזיקע טעג האָט זיך אָבער אַ באַשלוס איינגעפּעסטיקט אין איר. דער באַשלוס צו גיין איר אייגענעם וועג — אַליין. ניין, ניט די ענטוישונג אין מאַרקן און ניט די ענטוישונג מיט שמעון׳ען און ניט די ענטוישונג מיטן לעבן אין אַלגעמיין האָט זי געבראַכט צו דעם דאָזיקן געדאַנק, דער באַשלוס האָט אויפגעשוואומען אין איר מח, ווי אַן אָנשפּאַר פֿאַר איר גייסט. זי וויל זיין אַליין. זי וועט פֿאָרטזעצן איר וועג אין טעאַטער . .. זי וועט דערגרייכן די קינסטלערישע הויכקייט . . . זי וועט ווערן ניוראַ סטילמאַן, די גרויסע אַקטריסע . . . וואָרן . . . אויב זי הייראַט שמעון׳ען, וועט די הייראַט שטיין דאָס גאַנצע לעבן ווי אַ דערמאָנונג, אַז זי האָט קאַפּיטולירט צו דער רוטין פֿון לעבן . . . און דאָס וויל זי ניט. זי וועט גיין אַליין.

אין דערהעלבער וואָך איז צוגעקומען נאָך אַ פּלוצימדיקער טרויער. נחום האָט זיך פֿאַרקילט ,געקראָגן לונגען־אָנצינדונג און איז געבליבן ליגן אין בעט ווי אַן אונטערגעשניטענער. די הויכע היץ האָט אים געטראָגן ווי אויף הייסע כוואַליעס. די געדאַנקען זיינע זענען אָבער געווען נאָך קלאָר און מורא־האָבנדיק צו פֿאַרלירן זיי ,האָט ער אין דעם זעלבן אָוונט וואָס ער איז קראַנק געוואָרן, געבעטן ניוראַן, אַז, אַז זי זאָל טעלעפֿאָנירן בערלען, אייך אַלטן, פֿאַרגעסענעם כמעט בערלען, אַז ער זאָל קומען.

און ווען בערל איז אין דעם זעלבן אָוונט אַהיים געקומען פֿון שול און דזשייק האָט אים געזאָגט אַז מיס סטילמאַן האָט טעלעפֿאָנירט און האָט געבעטן ,אַז מ׳זאָל אים, בערלען, צושיקן מאָרגן אינדערפֿרי, איז שוין בערל אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפֿן. ער האָט געוואוסט, אַז מ׳וועט אים ניט רופֿן גלאַט אַזוי!... עפּעס איז, מסתמא געשען . . . די לעצטע יאָרן האָט ער כמעט אינגאַנצן ניט געהערט פֿון נחומען און ס׳האָט אָפּט ווי געטאָן בערלען וואָס נחום האָט אינגאַנצן פֿאַרגעסן אָן אים. ער האָט אָבער פֿאַרשטאַנען, אַז אין דעם געיעג און געפּילדער פֿון דעם אַמעריקאַנער לעבן, איז נחום אַוועק אַזוי ווייט, אַז ס׳איז ניט פֿאַר זיינע כוחות נאָכצוהאַלטן אים. פֿלעגט ער אָפּט טראַכטן, אַז דאָס געלט . . . אוי, דאָס געלט . . . עס פֿאַרפֿאַנצערט דעם מענטשן ווי מיט אַ גאָלדענעם פּאַנצער און עס לאָזט ניט צוקומען צו זיין האַרץ. און אפשר איז דאָס ניט צוליב געלט . . . וואָרן נחום איז דאָך שטענדיק געווען אַ גביר, אַפֿילו דאָרט אין סטילינעץ. ווייזט אויס, אַז ס׳איז דאָס אַמערקאַנער לעבן, וואָס צערייסט און מעקט אָפּ פֿריינטשאַפֿט . . . און צוריקגערעדט . . . וואָס האָט ער, צי נחום צו טאָן מיט דעם אַמעריקאַנעם לעבן . . . וואָס האָט ער אַליין, אַ שטייגער צו טאָן מיט דעם כרך ניו יאָרק . . . וואָס איז פֿאַר אים ניו־יאָרק? דאָס הויז . . . די גאַס די שול . . . און דאָס איבעריקע ווייסיך . . . אַן עולם־התוהו . . .

בערל איז אויפֿגעשטאַנען פֿאַרטאָג, אָנגעטאָן זיין יום־טובדיקן אָנצוג און געלאָזט זיך פֿאָרן מיט דזשייקן צו נחום׳ען. ווען ער איז אַריינגע־

קומען האָט אים באַגעגנט ביוראַ. ער האָט זי כמעט ניט דערקאַנט און ניט געקאָנט אַפּוואונדערן זיך, ווי מענטשן וואַקסן אויס און פאַרענדערן זיך. זי האָט אים אַנגענומען באַ דער פלייצע און געפירט אים אַזוי צו נחומס צי־מער. נחום איז געלעגן אין בעט מיט פאַרמאַכטע אויגן, ווען ער האָט אָבער דערהערט בערלען אַריינקומען, האָט ער געעפנט די אויגן און צעשמייכלט זיך. בערל האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז ער קוקט ניט אויס קראַנק נחום, אַט אַזוי ווי ער זעט אויס מיט די פאַרפלאַמטע באַקן און מיט די שיינענדיקע אויגן.

ביוראַ איז אַרויסגעגאַנגען, פאַרמאַכט די טיר און געלאָזט זיי אַליין.

— נו, בערל . . . — האָט נחום געזאָגט, — אַט זענען מיר ביידע ווי־דער אַליין . . . און דאָס מאָל דאַכט זיך . . . שוין . . . צום לעצטן מאָל . . .

— וואָס איך פאַלט איין צו רעדן .

— וויסטו דען ניט בערל . . . אַ יונג ביימל בייגט זיך אַהין און בייגט זיך אַהער און האַלט אויס, אָבער אַז אַ דעבי ברעכט צעזאַמען, איז קאַפּוט.

בערל האָט ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן אויף דעם. געזעסן אַ ווײַלע און געשוויגן. אָבער דערנאָך האָט ער זיך צערעדט. ניט געוואָלט, אַז נחום זאָל רעדן; האָט ער גענומען רעדן, דערמאָנען זיך אָן סטיליבעץ.. אַך, יענע יאָרן . . . דאָס פעלד, די לאָשיקלעך . . . די פּרימאַרגנס, די אָוונטן . . . אינדערפרי פרישע סמעטענע, מיט גרינע ציבעלעס, מיט רויטע רעטעכלעך . . . ס'איז געווען אַ מחיה צו לעבן . . . אָבער דאָ איז אויך ניט שלעכט . . . גאָטס וועלט אומעדום . . . אַבי מ'לעבט.

נחום האָט געהערט און ניט געהערט, וואָס בערל האָט גערעדט. מיט אַמאָל האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי אָפּשטעלנדיק בערלס רייד. בערל האָט געקוקט אויף אים און געוואַרט. דאָס וויל ער מסתמא, עפּעס רעדן, נחום. צוליב וואָס דען האָט ער אים גערופן ? . . .

און נחום האָט אָנגעהויבן צו רעדן. גערעדט אַ פאַרטראַכטער, ווי דערמאָנענדיק זיך: אין סטיליבעץ איז אַלעס געווען נאַטירלעך, אמתדיק; ער איז געווען, וואָס ער איז געווען, וואָס ער איז . . . נו, דאָ האָט ער אויך גענוג געגאַשט פון דעם לעבן . . . וואָרן . . . אַט אַזאַ הויז . . . גאַנצע מויערן . . . ניט געחלומט אַפילו אין סטיליבעץ פון אַזאַ מלוכה . . . און דאָך . . . אַז ער האַלט שוין באַם סוף, באַם אונטערפירן דעם חשבון . . . שרעקט עס אים . . . עס שרעקט די פרעמדקייט . . . עס וואָלט זיך גע־וואָלט דאָרטן, אויף דעם בית־עולם . . . ליגן לעבן אייגענע . . . ניט לעבן פרעמדע . . . אַז די נשמה, אויב ס'איז דאָ אַ נשמה, זאָל זי ניט אַרומשוועבן אַליין אויף פרעמדע פעלדער . . . יאָ . . . זאָל ער בערל, זען, אַז אויף דער מצבה זאָל מען אויסקריצן נחום סטיליבעצער, ניט סטילמאַן . . . מילא, פאַר ביזנעס האָט ער בעדאַרפט זיין סטילמאַן. פאַר זיך

אָבער ווײַל ער בלײַבן סטיליגעצער . . . און באַערדיקן זאָל מען אים אָן אַ קאַסטן, אין דער הוילער ערד. אין אַ טלית. זאָל ער עס זאָגן דזשעראַלדן — יאַשען — צו דערמאָנען אים . . . און זאָל ער אויספּילן זײַן ווילן . . . אויב ער שטאַרבט . . . און דאָס אַלעס . . .

בערל האָטפּאַרבראַכט אַ פּאָר שטונדן באַ נחום׳ען. געטרונקען טיי, וואָס ניוראַ האָט אַרײַנגעבראַכט . . . געזעסן און געשוויגן . . . געזאָגט אַ וואָרט, צוויי און ווידער געשוויגן. ענדלעך אויפגעהויבן זיך און געגרייט זיך אַהיימצוגיין.

—קום מאָרגן ווידער. — האָט נחום געזאָגט.

—איך וועל קומען. — האָט בערל צוגעזאָגט. — איך וועל קומען, נחום . . .

אויפן צווייטן טאָג איז בערל ווידער געקומען און פון דעם אויס־דרוק אויף ניוראַס פּנים האָט ער געזען, אַז מיט נחום׳ען האַלט ניט אַזוי גוט.

—ער וויל ניט מ׳זאָל אים נעמען אין האָספּיטאַל. — האָט זיך ניור־ראַ באַקלאָגט. — אַוודאי איז אים בעסער און היימישער דאָ, אָבער אין האָספּיטאַל וואָלט ער גיכער געזונט געוואָרן.

ווען בערל האָט דערזען נחום׳ען האָט אים אָנגעהויבן ציטערן די הענט. אין דעם מעת־לעת וואָס ער האָט אים ניט געזען, איז נחום אינגאַנצן פאַרביטן געוואָרן .שוין ניט נחום — האָט ער אַ טראַכט געטאָן. געזען ווי נחומס אויגן קוקן שוין אַריבער ווייטער, ווייטער אין דער צווייטער וועלט אַרײַן. און בערלען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז נחום טראַכט שוין ניט אַפילו, אַז זײַנע געדאַנקען זענען שוין קיין געדאַנקען ניט. און בערל האָט געטראַכט, אַז אָט, אָט, רײַסט זיך אָפּ אַ שטיק לעבן, נחום׳ס לעבן, גייט ער אַוועק נחום, ווייסט ער, אַז ער שטעלט שוין אויך אַרײַן אַ פוס אין קבר אַרײַן. ער איז געזעסן באַ זײַן בעט און געקוקט אויף אים ווי ער אָטעמט שווער . . . געזעסן און געשוויגן,

דזשייק איז ווידער געקומען מיטן מאַשין און האָט אים אַהיים גענו־מען. ער איז געפאָרן אַ היים אַ צעבראָכענער, געקרעכצט און געווישט די פאַרטרערטע אויגן.

נחום׳ען אַליין האָט שוין אָבער ניט געאַרט צי בערל זיצט דאָרט לעבן אים, צי ניט .ער האָט שוין אַפילו ניט געפילט, אַז ער ווערט שוואַכער און שוואַכער. דער גייסט האָט געצאַנקט ווי אַ קנויט, וואָס האָט שוין ניט קיין בוימל צו ברענען. דזשעראַלד, ליזאַ און ניוראַ האָבן שוין געזען, אַז ער צאַנקט. די דאָקטוירים האָבן געהאָפט ,אַז אויב ער וועט אויסהאַלטן ביז דעם קריזיס, וועט ער דעם קריזיס אויך איבערקומען. ווי אַ ווייסער שאָטן איז די נוירס אַרומגעגאַנגען אין צימער — מיט אַ שטילן גאַנג, מיט אַ שטילן שמייכל, מיט אַ שטילן וואָרט. זי האָט געוואוסט, אַז באַלד שטאַרבט אַ מענטש און זי וועט אים דערנאָך איבערדעקן מיט אַ ווייסן ליילעך, ווי זי האָט עס שוין געטאָן מיט אַ סאַך אַנדערע.

און אַזוי איז דאָס געשען. ווען די בלויקייט האָט טריב געקוקט אין די פענצטער, האָט נחום סטילינעצער אויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעם. אויף די שפּיץ פינגער, ווי מורא־האָבנדיק אויפצואוועקן עמיצן, האָט זיך די נוירס געלאָזט גיין איבער די צימערן צו דזשעראַלדס שלאָפצימער און צוקומענדיק, שטיל אָנגעקלאַפּט אין דער טיר:

— מיסטער סטילמאַן . . . מיסטער סטילמאַן . . .

דזשעראַלד האָט זיך אויפגעכאַפּט, געקוקט אַ ווײַלע אַ דערשראָקענער און מיטאַמאָל אויפגעשפּרונגען און גענומען זוכן דעם נאַכט־ראָק. ליזאַ האָט זיך אויך אויפגעכאַפּט און ניורא, דערהערנדיק זייערע שטימען אין דער שטילקייט פון פאַרטאָג, האָטאויך פאַרשטאַנען, אַז ס׳האָלט שוין באַם סוף . . . זיי זענען אַלע אַריין אין נחום׳ס צימער און געבליבן שטיין באַ זיין בעט.

דזשעראַלד האָט זיך אָנגעבויגן איבער נחום׳ען, אָנגענומען זיין האַנט און, דערפילנדיק, אַז זי איז קאַלט און שווער, האָט ער זי גלייך אַרויסגעלאָזט און איז געבליבן שטיין מיט אַן אומרואיקן בליק. און ליזאַ איז געשטאַנען און האָט געטראַכט, אַז די נוירס קוקט אויף איר צע־קנייטשטן פּנים און אויף אירע צעפּאַטלטע האָר. זי האָט פאַרשטעלט איר פּנים מיט די הענט און געלאָזט זיך גיין אין וואַש־צימער. געבליבן שטיין לעבן שפּיגל. געקוקט אויף זיך ווי אויף אַ פרעמדער. געזען ווי איר קאָפּ, ערטערווייז געל, ערטערווייז ברוין, ערטערווייז גרוי שרעקט מיט אַלט־קייט . . . און עס האָבן אַ ציטער געטאָן אירע בלויע ליפּן און די אויגן האָבן זיך פאַרגאָסן מיט טרערן. זי איז צוריק אַריין אין שלאָפצימער, אַ וואָרף געטאָן זיך אויפן בעט און האָט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. זי האָט געהערט ווי דזשעראַלד און ניורא זענען געשטאַנען באַ דער טיר און גע־רעדט וועגן עפּעס; געהערט ווי די נוירס טעלעפאָנירט דעם דאָקטער; גע־הערט און ניט געקאָנט אויפהייבן זיך און אַרויסגיין זיצן און קוקן, און וואַרטן ביז אַלעס וועט אַריבער . . . ענדלעך אויפגעהויבן זיך און גענומען זוכן אַ שוואַרץ קלייד אָנצוטאָן זיך.

ניורא האָט גלייך טעלעפאָנירט צו בערלען און די צייט האָט זיך געצויגן זיך ווי אַן אייביקייט, ביז בערל איז געקומען. מיט בערלס אָנקומען האָט דזשעראַלד מיט פאַרלייכטערונג אָפּגעאָטעמט. ער האָט שוין געוואוסט אַז בערל מיט זיין זון דזשייק וועלן שוין אַלעס פאַרזאָרגן . . . אַזוי ווי נחום האָט געוואָלט, אַזוי ווי עס פירט זיך ביי יידן . . .

אַ פּאָר טעג האָט דזשעראַלד אויסגעמידן אַריינצוקומען אין נחום׳ס צימער. דאָס צימער איז שוין געווען צוגערוימט און ריין. דאָס בעט פאַר־בעט, גלייך ווי עס איז גאָר ניט געשען. און אויפן דריטן טאָג אינדער־פרי, ווען ליזאַ און ניורא זענען נאָך געשלאָפן, איז ער, ענדלעך, אַריינגע־גאַנגען אין צימער. ער איז געבליבן שטיין באַם טיש, אויף וועלכן עס איז געלעגן נחום׳ס גאָלדענער זייגער מיט דער שווערער גאָלדענער קייט.

ער האָט געגומען דעם זייגער אין די הענט און געעפנט דאָס דעקל. גרויסע איגגלישע אויגן האָבן אַ קוק געטאָן אויף אים — זייגע, יאשעס אויגן. דזשעראַלד האָט געקוקט אויף דעם מיניאַטור בילד און געזוכט עפּעס ענליכעס צווישן זיך און דעם יונגן ייִנגל. און אַ רחמנות געפיל צום פאָטער האָט אַ קלעם געטאָן אין האַרצן. שטייענדיק אַזוי מיטן גאָלדענעם זייגער אין דער האַנט, האָט ער אַ קוק געטאָן אויף זיך אין שפּיגל, וואָס האָט געהאַנגען געגנאיבער. דערזען זיך, אַ פרעמדן, אַן אַנדערן . . . בלויע זעקעלעך ליגן אונטער די גרויסע אויגן; צוויי טיפע ווינקלען אויפן הויכן שטערן זאָגן אָן, אַז די יאָרן רויבן אַוועק בּאַ אים די שוואַרצע, בּאַ די שלייפן, געזילבערטע האָר . . . ער איז פעטער געוואָרן. קיינמאָל ניט געהאַט אַזאַ בויך . . . און פון ביידע זייטן פון מויל האָבן זיך צוויי טיפע קאַרבן אַוועקגעלייגט. דער בליק האָט אַ שוועב געטאָן צו די פענצטער. ווייטע הימל־קראַצערס אינדערווייטנס האָבן זיך געצויגן ווי אין די וואָלקנס און אונטן ערגעץ . . . אונטן האָט זיך געצויגן אַ שמאָלער וועג — דער וועג פון דער אַדאַיע קיין סטילינעץ . . . דערנאָך קאַלינעץ . . . דערנאָך אָדעס . . . דערנאָך ווידער קאַלינעץ . . . און איצט די הימלקראַצערס, וואָס ציען זיך אין די הימלען . . . ערגעץ איז דער וועג פאַרלוירן געגאַנגען . . . ער האָט אַ פיר געטאָן מיט דער דלאָניע איבערן פּנים און האָט אַ זיפץ געטאָן. אַליין פאַרוואונדערט זיך איבערן זיפץ . . . געעפנט דעם שופלאָד אין טיש, וואו נחום האָט געהאַלטן זיינע פּאַפּירן און בריוו. געפרואווט לייענען איינציקע פון זיי און איז מיד געוואָרן. עטלעכע בריוו פון אים אַליין צום פאָטער . . . אַ פּאָר בריוו פון דער מוטער; פאַרגעלטע בריוו, וואָס האָבן דערציילט פון קלייניקייטן, וואָס האָבן מיט פּראָזאַאישער טריבקייט דערמאָנט אָן עפּעס פאַרגעסענעם, אָן עפּעס צעשוואומענעם . . . צו וואָס האָט ער די אַלע יאָרן געהאַלטן די בריוו דער פאָטער? און צו וואָס די יאַפּאַנקעס, און די ציגאַרשפּיצלעך, און די זילבערנע טאַבאַק־פּושקע מיט מאָנאָגראַמען? און צו וואָס דאָס ביכעלע מיט בלויע ווירעס? אויפן טאָוול פאַרצייכנט מיט אָפּגעלאָקירטע טינט: יאשע געבוירן — דער דאַטום מיט העברייאישע בוכשטאַבן . . . גיורא . . . דאָס זעלבע; דיאיבעריקע בלעטלעך זענען געווען פאַרשריבן מיט אַדרעסן און מיט חשבונות. זענען טאַקע אָט די קלייניקייטן געווען בּאַ אים אַזוי טייער, טייערער ווי די גרויסע אַפּאַרטמענט הייזער וואָס ער האָט . . . געהאַט?

דזשעראַלד האָט אַוועקגעלייגט דאָס ביכעלע. וואָס זאָל ער טאָן מיט אָט די אַלע זאַכן? אַרויסוואַרפן זיי? בּאַהאַלטן זיי? אָט ליגן די שליסל. אויך די שליסל זענען איצט איבעריק. דער איינציקער שליסל, וואָס טיילט זיך אויס פון די איבעריקע, איז פון דעם באַנק־קעסטל, וואו עס ליגן דעם פאָטערס פאַרזיכערונגס פּאַפּירן און אפשר אויך אַ באַנק־ביכל און געלט. ער אַליין האָט אויך אַזאַ מין שליסל. ער האָט אָפּגעטיילט דעם באַנק־שליסל פון די איבעריקע און האָט אים צוגעטשעפּעט צו זיין אייגענעם רינג און קייט.

א. א. ראָבאַק

# לידער פון ריינער מאַריאַ רילקע

(ביאָגראַפישער נאָטיץ)

ריינער מאַריאַ רילקע, געבאָרן אין פּראָג אין 1875 און געשטאָרבן אין 1926, ווערט פאַררעכנט פאַר דעם גרעסטן לירישן פּאָעט וואָס די דייטשישע ליטעראַטור פאַרמאָגט אין משך פון היינטיקן יאָרהונדערט. בלויז סטעפאַן געאָרגע קאָן זיך מיט אים פאַרמעסטן אין דערזעלבער תקופה. רילקע ווערט אָפּט, צוליב זיינע קורצע פערזן און כמעט קינדערשער שפּראַך, פאַרגליכן מיט היינען. אָבער אַז מען זוכט טיפער זעט מען אַ גרויסן חילוק. היינע איז געווען גלאַטיקער, קלאָרער און ריטמישער; רילקע איז דורך און דורך אַ מיסטיקער מיט אַ געפיל פון התבודדות און אַ מוזיקאַלישן אויער פאַר וואָרט־קלאַנגען. היינע איז שכלדיקער מיט בליציקע געדאַנקען; רילקע איז באַהערשט כסדר פון צאַרטע און פאַרמלאכטע געפילן און קאַפּריזן. זיין ריטם איז סינקאָפּירט — אַ בצמצומדיקער וואָס דערמאָנט אָן אונזער פּרצן און פראַנץ קאַפקאַן.

פונדעסטוועגן קאָן מען ציען געוויסן פאַראַלעלן צווישןביידע חוץ דעם וואָס זיי זיינען יונג געשטאָרבן, און געלעבט מייסטנס אין דער פרעמד, נאָר אויף דעם פּאָדערט זיך אַ באַזונדער אַרטיקל ניט קיין הקדמהלע.

רילקע האָט געלעבט אין פּראג ,ווין, פּאַריז, מינכען, און אויך אין דער שווייץ, און אין רוסלאַנד, וואו ער האָט איינגעזאַפּט דעם רוסישן פּאַטאָס. רוסלאַנד האָט אים באַגייסטערט און אין רוסלאַנד פאַרנעמט ער אַ זייער חשובן פּלאַץ. דאָס פיינסטע בילד פון רילקען האָט געמאָלן דער יידיש־רוסישער קינסטלער באָריס פּאַסטערנאַק, דער פּאָטער פון לעאָניד פּאַסטערנאַק, וואָס איז פון די גאָר באַוואוסטע רוסישע פּאָעטן. אין בילד זעען מיר אים ווי אַן — אידעאַליזירטן און פאַרחלומטן קעגנטייל פון לעצטן ראָמאַנאָף.

דער גרעסטער קענער פון רילקען איז גראָד דער באַרימטער מאַטעמאַטיקער ריכאַרד פאָן מיזעס, וואָס איז געווען, ביז היטלערס ממשלה, דירעקטאָר פון מאַטעמאַטישן אינסטיטוט אין בערלינער אוניווערזיטעט. פאָן מיזעס ,אַן אינזשינער ווי זיין פּאָטער, איגנאַץ בערנשטיינס אַ קרוב, און אַ בויער פון עראָפּלאַנען איז איצט איינער פון האַרוואַרדער פאַקולטעט, און ביי אים אין שטוב געפינט זיך טאַקי אַן אמתער רילקע מוזיי, און צווישן די טויזנטער אויפלאַגעס, איבערזעצונגען, צייכענונגען, אָריגינעלע בריוו און כתב ידן, געפינען זיך אויך איבערזעצונגען פון רילקען אין יידיש און העברעאיש, וואָס דער מאַטעמאַטיקער ,און איינער פון די

באַגרינדער פון דער נייער פּאָזיטיוויסטישער פילאָזאָפיע, האָט אָפּגעקויפט איבער דער גאַנצער וועלט*).

צווישן די בילדער געפינען זיך צייכענונגען פון רילקען צוזאַמען מיט מאַקס ריינהאַרדטן. רילקע איז געווען אויך פריידס אַ מקורב און בכלל איז ער געווען אַן אמתער קאָסמאָפּאָליט און ליבעראַל. אַ צייט לאַנג איז ער געווען סעקרעטאַר ביים גרויסן סקולפּטאָר ראָדען, און האָט געפירט אַ קאָרעספּאָנדענץ סיי מיט גדולים, סיי מיט אומבאַקאַנטע לייענער. ער איז איצט געוואָרן אַ לעגענדע און ביים לעבן איז ער געווען אַ רעטעניש, אַ באַהעם, ניט נאָר צוליב זיין געבוירן ווערן אין בעמען (פּראָג).

רילקע איז געווען פאַראינטערעסירט אין יידישע ענינים וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט רוחניות. ביי פאָן מיזעסן געפינט זיך אַ בריוו פון רילקען צו אַ יידישן מחבר וואָס האָט אים געהאַט צוגעשיקט זיינס אַ סענטימענטאַלע דערציילונג אויף דייטש „קיינעם קאַדאָש ווירד מאַן זאַגען”. רילקע רופט זיך וואַרעם אָפּ אויף דער דינעזאַנישער מעשה. קאַנטיק אַז דער תוכן האָט צו אים אַפּעלירט.

זיין ליד וועגן מהר״ל פון פּראָג, וואָס האָט געלעבט אין 16טן יאָרהונדערט און איז געוואָרן ווייט און ברייט באַוואוסט דורך דער גולם לעגענדע שטיצט זיך מסתמא אויף אַ פאַרשפּרייטן ספּור. דער מאָדערנער מיסטיקער האָט אַוודאי געפונען עפּעס אייגנס אין דעם בעל מקובל ר׳ יצחק לעווע, און עס איז מאָדנע וואָס אין די ראשי תיבות „מהרי״ל” געפינען מיר מאַריאַ רילקע, די ערשטע טראָפן פון זיין נאָמען. צי האָט ער פון דעם געוואוסט?

פונקט ווי אין טערקיי איז רילקעס נאָמען כמעט אין חרם צוליב זיין („טויט פון קאָרנעט רילקע”) אַזוי איז ער באַליבט אין רוסלאַנד. צווישן זיינע געטרייע חסידים און איבערזעצער זיינען יידן. חוץ פאָן מיזעס וואָס האָט אַרויסגעגעבן פאַרשידענע זאַמלונגען זיינע מיט אַריינפירן, קאָן מען נאָך אויפציילן אַ צענדליק יידישע רילקע פאָרשער און איבערזעצער אויף פאַרשידענע שפּראַכן. אין ענגליש זענען לעצטנס אַרויס קאָלעקציעס פון לודוויג לואיסאָן און באַבעט דייטש.

---

*) ווען איך האָב ביי דער אויסשטעלונג פון דער רילקע קאָלעקציע אין דער האַרוואַרדער ביבליאָטעק דערזען אַ באַנד „ליטעראַרישע בלעטער” אויפגעעפנט ביי מנחם פלאַקסערס איבערזעצונג פון „טויט פון קאָרנעט מאַטיאַס רילקע”, בין איך געווען ווי געפּלעפּט, וואָרעם צווישן די ביליאָטעק-לייט איז ניטאָ קיינער וואָס וויים אַ צורת אלף. האָב איך אָנגעהויבן אַ חקירה ודרישה און בין געוואויר געוואָרן אַז פּראָפעסאָר פאָן מיזעס האָט עס צוגעשטעלט דעם באַנד, פונקט ווי די מערסטע רילקע ביכער און חפצים, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך, צוזאַמען מיט זיינע עטלעכע טויזנט אַנדערע ביכער אַפילו קיין טערקיי.

אויף אידיש איז רילקע ווינציק איבערזעצט געוואָרן, הגם איציק מאַנגער איז אַ חסיד פון רילקען און די השפעה זעט זיך אָן אין די באַלאַדן. אין „עפּאָכע" האָט מאיר שטיקער געדרוקט אַ פּאָר איבערזעצונגען און געגעבן אַ קורצן אַריינפיר, וואו עס האָבן זיך אַריינגעגנבעט אַ פּאָר אומפּינקטלעכקייטן, למשל אַז רילקע האָט נישט געוואוסט וועגן זיין קראַנקהייט„ וואָס איז אגב נישט געווען די פּראָלעטאַרישע קרענק, נאָר גיכער אַ בלוט־ראַק (לוקעמיע) ד. ה. וואו דאָס בלוט ווערט אַלץ מער וואַסערדיק און די רויטע צעלן שטאַרבן אויס.

עס וואָלט געווען געוואונטשן אַז אַלע וואָס האָבן איבערגעזעצט רילקען אויף יידיש זאָלן זיך שטעלן אין פאַרבינדונג מיט מיר כדי עס זאָל אַרויס אַ רילקע זאַמלונג אויף יידיש. מיינע איבערזעצונגען זיינען כמעט ווערטערלעך. ווי שוין באַמערקט איז ביי רילקען דער ריטם נישט קיין פּשוטער, און די מעטריק איז נישט קיין אויסגעהאַלטנע, דערפאַר איז אויך אויף יידיש נישטאָ קיין אויסגעציילטער צאָל סטראָפן. דער פערז איז אַן אומרואיקער, אַ נערוועזער וואָס ווערט אַביסל באַלאַנסירט דורכן גראַם און מוזיקאַלישן קלאַנג.

דאָס שטונדן־בוך איז פון זיינע פּאָפּולערסטע לידער־זאַמלונגען, אָבער אויך פון זיינע בריוו, עסייען און דערציילונגען וואָלט מען באַדאַרפט מאַכן אַן אָפּקלייב פאַר אַ יידישער אויסגאַבע.

# ריינער מאַריאַ רילקע

יידיש דורך א. א. ראַבאַק

## אַ מוטער ליד

עס בענקט זיך מיר אָפט נאָך אַ פּשוטער מאַמען,
נאָך אַ שטילער פרוי מיט אַ ווייסן שייטל,
מיין איך וואָלט זיך ערשט צעבליט אין די ראַמען
פון איר ליבע, און יענע ווילדע שנאָה וואָלט געוואָרן בטל,
וואָס האָט זיך אייזיק אַריינגעגנבעט אין מיין נשמה.

מיר וואָלטן זיך נאָענט געזעסן שטילערהייד;
אין קאַמין וואָלט געדזשימדזשעט אַ פייערל;
און פאַרנומען וואָלט איך פון די ליפּן די ליבע רייד;
און מנוחה וואָלט געשוועבט איבערן טייערל*)
אַזוי ווי אַ זומערפייגעלע פון לאָמפּנפלאָם צעפרייט.

## דעם מענטשנס וואָרט

איך האָב אַזוי מורא פאַרן מענטשלעכן וואָרט;
אַלץ רעדט זיך אַזוי קלאָר און בפירוש אַרויס,
און אָט־דאָס הייסט הונט און יענס הייסט הויז,
און דאָ איז אָנהויב און דער סוף איז דאָרט.

מיר צערט אויך דער מיין זייערער, זייער שפּיל מיטן שפּאָט —
אַלץ ווייסן זיי ,וואָס איז געווען און וועט זיין.
קיין באַרג איז שוין מער גאַרניט וואונדערשיין;
און גראַד גרענעצט זיך זייער גאָרטן און גוט מיט גאָט

איך וויל אַלץ וואָרענען, פאַרווערן: ,,פון דער וויטן"!
להוט צו הערן ווי אַלץ זינגט, אין אַלע צייטן
רירט איר זיך צו, ווערט עס שטייף און שטום;
איר ברענגט ביר אַלץ־מיט־אַנאַנדער אום.

---

*) אַ טשײניקל

# דער מהר״ל פון פראָג

גרויסער רבי! הייליקער צדיק! העלף אונז אין אַ גרויס עת־צרה;
היינט שענקט דער בורא אונדז קינדער; מאָרגן ווערן זיי אַ כפרה.
שוין סטאַיעט ניט דעם בית־חיים פאַר די מחנות און קוים האָט די
חברה קדישה
געטאָן איינס זיין רעכט — ווי ביטער, רבי — זיינען שוין דאָ אַנדערע,
פרישע.

זאָגט דער רבי „גייט און שיקט מיר אַ בחור אויף גיך אַרייך.
אַזוי איז געשען. „צי סמייעסט דו היינטיקע נאַכט צום בית חיים
איינער אַליין?
„אַז דו באַפוילסט הייליקער רבי״. טאָ הער־זשע: פונקט צו חצות
טאַנצן די קינדער־מתים אויף די שטיינער און גראָז;
טו תפילה דאָרט, און באַהאַלט זיך, און אַז דיין האַרץ פון פחד וועט
ווערן פאַרקלעמט,
זאָלסט דאָס פאַרטרייבן, נאָר אַ כאַפּ טאָן גיך ביים ערשטן קינד
דאָס טויטנהעמד,
און פליהענדיק, ברענג דאָס אַהער צו מיר! פאַרשטייסט דו כאָטש
דיין ראָל?״
„ווי דו הייסט מיר טאָן, רבי, אַזוי טו איך״ — ענטפערט ער מיט
אַ פוסטן קול.

***

ס'איז מיטן נאַכט — די לבנה שיינט;
און עס טראָגט דעם טויט בלאָסן
בחור, מיט אַן אימה דורך די גאַסן —
די תכריכים אין דער האַנט.

אָבער וואָס איז דאָס? ניט זיינע טריט?
האַסטיק דרייט ער אויף צוריק
זיין בלייכן פנים אום — געוואַלד, עס ציט
נאָך אים דער בר מינן, מיט אַ טענה אין זיין בליק.

„גיב דאָס לייוונט! אַן תכריכים
וועלן די שדים מיר ניט לאָזן צורו״
און דער בחור — אין קאָפּ מישט זיך אים —
— טראָגט עס קוים דעם צדיק צו.

און שוין געגעגנט דער רוח מיט טענות . . .
„זאָג פֿאַרוואָס עס שטאַרבן הונדערטער אָוועק, פֿון וואַנען
נעמט זיך עס? קינד, דו מוזט דערציילן אַן שום מענות;
אַנדערש טאָרסטו דו ניט אַרויס פֿון דאַנען“.

שרייט דער רבי „ וויי און ווינד“
ענטפֿערט דער רוח „אַ גרויסן חטא
האָבן צוויי באַגאַנגען אין אונדזער מיט — אַ שרעקלעכע זינד
— פֿאַרשוועכט די הייליקייט פֿון חופּה־בעט.

דאָ זיינען די געמען! זוכט ניט מער די סיבה
וואָס האָט געפֿירט צום טויט די ליבע“.
און דער צדיק אים דאָס העמד טראָגט צו
און זאָגט צום קינד: „איצט גיי אין דיין רו,
קוים האָט זיך אויסגעשיילט פֿון דער נאַכט, באַמאַיט,
דער ראָזעווער קאַיאָר, נאָך אַלץ פֿאַרשלאָפֿן,

איז דאָס בית־דין שטיבל שוין געשטאַנען אָפֿן,
און די אומשולדיקע זיינען געוואָרן באַפֿרייט.
און מיטן כח פֿון דער הייליקער תורה
האָט ער געשטעמפּלט דעם זינדיקן שטערן,
ביז וואַנען איטלעכער פֿון דער מרה שחורה
האָט ביסלעכווייז געגומען פּטור ווערן.

ניט איין פּאָרל איז דאָ צוגעקומען,
דאַנקען גאָט פֿאַר זיי פֿאַרגעבן
און דורך דער ברכה פֿון דעם פֿרומען
האָט געטאָן אַ פֿרייד אויף אַלע שוועבן.

נאָר דעם בלייכן בחור, ניט געקוקט אויף די ברכות,
האָט געוואָרפֿן היץ און ער אין אַ שטאַרק קדחות;
אַ לאַנגע צייט דערנאָך האָט מען אָבער פֿאַרט
ניט מער געטראָגן קיין מתימלעך צום גוטן אָרט?

● יעקב גלאַנץ

# א. לעיעלעס

(פראַגמענטאַלע באַטראַכטונגען)

א.

ווען מיר זאָלן נעמען דאָס דיכטערישע וואָרט דאָס יידישע און זיין שליחות צום אַפּאָקאַליפּטישן צייט־אָפּשניט אין וועלכן מיר לעבן, וואָלטן מיר אים געדאַרפט לאָזן אין זיין איכה־געקרעכץ און אין דעם אויסדרוק פון דעם לאַמענט איבערן חורבן, נישט מער, דאָס וואָרט גופא, וואָס האָט זיין באַזונדערע שליחות אין דעם פּאָעטישן אויסדרוק, וואָלטן מיר געדאַרפט לאָזן צורו. און בדרך אגב האָט מען ביי אונדז אמיינסטן ווייניק וואָס מקפּיד געווען אויפן וואָרט, ווי אויף דעם סאַמע עיקרדיקן אינסטרומענט פון פּאָעט; מע האָט תמיד געוואָלט אַריינטייטשן תכלית אפילו אין פּאָעזיע. וועל איך דאָ נישט ווערן דער אַדוואָקאַט פאַר דער קונסט — לשם־קונסט ריכטונג, זי איז נישט אין צייט איצט און קאָן פון קיין שטאַנדפּונקט נישט ווערן באַרעכטיקט; אָבער די דיכטער, וואָס פאַרנאַכלעסיקן דאָס וואָרט און זיי שטעלן דעם טראָפּ נאָר אויף דער אידייאישער אידישקייט, זיינען מער נישט ווי האַלבע דיכטער. דער עכ־טער פּאָעט איז יענער וואָס שאַפט אינטעגראַלע פּאָעזיע, אי דעם תכלית אי די שיינקייט, דעם געדאַנק מיטן סענטימענט, דעם סעלעקטיוון וואָרט, ווי זיין אייביקן ווערט.

די אומות־העולם קאָנען זיך פאַרגינען אַפילו איצט נאָך צו ריידן וועגן קונסט, וואָס מאַכט פליטה פון לעבן. ביי זיי איז אַנדערש. מיר קאָ־נען עס נישט. מיר קאָנען נישט פאַרבייגיין דעםליידנס־וועג פון לעבן אונדזערן און נישט דורכפירן איבער אים דעם שפּיגל פון דער קוסט, וואָס זאָל אַריינעמען אין זיך דעם טרויעריקן פייזאַש. אין דעם פייזאַש פון יידישע ליידן איז דאָס יידישע וואָרט במילא אַריינגעוואַקסן, און ווען מיר זאָלן אים פון דאָרטן אַרויסרייסן, וועט עס פאַרטשאַכניעט ווערן ווי אַ ביימל אין טרוקעניש; איז ניט אין אַרויסרייסן גייט עס, נאָר פּונקט פאַרקערט: דאָס וואָרט דאַרף ווערן באַהויכט מיט דעם דיכטערס אָטעם און ער דאַרף עס אַזוי היטן און רייניקן, אַז ס'זאָל בלייען און נישט אָנ־ווערן פון זיין אַראָמאַט. און אויב יידישע פּאָעטן זאָלן זיך נישט אָנהאַלטן אינ־גאַנצן ביי פּאָל וואַלערי'ס דעפיניציע פון פּאָעזיע, אַז זי איז דער יום־טוב פון אינטעלעקט, באַדאַרפן זיי לפחות דעם אינטעלעקט נישט פאַרוואַכיקן און אים נישט אָפּטיילן פון אויפגעפלאַמטן סענטימענט. פּאָעזיע דאַרף פאַרמאָגן אין זיך אַלץ: געפיל און שכל, אידיי און חלום, קלאַנג און ריטם, בילד און ניגון.

דער אמתער קינסטלער שטעלט זיך פאָדערונגען; וויל נישט לעבן פון האַנט און מויל. און אויב ער איז באַשאַנקען מיט שעפערישער שפע,

שטעלט ער זיך אויף דאמבעס. אז די שפע זאל אים נישט פארפלייצן, דאס ווארט זאלן אים נישט אנקומען גרינג. די גדרס וואס קינסטלער שטעלן זיך זיינען אויסלערנען זיך בייצוקומען שוועריקייטן, נישט זיך צו פארלאזן זיך איינגאנצן אויפן טאלאנט, נאר אויך אויף ארבעט. אמת, אז די אינטואיציע איז די מוטער פון דעם דיכטערס ווילן, אבער זי אליין איז נישט ביכולת צו ברענגען די געגארטע שלימות פון דיכטער; ס'דארף זיין א האנט, וואס זאל אפשטעלן און פירן. און דאס איז דעם דיכטערס באוואוסטזיין, וואס דיקטירט אים זיין באזונדערן גאנג און די געבענטשטע אויסדערוויילטקייט.

מיר ריידן דא וועגן אויסדערוויילטקייט פון דיכטער צו זיין אנדערש און די אנדערשקייט, ווי די עקספרעסיע פון זיין פערזענליכקייט.

און דער כלל איז, אז די דיכטער, וואס האבן זיך א צילבאוואוסטן גאנג, אן אייגענעם דיכטערישן מעטאד, א פרעציזע קינסטלערישע קאנצעפציע, זיי זיינען פארמשפט צו פארבלייבן איינזאם.

ב.

## פאראינזיכטע איינזאמקייט

די דיכטער ביי אונדז, וואס האבן פאר דעם יסוד פון זייער שאפונג געמאכט דאס ווארט, ווי דעם ערשטן טרעפ פון זייער גאנג, זיי האבן געמוזט זיך אויסטרעטן אן איינזאם סטעזשקעלע צווישן בערג און פאוואליענקע קלעטערן צום בארגשפיץ.

„היינט איז שטעג א רונדער,
פארענדיקט ביז צו ענד;
א גאנג וואס איך באזונדער,
דערפיר אים, לענק און ווענד".

(א. לעיעלעס. „פאביוס לינדס טאגבוך")

באזונדערער גאנג איז די באשערטקייט פון דעם עכטן דיכטער. טאקע די שמאלע סטעשקעלע פון אים אליין אדורכגעטראטענע. און נישט נאר טרויער איז דער גאב פון דעם אליינגייער, נאר אויך פרייד. די פרייד פון פארמעסט, דאס שטייגן צום בארג־שפיץ, וואס ווינקט און רופט. דער אליינגייער איז בטבע אן עקשן, ווארן נישט יעדער וועט וועלן זיך איינשטעלן אויף סכנות צו קריכן ביי די ראנדן פון לויערנדיקע אפגרונטן, כדי צו דערגרייכן דווקא די לאקרנדיקע בארגשפיצן.

אין דער יידישער פאעזיע, איז א. לעיעלעס פון די פארעקשנטע אליינגייער. אין זיין אליינגיין האט ער שוין א שיין ביסל ארויפגעקלעטערט צו די סאמע הויכן פון יידישן ווארט, וואס ווערט אלץ מער דאס אייגנטום נישט נאר פון דיכטער אליין, נאר עס ווערט פארוואנדלט אין פאלקס פארמעגן. און דער דיכטער ווייסט, אז „וואס שולדיקער די שולד,

אַלץ פּרימער איז איר חוב, וואָס ערלעכער דער גאַנג, אַלץ בישטיקער דער לויב". און נאָך מער ווייסט אַ יידישער דיכטער, ער ווייסט, אַז — „צו שרייבן יידיש איז צו טרעטן זייטיק". און דאָס איז אַ וועג אָן שכר. אָבער אַ עכטער און גערעכטער וועג. לכתחילה קאָן זיין איז דער וועג אפשר נישט געווען אַ אַליינינקער, ער איז געווען באַצווייט, באַדריט, נאָר אין גאַנג זיינען די מיטגייער צעזייט געוואָרן, זיי האָבן זיךוואו פאַרלוירן, און די חברים זיינען געוואָרן גרים, און ס'האָבן זיך געשיידט די טריט.

בדיעבד אָבער איז דאָס באַזונדערע גיין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גליקלעכע מעגלעכקייט טיפער צו באַנעמען די באַהאַלטענע שיינקייטן, וואָס האָבן זיך פון ערגעץ־וואו אַרויסגעגאַנוועט און זיך אַריינגעגאַנוועט אומבאַמערקטערהייט אין דער נשמה. און די הנאה איז גאָר אַן אַנדערע, ווען מע גייט אַליין: קאָנטעמפּלאַציע. דער גאַנצער אַרום שפּרייט זיך הרחבה'דיקער פאַר דעם אַליינגייערס אויגן. און דער עיקר די לופט, די פרישע לופט, די פרישע באַרג־לופט, וואָס לויפט אַנטקעגן מיט אַלע זיבן טעמען, דערפון אָטעמט זיך לייכטער.

די איינזאַמקייט, זי שפּירט יעדער קינסטלער. און אויך לעיעלעס, ווען ער גייט זיך אַמאָל אַ שטעל־אָפּ אויפן וועג, כאַפּט ער זיך, אַז ער איז אַליין, און ער קלאָגט זיך:

„מיט וויפל טעג איינזאַמקייט
דאַרף איך צאָלן פאַר רעגע־צוויי־דריי־פּירזאַמקייט".

ס'געפיל איז עס פון בישט באַלוינטן גאַנג. און דאָס איז אייגנטליך דער שכר פון יעדער בויער און פון יעדן בעל־חלום, וואָס וועט קיינמאָל אפשר נישט זען זיין טרוים אין אַ לבוש פון ווירקלעכקייט אַ באַקליידטן.

אין תוך איז איינזאַמקייט דער קוואַל פון די דערהויבנסט באַגייסטערונגען. אין דער איינזאַמקייט ווערן געבוירן די שענסטע אידייען, וואָס באַקומען ערשט שפּעטער פליגלען און לאָזן זיך מיט שוואונג אין די אויסגעחלומטע הויכן. זייער וויג איז אָבער געווען אין די טיפסטע איינזאַמקייטן פון דער מענטשלעכער נשמה.

קיין אַבסאָלוטע איינזאַמקייט איז נישט בנמצא. זי מוז באַוואוינט ווערן. אַנישט איז זי די גרענעץ פון נישט זיין. איינזאַמקייט איז: באַסטאַלגיע, בענקשאַפט, וואָס זענען גורם די אידלסטע באַשטרעבונגען. אין דער תפילה בלחש איז דער מענטש אַ סך מער מסוגל צו באַהעפטן זיך מיטן רבונו של עולם, ווי אין דעם קאָלעקטיוון באַכשרייען דעם שליח־ציבור: „אמן. און כאָטש פון דעם קאָלעקטיוון געשריי איז שווער צו אַנטרינען, איז פאַר דעם קינסטלער די איינזאַמקייט — דער עיר מקלט פאַר זיין יחידישן עבודת הבורא, דער נאָענטסטער וועג — צו זיך. און פון זיך — צום קאָלעקטיוו.

ג.

## שעפערישע בענקשאַפט

דיכטער וואָס זייַנען געבענטשט מיט שעפערישער בענקשאַפט, זייַנען צומאָל קליינע בר־מזלס בהנה־צו־זייַן פון דער פרייד, וואָס גייט־אויף אויף דעם מיט פייַן צעאַקערטן פעלד. דאָס איז אויך איינער פון די מאָטיוון, וואָס באַפרוכפּערן: פּייַן. ביי אידן איז אַפילו אָט־דער עלעמענט אַן אַנדער־רער. ביי די אומות העולם איז עס דער אַזוי־גערופענער „וועלט־שמערץ", דער זאָרג פאַר דער אַבסטראַקטער וועלט; ביי אונדז קאָן אַזאַ זאַך נישט טרעפן; מע קאָן נישט טרויערן איבער דער וועלט גלאַט אין דער וועלט אַריין; מע מוז דעם טרויער ערגעץ־וואו קאָנצענטרירן, איינזאַפּן, דעסטי־לירן. און דאָס קאָן מען טאָן נאָר דעמלט, ווען מען בליקט אַריין אין זיך און פון זיך צום אַרום. צום פאָלק אינגאַנצן איז אוממעגלעך צו קוקן, צום יחיד יאָ. און אַפילו פאָלק הייבט זיך אָן פון יחיד. ס'איז פאַראַן אַן אַלגעמיין מענטשלעכע איינזאַמקייט, נישט נאָר פון דעם איינצעלנעם מענטשן, אָבער — אויסגעדריקט קאָן זי נישט ווערן אַנדערש, ווי נאָר דורכן אינדיווידי.

אין דער ניט־אידישער ליטעראַטור זענען די פּאָעטן געקומען אויף גרייטן. די ליטעראַטור אַליין האָט פאַר זיי אָנגעברייט פון פריער גאַנצע אוצרות, זיי האָבן נאָר געדאַרפט קומען — און שעפּן. ביי אונדז האָט איט־לעכער געמוזט אָנגרייטן אין מיטן וואָך, אַז ער זאָל קענען האָבן וואָס צו עסן — שבת. יעדער האָט געדאַרפט אָנהייבן פון בראשית, מען האָט גע־דאַרפט נאָך באַשאַפן דעם תנועות־אות, אויסגעפינען דאָס רויע וואָרט און אים שלייפן, און דאָס פּאַרטיקע אויסוויילן. די מער באַוואוסטזיניקע יידי־שע דיכטער וואָס זייַנען געקומען אין דער יידישער ליטעראַטור נישט נאָר צו געפינען פּלאַץ פאַר זיך, נאָר נאָר די ליטעראַטור אַליין דערהויבן, זי צעמענטירן פון גרונט־אויס און איר צוגעבן אויך עסטעטישע מראה, — זיי האָבן זיך געמוזט האַלטן ביי דעם נישט אידישן (און אידישליכן) כלל, אַז צום ערשטן איז געווען דאָס וואָרט.

די יידישע שפּראַך האָט נאָך נישט געהאַט אין זיך דעם נויטיקן אָפּקלייב פאַר פּאָעטישער לעקסיק. דער דיכטער האָט געמוזט באַשאַפן — און שאַפן אַ יש־מאין. דאָס וואָרט אַליין איז ווייניק, מע דאַרף אים אויס־שיילן און אויסגעפינען אין אים דעם קערן דעם סאָק — דעם סוד. און נישט אומזיסט האָבן דיכטער פון די עלטסטע צייטן־אָן געזוכט אין וואָרט די פאַרבאָרגנסטע רמזים, ווייל אין דעם סוד פון וואָרט, ליגט דער יסוד פון קינסטלער. זוכן פון אויבנאויף איז נישט דער וועג פון דעם זוכער. כדי אויסצוגעפינען קוואַלן, טיפע ברונימער, דאַרף מען גראָבן.

אין דער אידישער פּאָעזיע האָט א. לעיעלעס נישט געזוכט דאָס אויבנאויפיקע; זיין אויג איז קיינמאָל נישט געפאַלן אויף דעם אויבערשיכט, און ער האָט נישט געוואָלט אַפילו טועם־זיין פון דעם וואָס איז געלעגן מיט

דער האַנט צו דערלאַנגען. אים האָט נישט אָפּגעשראָקן זיך אַרײַערצו־בויגן איבערן ראַנד, כדי צו קענען אַ בליק טאָן אין אָפּגרונט. און אין שווערסטן גאַנג זײַנעם, וואָס ער האָט זיך אַליין אויסגעקליבן, שטעלט ער זיך אָפּטמאָל־אָפּ נאָכצוטראַכטן און זיך אַרומקוקן וואו איז ער ערגעץ אין דער וועלט און דורך טיפערן אַרײַנטעמען דאָס געזעענע צו זײַן ביכו־לת אויסצוגעפינען דאָס פאַרהוילענע פון פשוטן אויג. און מע דאַרף פאַרמאָגן געהיימע שליסלען אויפצועפענען די סוד־שלעסער פון דער ווירקלעכקייט. די ווירקלעכקייט איז אײַנגעשלאָסן אין זיבן הויטן. דעם עפּידערמיס, די איבערפלאַך פון זאַכן קאָן יעדערער אָנטאַפּן. צו די טי־פערע שיכטן פון לעבן, צו דער זיבעטער הויט — דאַרף מען זיך דער־גרונטעווען. און ווײַל אונטער די אונטערשיכטן פון זאַכן איז נישט תּמיד צו ליכטיק, מוז דער דיכטער פון זיך אויסלאָדן זײַן אינטווייניקסטע ליכט צו באַלויכטן דאָס אייגענע גראָבן זיך צו דעם זאָם, ס׳קערנדל, וואָס איז נאָך וואו פאַרהיטלט און פאַרטונקלט מיט אַלערליי אָנוואוקסן. צו אָט דעם פאַרבאָרגענעם זאָמען, אונטער די זיבן פלאָסטן פון דער ווירקלעכ־קייט גראָבט זיך יעדער קינסטלער, נאָר נישט יעדן איז געגעבן צו געפינען גראָד יענעם קערנדל, וואָס אין אים ליגט די ברכה פון וואוקס.

אין לעצטן סך הכּל, קאָן זײַן ,איז דאָס געפינען נישט מער ווי אַ געבענטשטע בלינדקייט; אַ מין זעקסטערחוש צו דערשפּירן אַראָמאַט; צו דערהערן אַן אומדערהערטן ניגון, וואָס די שטילקייט אַליין זינגט, און דערזען דאָס אומגעזעענע ליכט, וואָס שלאָגט אַרויס פון די הײלן פון פינצטערניש. צו זײַן געשלאָגן מיט אַזאַ בלינדקייט אָבער — מיינט צו זײַן אַ קינסטלער, וואָס איז געבענטשט אָנצוטאַפּן דעם סוד, וואָס ליגט אונטער דער איבערפלאַך פון זאַכן. אין דיכטונג איז אָט דער סוד — דער שליסל צום וואָרט.

א. לעיעלעס האָט דעם סוד געוואוסט גלײַך ביים אַרײַנטרעטן אין דער יידישער ליטעראַטור, ער האָט גלײַך זיך געלאָזט אין לאַבירינט פון דעם יידישן לשון אויסצוגעפינען דעם איינציקן וואָרט ,אים מזוג זײַן מיט אַ צווייטן און באַשאַפן, דורך אָט דעם געבענטשטן פּאָר, אַ גאַנצע משפּחה. דאָס איז דער עכטסטער און ריכטיקסטער וועג פון דיכטער: דער וועג צום וואָרט.

ד.

## וואָרט און שטאָם

א. לעיעלעס האָט געפילט אַז אין דעם גליקלעכן שידוך פון וואָרט, איז זײַן שליחות אין דער אידישער פּאָעזיע. און ער האָט עס געהאַלטן פאַר אַ הייליקער פליכט. און ווײַל ער איז דיכטער פון קלאָרן חשבון, האָט ער געוואוסט אַ פּריאָרי, אַז פליכט איז ,,אמתדיקע" פאָר צום הויך־געפּרייזטן גראַדן, זאַכלעכן פאַרשטאַנד". דער זאַכלעכער פאַרשטאַנד מעג אָנטייל נע־מען אין דעם דיכטערס יצירה, ס׳מאַכט גאָרנישט אויס, דער אינטעלעקט איז אַ גלייכער שותּף צום געפיל ,און ווען מע איז זיך משדך קומען אַרויס

אי שיינע, אי קלוגע קינדער. ער האָט פון אָנהייב אָן געוואוסט, לעיעלעס, אַז דער דיכטער קאָן נישט אין שלאַבערדיקע ווערטער, אין נישט קיין אַדעקוואַטער פאָרם אַריינגעמען זיין ליידנשאַפטלעכע סענסיביליטעט; ער מוז געפינען פורעם פאַר זיין לעבנס־געפיל און לעבנס־קוק, אַז דורך דעם זאָל ער קומען מיט דעם אייגנס וואָס איז אים באַשערט .א .לעיעלעס איז געקומען אין דער ליטעראַטור, ווען זי איז נישט געווען אין איר סאַמע אָנהייב, אָבער זי איז נאָך געווען נישט ווייט אַוועקגעגאַנגען אויף דעם דרך פון וואָרט־לייטערונג און וואָרט ביוואַנסירונג. זי האָט נאָך נישט אַריינגענומען דעם באַזונדערן יידישן וואָרט אין לאַבאראַטאָריע אויף אַנאַליז, כדי אויסצוגעפינען זיין ראַדיאָ־אַקטיוויטעט. און הגם עס זיינען שוין געווען דיכטער מיט פאַרנעם דעמלט אין דער אידישער פּאָעזיע ,איז אָבער געווען לעיעלעס דער ,וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר זיין עובדה, פאַר זיין לעבנס ציל דאָס יידישע וואָרט צו דערהויבן ווי אַן אָרימאַן פון די מיסטן. ער האָט פאַרשטאַנען וואָס אַלע דיכטער פון אַלע שפּראַכן פאַרשטייען אַז זיי קאָנען נישט שאַפן קיין ווערק, אויב דער כלי־זיין איז נישט קיין ריכטיקער, אויב דער מאַטעריאַל איז נישט קיין אַדעקוואַטער . . .

תוך, אינהאַלט איז נויטיק, זייער נויטיק, און די יידישע מוזע (זי איז זיכער אַ מאַסקולינישע, זי איז אַ מוז) האָט שוין דעם דיכטער אונדזערן באַזאָרגט מיט דער טעמע, וואָס זאָל ריידן עלאָקוועגטער ווי אַלע אַנדערע טעמעס פון דיכטער ביי די אומות העולם. מיר האָבן אַזויפיל טראַגיק אין אונדזער לעבן און אַזויפיל ווידעראַנאַנדיקע איבערלעבענישן און פאַרוואַנדלונגען, אַז ווען דער דיכטער זאָל זיי נאָכגיין, וועט ער האָבן גענוג צו זינגען און צו זאָגן. די דאָזיקע גאַמע מאָטיוון איז במילא געוואָרן דאָס אייגנטום פון אונדזער פּאָעזיע. דער אופן אָבער אַרויסצוברענגען דעם באַזונדערן יידישן פּייזאַזש, די פּאָעטישע עקזאַקטקייט, די וואָג און מאָס האָבן געפעלט. און הגם עס איז אַלף־בית, האָט מען ביי אונדז זיך געוויכוחט וועגן דעם.

די ראָד פון אונדזער פּאָעטישער עוואָלוציע האָט זיך געדרייט מיט אַ לאַנגזאַמען טעמפּ און אַרום שוין אַן אָפּגענוצטער אַקס. מע האָט געמוזט אַביסל אַ רודער טאָן די ראָד. לעיעלעס האָט דעם וואָגן פון דער אידישער פּאָעזיע אַוועקגעטריבן באַרג אַרויף. אויב נישט וואָלט געמוזט קומען אַן אומפאַרמיידלעכער באַרג־אַראָפּ. וואָרט אַליין איז וויניק; סוף כּף סוף איז וואָרט נישט עפּעס אַן אָפּגעריסן רינגעלע פון אַן אומוויכטיקער קייט, נאָר עס איז ערגעץ־וואו פאַרבונדן, פאַרקניפּט, עס האָט אַ מקור. דער מקור איז שטאַם, פאָלק, מע דאַרף ליב האָבן דעם באַשעפער פון דעם וואָרט דאָס פאָלק, אויב מע וויל דאָס וואָרט אַליין ליב האָבן. און מע מוז זיך אָפּטובלען אין די געשיכטלעכע וואַסערן, כדי פון דאָרטן אַרויסקומען, ריינער און געלייטערטער. און לעיעלעס האָט זיך געמאַכט אַ נסיעהלע אין דער פאַרגאַנגענהייט. און ער האָט זיך אונטערגעטונקען אין די טערמישע וואַ־

סערן פון דעם נעכטן, כדי נאָך מער צו דערשפּירן דעם היינט. נעכטן און היינט — איין שטח פון אידיש־ביגוואַלטיקן קיום. און אויף אָט דעם שטח דערשיינען אָן אויפהער נאַציאָנאַלע כאַראַקטערן אין דער ליטעראַטור, ווי אין לעבן. כאַראַקטערן פון דעם יידישן מענטשן, דעם בעל מאמין. דער כאַראַקטער שטריך פון בעל־בטחון, וואָס דורך די שווערסטע וואָלקנדיקע טעג, טראָגט ער — מיט מיט זיך אַ מין לויכטנדיקן אָפּטימיזם פון גלויבן אין טאָג פון דערלייזונג. דער דאָזיקער מענטש, וואָס טראָגט מיט זיך ווי אַ סימבאָל, זיין עסענציעלע איינגעגלויבטקייט, קאָן הייסן אין דער יידישער געשיכטע און אין דער ליטעראַטור: שלמה מולכו אָדער שלמה אַליין (שלמה פון דער שבת־יום־טובדיקייט פון יידישן לעבן), ער קאָן זיין אַ פּשוטער תהילים־ייד אָדער אַ ר׳ עקיבאָ, אַ מהר״ם פון רוטענבערג צי אַן אשר לעמלען, אַ איד פון מיטלאַלטער מיט דעם מאָדנעם נאָמען לואיס דע טאָררעס, צי גאָר אַ ייד פון אונדזערע איצטיקע טעג, מיטן נאָמען ישראל; טראָגן טראָגט ער מיט זיך סיווי אָט דעם כאַראַקטער שטריך זיינעם, וואָס דריקט זיך אויס אין איינגעשפּאַרטן גלויבן אין גערעכטיקייט. דאָס איז דאָס ליכט פון יידישן אָפּטימיזם דורך די טראַגישסטע טעג אַפילו, וואָס לעבט איבער אונדזער דור. און דערפאַר האָט דער עכטער יידישער וואָרט־קינסטלער, ווען ער האָט אין פלוג גאָר געזוכט נייע פאָרמען פאַר זיין נייעם וואָרט נישט פאַרגעסן זיך צו ווענדן צום עלטסטן, אייביק זיך איבערחזרנדיקן אַמאָל און טרינקען פון זיינע לויטערסטע קוואַלן. דאָס זענען ווי נישט געשריבענע גזירות פאַר דעם יידישן קינסטלער. גזירות שאין רוב הציבור יכול לעמוד בהן. און אויך די דאָזיקע גזירות זענען חל געווען אויפן דיכטער לעיעלעס.

ה.

## געצאַמטע אומגעדולד

דאָס וואָרטן אויף משיחן אָן אויפהער, און די אָנוואַקסנדיקע אומגעדולד ביים יידישן מענטשן, האָט אויסגעאַרבעט אין אים אַ ווילנסקראַפט, וואָס צוימט זיין אומגעדולד, לויטערט זיין אומגעדולד, לויטערט זיין בענקשאַפט נאָך גאולה. און אָט די בענקשאַפטן זיינען אייגנטימלעך די יידישע שאַפער פון דער נייער ליטעראַטור. און יעדער איינער אויף זיין אופן זוכט די דאָזיקע געלייטערטע בענקשאַפט צו געשטאַלטן. א. לעיעלעס האָט די דאָזיקע נאָסטאַלגיע, די ספּעציפיש־יידישע, איבערגעגעבן דורך דער פּערזאָניפיצירונג פון זיין צווייטער געשטאַלט, פאַביוס לינד.

אמת, פאַביוס לינד איז אַ פאַראיצטיקע געשטאַלט, אַ געשטאַלט, וואָס איז אַרויסאַנטפּלעקט געוואָרן דורכן מיסטישן פלאָנטער פון דער מבולבלער צייט, וואָס מיר לעבן, אָבער אַ טיף אין זיך אַריינבליקנדיקע געשטאַלט איז עס, וואָס קומט אַריין אין דער נאָענטקייט און קוקט אַריבער אין דער ווייטקייט, זעט דורך די אויסגעקלאָרטע פענצטער פון נעכטן דאָס יידיש לעבן און דורך נאָך פאַרנעפּלטע שויבן פון מאָרגן .

ער זעט אַפילו די דרויסנדיקייט מיט יידישע אויגן, דעם אָרום, דעם פּייזאַזש. און דערפאַר האָט לעיעלעס'עס צווייטע געשטאַלט געקאָנט דערזען אין בראָנקס־פּאַרק פון דער מעטראָפּאָליע ניו יאָרק, אַ „מחנה וואָרקער חסידים", וואָס האָט זיך ריין־יידישלעך אויסגעלייגט אויפן פעלד פון דער שטאָט, קייענדיק אַ גרעזל, אַ שטרוי, און קוקן אַזוי דורך פאַרצאָגטע בערד אין פרומען וואַרטן אויף אים־זאָל־לעבן־קומען. דאָס איז איצטי־קייט געזען דורך רעטראָספּעקט, און דערפאַר די פאַרוואָגלונג, די היימי־שע רעמיניסענץ. די באַפרוכפּערנדיקע פּאָעטישע פאַנטאַזיע איז עס וואָס אַסאָציאירט איבערלעבענישן און פאַרקניפּט איבערגעריסענע חלום־פּע־דעם, וואָס זייער קנויל־פלאָנטער האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו קנוילן זיך אין דער פּסיכיק.

און ער האָט ליב די דיכטער־גאַס די יידישע — זיין היים לעיעלעס, ער האָט זי ליב מער גאָר, ווייל „דאָרטן ווימלט מיט בעל־שמס און יעזו־סיסטן" און עס „שטורמען קריפּלס הייליקע אַ וועלט". און צו אָט די שטורמער ציט עס אים; צום אַלטן שטאַם — דורך דעם אַליינזאַמען גאַנג זיינעם; פון דער ענגער סטעשקע צום ברייטן וועג פון פאָלק. און נאָר פּאַ־ראַלעל מיטן ברייטן טאַקט פון פאָלק, קומען זיך אַפילו פאַראַלעלע ליניעס אין דער מאַטעמאַטיק צונויף, זאָל זיין אין דער אומענדליכקייט, אָבער זיי קומען זיך צונויף.

און דאָס גאַנצע יידישע שאַפן איז, אויב איר ווילט, אַ שאַפן אין חלל פון צייטן, אין דער ווייטקייט פון דורות. און דאָך איז „גוט — צו ראַנגלען זיך מיט וואָרט איצט. מיטן וואָרט וואָס איז עקשנות, וואָס ציילט בית־עולמס און באַפעלט: פאַרגעסן! און „ס'איז גוט — וואַרפן אין דעם פּיסק פון וועלטס־איקאָנעס די קללה־יידיש און דעם יידיש־נס".

„מע זאָגט דער נס באַדאַרף שוין איצט רחמנות,
פאַרמשפּט פאַביוסלינדס פאַרקלערטער פּערז.
זאָל זיין . . . ביז ס'הוסטן אויס זיך אַלע וראָנעס
קאָן אויכעט אונטערגיין דער אוניווערז . . ."

(א. לעיעלעס, „פאַביוס לינד", ז. 241)

אַזוי פירט דעם חשבון מיט זיך און מיט וועלט לעיעלעס'עס אָפּגע־שפּאָלטענע געשטאַלט — פאַביוס לינד, אַז דער „אַלטער שטאַם איז מיד — פון צופיל האַוועך אויף וועגן, וואָס צו ברייט און באַלד צו שמאָל", און ס'קאָן פלאַצן די געדולד פון דער אומגעדולדיקייט צו וואַרטן — וועט דער דיכטער „אָנטאָן אויף אומגעדולד אַ צאַם", איינגעשפּאַרט וואַרטן אויפן אייביק קומענדיקן נס.

די צעריסנקייט פון אַ גאַנצן דור שלאָגט אַרויס פון פאַביוס לינדס איינגעשפּאַרטער פאַרצווייפלונג. און יידישע עקשנות איז פאַראַן אין דעם, וואָס פאַביוס לינד דער איינגעגלויבטער צווייפלער, ווי פּאַראַדאָקסאַל עס זאָל נישט קלינגען, איז דווקא אַ בעלן אויף כסדרדיקן נסיון; אַ בעלן איז

ער „אויף די קעלטן פון ראַנד־געפלי, פון איינשטעל און געוועט". ער וואָס קומט אַרויס פון מאַנען, אַז עס איז בישטאָ ווער עס זאָל באַצאָלן טראָגט דעם שווערן יאָך און מאָנט נישט קיין סך דערפאַר. ווייל ער ווייסט: אַזויפיל אָנגעזאַמלטע אַלטע חובות.

„ווער ס'מאָנט אַ סך — צאָלט קיינער נישט קיין צאָל אים.
איז פאַביוס לינד מיט זיך אַליין אין קריג —
איז ער געוויס נישט מיט זיין דור בשלום" — —

און אַפילו דער ביבלישער לייטער יעקבס איז נישט יעקבס חלום פאַר אים, נאָר עס איז „דער שווערער גאַנג דורך וואָר, וואָס שלאָגט סיי מלאכים־און־טייוואָלים. „און — „אַלע ליבע־שנאות פון דעם דור"; דאָס איז די בוכהאַלטעריע פון אַ גאַנצער גענעראַציע: איינמאָנען חובות פון דורות ;אייביקע שולדן פון אַ וועלט, וואָס איז אַליין, נעבעך, באַנקראָט, — דאָס איז די געצאַמטע באַציאָנאַלע אומגעדולד אין גדרים פון דויער אַריינגענומענע, דאָס אייביק־יידישע וואַרטן אויף קומענדיקע טעג. און נאָר דער דיכטער, וואָ סאיז געבענטשט מיט העלזען ,קאָן, אין מיטן שטור־רעם „דערזען — „דאָ און דאָרט אַ צייכן, ווי אָנוויין שאַרפער אויף אַ קלאָרן וועג". און פאַביוס לינד זינגט דורך פאַרצווייפלונג אַ לויב צו די גלויבקע; פאַר דעם מאמין קאָן די „קעלט פון שפּאָט" אַפילו „ציינדן היסטן פלאַם" און ווי דורך אַ כישוף, „מיט נייקייט אומגעריכטער באַרוישט דעם אַלטנס אייביק, יונגער צוויט" די טיפע וואָרצלען פון דעם שטאַם.

## דער זין פון באַנייאונג

א. לעיעלעס אַקצענטירט זיין דיכטערישן אני מאמין דורך דעם וואָס ער זוכט קאָנסטאַנטע באַנייאונג; פאַריונגערונג פון אַלטן שטאַם מיט דעם אויסשפּראָץ פון יונגען צוויט. אין דעם פרט איז ער אַ לייב־לעכער ברודער פון אַ דיכטער פון אַן עלטערן דור, יהואש. אויך ער איז געווען אַ באַנייער, און געהאַלטן אין איין זוכן „פאַר דעם גאָט וואָס פאַרזייט נייעם שפּראָץ". דאָס איז דער באַוואוסטזיניקער יידישער גאַנג פון וואָרט. אין דעם יידישן וואָרט איז כסדר פאָרגעקומען אַ באַנייאונג. דעמלט אַפילו ווען דער מענטש איז געווען דער הויפּט־אָביעקט האָט מען אַל קגעהאַלטן אין זוכן נייע אויסדרוק פאָרמען פאַר די נייע באַגריפן, וואָס זענען געוואַקסן.

בשעת די נביאים האָבן געמאָנט יושר, האָבן זיי פריער פון אַלץ באַ־שאַפן די טערמינען וואָס זאָלן איבערגעבן זייערע מיינונגען. זיי האָבן אויסגעפורעמט אַן אימפּעטיקע שפּראַך, וואָס זאָל אָנצינדן מיט דעם מאַ־נערישן פאַטאָס וואָס זיי האָבן געטראָגן אין זיך, ווי מוכיחים; אין דעם טיגל פון זייערע אויפגעהייצטע געמיטער איז זייער לשון געפורעמט גע־וואָרן. דער ווערט פון דעם נביאישן וואָרט איז אויך באַשטאַנען אין דעם, וואָס עס איז באַצווייט געוואָרן מיט נייעם שפּראָץ; באַנייאונג פון שורש, וואָס זאָל מיט זאַפטיקייט אָנגיסן דעם צווייג.

די דאָזיקע באַנייאונג, ווי אַ פּראָצעס איז אָן אומאויפהער באַנייט געוואָרן דורך יידישע שאַפער און באַשאַפער פון ווערטן, נישט נאָר פון ווערטער. אָבער — עס איז געטאָן געוואָרן דורך דעם וואָרט־באַנייאונג קודם כל. שפּינאָזע, ווען ער האָט באַטראַכט דעם באַגריף סובסטאַנץ פון פילאָסאָפישן שטאַנדפּונקט, האָט ער געשטעלט אונטער אַן עקזאַמען דעם עצם וואָרט אאין דעם אויסדרוק פון אָט דעם באַגריף, — און פון דעם פילאָסאָפישן איז אויך געוואָרן אַ שפּראַכלעכע פּראָבלעם. און יעדער דיכטער מוז באַכאַנאַנד זוכן און געפינען נייע ווערטער און אופנים ווי אויסצודריקן די וואַקסנדיקע נייע באַגריפן אין אים; ער מוז זיך באַנייען און די פורעמס אין וואָסערע ער וויל אַריינגיסן נייעם תוכן. אָבער באַנייאונג אַליין האָט קיין זין נישט, ווען אין איר זאָל נישט אַריינגעטאָן ווערן אַ טיפער זין. דאָס אַרומשניידן אַ צווייגל איז נישט נישט נאָר מחמת דעם וואָס דאָס ברעגל זיינס האַלט אין וועלקן, נאָר דער עיקר צוליב דעם, אַז עס זאָל אָפּוואַקסן און ס'זאָלן אויף אים אויסשפּראָצן נייע קנאָספּן. און נישט דאָס צווייגל איז דער עיקר, נאָר דער גאַנצער בוים.

דער דיכטער לעיעלעס, ווען ער באַזינגט „פּאַרטרויליכע בלעטער” אויף אַ פרילינג־בוים, און עס דוכט זיך אים אויס, אַז „אין ליכט פון מעריב־זון הענגען זיי לופטיקע, זאַפטיקע, ווי אַליין אין דער לופטן; אָן אַנהאַלט, אָן צווייגן, אָן שטאָם און אָן וואָרצלען, — כאַפּט ער זיך באַלד אַז דאָס איז אַן אוממעגלעכקייט; און אויב ער זעט עס נישט באַשיינפּערלעך ווייסט ער אָבער און שפּירט דעם זאַפט פון די וואָרצלען, דעם באַגער פון די קנאָספּן, די פעסטקייט פון שטאָם, דאָס זעלבסטוואוסטזיין פון גאַנצן בוים”.

כ'האָב בכיוון אונטערגעשטראָכן דעם לעצטן זאַג זיינעם מחמת דער גאַנצקייט פון וואָרט אויסדרוק און צו ליב דער אידיי וואָס לעבט אין אָט דעם ליד לעיעלעסעס, דאָס זעלבסטבאַוואוסטזיניקע פון דיכטער אַליין, אַז בלעטער און בלימלעך קאָנען נישט הענגען אין דער לופטן אויף „בלימה” נאָר זיי מוזן שפּירן דעם זאַפט פון די וואָרצלען, ציען פון זיי יניקה. און ווי דער דיכטער זאָל נישט זיין צעזומערט און צעפּריידיקט, שפּירט ער תמיד דעם טיפערן זין פון דער באַנייאונג, וואָס קומט פאָר אין דער נאַטור.

„אַ וואָגלשטראַל האָט אויף מיר זיך אָפּגעשטעלט
און מאָנט: לייז אויס, באַזין.”

ווער ווייסט פון וואַנען אָט דער וואָגלשטראַל איז געקומען צום דיכטער, אָבער ער מאָנט ביי אים באַזינונג, און ער זאָגט אים: שיינקייט — איז ווייניק־ מען דאַרף אויך האָבן וואו אָן אַנהאַלט. זעלבסטבאַוואוסטזיין און אידיי! אַ פּאַרוואָס דאַרף מען האָבן צו קענען דערגרייכן „צום העכסטן טויער דורך טיפסטע טאָלן”. און אַז מען זוכט באַזינונג און אַז מען פאַר־

טראַכט זיך איבער דער סיבה פון דער סובסטאַנץ, דערטראַכט מען זיך, אַז זי איז אייביק, מעגן די פענאָמענען ווי זיך פאַרענדערן באַנייען די בלעטעלעך פון בוים, דער וואָרצל נערט מיט זיין זאַפט און וועקט דעם באַגער פון די קנאָספּן.

און אין לעבן פון יחיד איז דאָס באַוואוסטזיין זיינער, אַז ער איז אַ פאָרזעצונג פון אַ נעכטן, וואָס האָט אים איבערגעלאָזט זאַפטן, וואָס דערנערן אים היינט. און ווען דער דיכטער לעיעלעס זוכט זיינע וואָרצלען און ער ווענדעט זיך צו זיינע אבות, צום שטאַם און וואָרצל פון בוים, געפינט ער אויס, אַז זיינע זיידעס, זיינען געוואַקסן (אין פוילן) ווי אין דעמבן־ראַמען, פאַרוואָרצלט טיף ווי דעמבעס און ווי זיי געגרינט.

געגרינט מיט לעבנס־קראַפט, מיט זון און ווינט,
מיט לוסט פון איינגעצאַמטע און געזונטע פלאַמען"
ראנדאָס ז. 12)

די פאָרם פון זיין וואָרט איז געווען אַ וודאי אַ באַנייטע (מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק), אָבער דער תוכן — אַן אַלטער, אַ שורשדיקער. און ווי שכל־הישרדיק עס זאָל נישט קלינגען, אַז די דעמבענע זיידעס זיינע, וואָס האָבן זיך גענערט מיט זון און ווינט, וואָלטן אויך געדאַרפט זיין פריי ווי דער ווינט, זאָגט אָבער דער דיכטער, און מיר גלייבן אים, אַז זיי האָבן אין זיך געצאַמט דעם לוסט פון די געזונטע פלאַמען".

און וועגן זיין טאַטן זאָגט ער:

„קלאָר זיין וועג, זיין גאַנג — אַ ווירע, מער אַ געבער, ווי אַ נעמער,
גאָר אַ שלעכטער קאָמפּראָמיסלער און אָן פשרות — נישט קיין זיג
האָט געטרייסט זיין בלייבן דרויסן פון באַקוועמען האַרבעריג,
בלויז די ליבע פון די שילער דור נאָך דור ביי זיין באַלעמער.

און די־אַ אונקאָמפּראָמיסלעכקייט האָט לעיעלעס ,ווייזט אויס ,פיר'־ירש'נט פון זיין גלייכוויריקן טאַטן און נאָך האָט ער געאַרבט פון אים: דעם געבאָט צו זוכן קאָנסטאַנט דעם קוואַל פון עבר, ווי אַ דערקוויקונג צום דורשט אין שעהן פון אַליינקייט או זאין רגעס פון הונגעריקן חלום.

## חלום נישט פאַרווירקלעכטער

דיכטער קענען נישט זיין אָפּגעזונדערט פון דעם אַרום סיידן זיי זיינען נעפּל־צייכענער אין ווינט. דאָס נאַציאָנאַלע בילד האָט אַן אוני־ווערסאַלן הינטערגרונט. און מען קאָן ניט מאָלן קיין בילד אָן אַ פּערעספּעקטיוו.

ישראל בין העמים — איז געשיכטלעכער גורל. און ווי ביטער די גויאישע וועלט זאָל ניט זיין צו אונדז, קאָנען מיר אָן איר נישט געדייען. און אין דעם איז אפשר פאַראַן אַ מיסטישער זין וואָלט איך זאָגן, אַן אי־בערכה, וואָס הערשט איבערן יידידישן גייסט, און מיט אָט דעם איבער־כח קאָנען מיר זיך נישט קיין עצה טאָן.

מיר ראַנגלען זיך — און בלייבן דאָך ביי אונדזער גייסט.

לעיעלעס דערציילט פון טאַטן זיינעם:

„ביי מיין ערשטן אָפּפאָר האָט ער קלוג גערעדט פון בחירה,
מיר דערמאָנט, אַז איך זאָל אַ איד זיין, זיך דערמאָנט אָן יאָרנלויף.
און נאָך ניינצן יאָר האָב איך גערעדט פון ספר היצירה
פון בעל שם, ארי און מולכו, וועגן איובס „את הטוב".

(פּאַביוס לינד ז. 8)

עסענציעלע גייסטיקייט אידישע אין לאָגלען, וואָס גרויסע און אייבי־קע גייסטער האָבן צוגעגרייט. און ווי דער „צווייג" זאָל נישט האָבן געווען דערשפּירט דעם „גוואַלטריס" און „דער שטאַם די הייסע ראַנע", זיינען אין יאָרנלויף אים דער גוואַלטריט פון זון, אי די ראַנע פון טאַטן פאַר־היילט געוואָרן. און וואָס שייך זאָגן: פאַרהיילט? די היילונג איז — דער גלייכווייקער גאַנג פון טאַטן און זון, די געצאַמטע לוסט פון פלאַמיקע בענקשאַפטן צום העכערן פייער — דאָס פייער פון בטחון אין מענטשן.

דערפאַר האָט דער בעל חלום זיך אַזוי ביטער אַנטוישט, ווען ער האָט דערזען, אַז טרוים קאָן בשום אופן נישט ווערן וואָר. און ווען ס׳האָט זיך געדאַכט ,אַז די גאולה איז שוין אויף דער גאַז; אַלע אָנשיקעניש וואָס האָבן זי געדאַרפט כאַראַקטעריזירן זיינען שוין געווען ווי בולטע סמנים פון איר קומען; זי האָט זיך טאַקע דאָ און דאָרטן אַ ווייז געטאָן, ווי אַ שטיקל ליכט דורך כמאַרעס ,און געקומען איז זי נישט, — האָט עס דעם חלומער, דעם אומהיילבאַרן זעער אַריינגעוואָרפן אין תהום פון יאוש.

און פונדאָסניי זיינען שאַרף פאַר אים געשטעלט געוואָרן די פּראָב־לעמען פון גוטס און שלעכטס, פון שטראָף און פאַרברעכן. עס האָט דעם בעל חלום אַריינגעוואָרפן אין פאַראייניזאַמטן מיסטישן עיגול פון אומ־דערקלערלעכע דערשיינונגען: פון איין זייט שטאָלפּערדיקע דערהויבונג פון באַפרייערישן געדאַנק און פון דער אַנדער זייט די ברוטאַלסטע אַראָפּני־דערונג צו זאָאָלאָגישער אינסטינקטן־וועלט.

די הון פּרעסט אויף אירע נאַר־וואָס אויסגעפּיקטע אייעלעך. די גאולה פּרעסט אויף אירע קינדער. און עס וויינט דער פאַרשוועכטער גע־דאַנק .און דער דיכטער, וואָס כאַפּט אויף יעדן ציפער און שוידער, כאַפּט אויך אויף דעם מאָנענדיקן געוויין, און ער וויל אים געשטאַלטן. און ווי דער נביא האָט פאַרגליכן די חרובע הייליקע שטאָט צו אַן אלמנה, פאַר־גלייכט אַ היינטיקער דיכטער די חרובע געוואָרענע אידיי פון באַפרייאונג מיטן עלנט פון אַן אלמנה.

א. לעיעלעס געשטאַלטיקט דעם גאַרן צער פון א דור אין די לאַ־מענטן פון אַן אַליינגעבליבענער אלמנה — אין אַ פּראָסטיק קאַלטער נאַכט. דאָס איז דער צער פון אַ דור, וואָס איז קראַנק, אַלט און מיד, און זעט אויס, ווי „אַ דעקאָראַציע לאַנג אַרויס פון סטיל".

לעיעלעס פּאָעמע „די אלמנה און ער" —איז די פּאָעמע פון דורכ־

געפּאַלענעם גליובן. ווייִנט אין דער נאַכט די פאַראיינזאַמטע אלמנה:

אײנזאַם בין איך. צוויי מאָל יונגשאַפט איז ניטאָ.
אויך נישט צוויי מאָל אָנהייב. צוויי מאָל פּלי פאַראויס״.

איז דאָס נישט דאָס געוויין פון דער אַלמנה, נאָר דער געקלאָג פון די קינדער פון אַ דור; אָן איכה איז דאָס איבער דעם חורבן פון אַן אי־דייע.

אַ יידישער דיכטער וועט אָבער די אידיי פון באַפרייאונג, די שענס־טע אידייע נישט איבערלאָזן אין געשטאַלט פון אַ וויינענדיקער אלמנה אין אַ פּראַקטיקער נאַכט. ער מוז די אידייע שטאַרקן, איר אײנשפּריצן יונגבלוט און ער לאָזט דער ניט־יידישער אלמנה ריידן אין אַ יידיש־נבי־אישן טאָן פאַר די קומענדיקע דורות:

„איך באַשווער אייך דורות, דורות שפּעטערע,
נישט געדענקט דאָס נידערן, נישט געדענקט די פּלאָך.
ווי, ווען אים דעם מיטן שטייגן, קלעטערן
קומט פון דיר אַליין אַ שטים און קרעכצט: ביזט שוואַך!״

מע טאָר נישט שוואַך זיין; לעיעלעס וויל געפינען אַן אַנשפּאַר פאַר דער געפּלאַצטער אידייע אין דער געשיכטע און ער געפינט, און אויך דער בעל־חלום, קאָן נישט און דאַרף נישט זיין קיין מן הצד קוקער, — והראיה ביירן.

און ער זאָגט וועגן אים, לעיעלעס: „וואָרט אַליין איז נישט שאַרף געננג צו שניידן גורל״ און דערפאַר האָט „דער דיכטער זיך אויסגעברענט אין פייער״ און ווי אַן אַקאָרד צו דעם דאָזיקן געדאַנק, לאָזט ער פאַלן, אַז דאָס איז זיין ווערק״; — דאָס ווערק פון פּאָעט: — די פאַרבליבענע אי־דיי — זיך אָפּצוגעבן פאַר דעם מיטמענטשן. דער יידישער געדאַנק פון קרבן עולה.

די אַלמנה, וואָס קלאָגט זיך פאַר אים — דעם פּריצייטיק אומגעקו־מענעם פאַר דער פאַרווירקליכונג פון זיין חלום, — און וויל פון אים אַרויסקריגן ענטפערס אויף שאלות וואָס פּייניקן זי און פּלאָגן, — איז זי דער סימבאָל פון אַ באַגראָבענער גרויסער אידייע פון אונדזער אָפּגענאַרטן דור; אַן אידייע, וואָס מיר וואָלטן זי אַלע געוואָלט דערוואָרעמען און לעבע־דיק מאַכן מיט אונדזער אָטעם. ווייל אָן איר, אָן דער אידייע איז אוממעג־לעך צו לעבן. און אָן דעם יידישן געדאַנק אוודאי און אוודאי נישט. דער יידישער געדאַנק איז דאָך דער געדאַנק פון דער פולער גאולה. און דער קלאָג פון די דורכגעפאַלענע גאולות, אָדער רעוואָלוציעס אויב איר ווילט דווקא אַ פאַראיצטיקן וואָרט, איז אויך אַ יידישער קלאָג. און דער־פאַר קלאָגט לעיעלעס דעם קלאָג פון דער חרוב געוואָרענער נישט יידי־שער גאולה, פּונקט ווי זי וואָלט געווען אונדזערע: דורך איר דורכפאַל איז ממילא דערווייטערט געוואָרן דער געבענטשטער יידישער אויסלייז־טאָג

אונדז באַקאַנט איז די טרער, וואָס רינט ביטער אַליין
און ווערט שטיין״.

שטיין״.

ז.

## דער וועג צום פאָלק

דער סימבאָל פון יידישן פלאַטער חלום — די גאָלדענע פאַווע, — דער פראַכטיקער פויגל, וואָס איז געוועזן די יידישע פאַנטאַסטיק אַליין, — געפינט זיך שוין איצטער נישט אַפילו ביי דעם פאַרליבטן דיכטער אין שיינקייטן, קיין אַנדער מאַרשרוט ווי נאָר צו פליען — צום בייזן און הייסן סמבטיון, „וואָס שיסט מיט פּעך און שוועבל״. און די כשרע אידישע ציגעלע, וואָס איז אַ וועלט אויסגעוועזן און געהאַנדלט מיט ראָזשינקעס און מאַנדלען״. געפינט קיין בעסערס און שענערס היינט, און קיין „כשרס ווי האָרץ־בלוט״ און קיין ריינערס ווי טרערן״. דאָס איז דער וועלט־ריטם פון טרערן אין דער יידישער פּאָעזיע וואָס האָט נישט אויסגעמיטן קיינעם, קיינעם — און נישט דעם דיכטער, מיט אַ באַזונדערן חוש פאַר זעלטענע שיינקייט שניצערייען און פאַרעם־פורעמס פאַר זיין ביגונדיקן וואָרט, און ער איז זיך משתתף מיט דעם צער פון פאָלק אין זיינע „גורל שטונדן שפּעטע״.

איטלעך וואָרט פון דיכטער איז באַהויכט מיט אַ נעפּל פון אומטיכטיקן טרויער, וואָס קומט הן פון דער מורא, וואָס שלומערט ביים קינסטלער נישט צו קענען אַרויסברענגען דאָס טיפסטע פון דער נשמה, והן פון דעם וואָס דער אייגענער טרויער איז נישט גענוג, אַז מע זאָל קענען פון אים געשטאַלטן דעם צער פון פאָלק. און ווי זיין וועג זאָל נישט זיין אַליין, לעיעלעס׳עס, גייען ערגעץ־וואו פּאַראַלעל מיט אים, אָפּגעזונדערטע בעלשמ׳ס, און צילן מיט זייער גאַנג צום באַרגשפּיץ פון דעם יידיש־ניסימדיקן זיין.

און מיט הללויה־געזאַנג ווערט פול זיין מויל צו די יענעקע יידישע וואָרט־מייסטערס וואָס האָבן אַריינגעטאָן יוגנטלעכן פערמענט אין דעם יידישן וואָרט און אים באַנייט און באַפּרוכפּערט. און מיט געצאַמטער באַגייסטערונג, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַרן פּאָעט פון פלאַמיקן וואָרט, בענטשט ער יענעם מוסטער־מייסטער, „וואָס אין זיין טואונג ווערט נתעלה״ — באַלוינונג פאַר „מי׳ און פורעם״.

**און ער ווייסט לעיעלעס. אַז הגם די עובדה פון פּאָעט, איז צופעדעמען דעם אורן־וועלט־געוואַנט, איז אָבער פאַראַן אַ צייט,** און דאָס איז דער צעצויטער צייט פון אונזער איבטיקייט, יוען „די טאַט (איז) די מעסטונג פאַר דעם פורעמער פון וואָרט״.

און אַזאַ זוניק צעזונגענער דיכטער, ווי לעיעלעס׳עס גערעאָטענער תלמיד, א. סוצקעווער, ווען ס׳האָבן אים „באַגעגנט גורלס גרוילקסטע באַזוכער, „און דער טייוול האָט געשפּילט זיין „לעסטערישע קאָרט׳׳ אין

**אַזאַרט „פון ברוין און שוואַרצע זאַווערוכעס", — האָט ער באַשטימט זיין פּאָעטישע שליחות" אויף דער לענגסטער דויער:"**

„צו טראָגן מוט צו דעם פאַרוויסטן יידיש טויער
און אויף יאוש זאָגן: ניין, און אויף בטחון: יאָ. — "

**דאָס איז דער טראַגישער, אָבער איינגעגלויבטער גאַנג צום פאָלק.**

**און יעדער דיכטער דאַרף אויף אָט דעם וועג גיין, וויפל קרבנות ער זאָל נישט דאַרפן ברענגען, דערברענגענדיק זיך צום פאָלק: און דורך דעם בטחונדיקן וואָרט זיינעם וואָס יעדער יידישער דיכטער טראָגט־מיט, ווי טרויעריק ער זאָל נישט זיין אין בוך, טראָגט ער מוט צו דעם פאַרוויסטן יידישן טויער, וואָס וועט פאַרט אַמאָל אויפעפענען זיך צום געגאַרטן און געוואַרטן מאָרגן לאַנד. און אָט דעם שליחותדיקן יידישן וואָרט — טראָגט אויף זיין איינזאַמען וועג, —דעם וועג, וואָס גייט באַזונדער אין דער יידי־שער דיכטונג, — דער דיכטער א. לעיעלעס.**

● אברהם שלאָנסקי  פון העברעאיש ה. גאָלדאָווסקי

# אָנטפּלעקונג

און עלי איז זייער אַלט . . .
און עליס קינדער זענען נידערטרעכ־
טיקע און דאָס אינגל האָט געדינט
פאַר יהוהן.  (שמואל א. ב.)

ס'האָט עמיצער גערופן ,
געזאָגט האָט עמיצער: הער!
וואָס?
ווער?

עלי זאָגט: גיי, רו !
עלי זאָגט: אומזיסט! וואו?
עלי זאָגט: קיין זעאונג, מיין אויג איז שוואַך.

נאָר ווידער רופט מען מיך,
נאָר ווידער זאָגט מען: הער !
ווי זאָל איך ענטפערן, כ'בין גרייט, כ'בין וואַך?

— אוי, זין, מיינע זין!
אַלטער עלי קלאָגט אין חצות אויף זיין געלעגער,
און ס'ליגט אין מיר די וועלט פאַרוואונדעט ווי א שקיעה
אין אַ וואָלקן פגר.

כ'האָב געוואוסט דאָך קומען וועט יעהאָווע,
מיט שטורעם אויסקושן אייער ווי און ווינד,
און אַלט איז עלי און נידערטרעכטיק — זיינע זין,
און איך בין נאָך אַ קינד.

נאָר אָטאָ שרייט די וועלט, זי ווייטיקט און זי זינגט,
און פונם מזרח־רויט אַ פינגער־בליץ מיך רופט:

— גאָט מיינער, רייד, ווייל איך, דיין קנעכט, פאַרנעם.

**

אוי ווי צו מיין גורל, צו זיין דאָ אַ מויל,
איך געפרואווטער צעווישן די מענטשן ,
וואָס האָב איך באַוויליקט דיין שליחות צו גיין
און הויבן די הענט אויף צו בענטשן?

מע רינגלט אַרום מיך: צאַפּ טוי פּאַר אונדז אָן,
מע בעט מיך: אַ שטערן רייס אויס!
צי זאָל איך דעם קליגסטן אַנטפּלעקן דעם סוד:
מיין ברודער, נביאות? ס'איז אויס!

זאָל איך אים אַנטפּלעקן? ער וועט ביט פאַרשטיין,
ער וועט אין די גאַסן צעפּויקן מיין שאַנד,
און אויסרופן וועט מען: זעט, ער איז באַנקראָט,
לויפט אַלע בעלי חובות און כאַפּט אים ביים האַנט!
עס וועלן פּראַצענטניקעס צוואיילן זיך:
דעם וועקסל באַצאָל אונדז, ס'פּראַצענט גיב אונדז אָפּ!
אַ גאָט, צו וואָס האָב איך באַוויליקט צו גיין,
ווען רוח־הקודש דו טוסט פון מיר אָפּ.

# ל ך  ל ך

תפלות פון אַ גאַנץ יאָר
לויטן מנהג אַשכנז, פוילן, ליטע און רייסין

אַזוי איז געווען פאַרשריבן אויפן שער בלאַט פונם אַלטן סידור
אין וועלכן ס'פלעגט מיין זיידע עליו השלום (אַלי שאַלעם)
זיך אויסטענהן מיט זיין באַשעפער אויף לשון קודש . . .

אין דעם און דעם יאָר איז מיין גוטער זיידע נפטר געוואָרן
און מ'עט אים מקבר געווען לויטן אידישן דין — — —
זיידעניו,
אַ קדיש ציטערט אויף די לעפצן פון דער וועלט
און קיין זאָגער איז ביטאָ.
דיין אייניקל?
אַ, מיין נשמה איז אַ מזוזה מיט פאַרמעקטן ש ד י,
דער זיידע וועט ביט קומען מער דיך קושן,
וועט ביט קומען.

בין איך אַוועק —
אָן אַ טלית־תפילין,
אָן אַ וועג־תפילה אין מויל פון טאַטע־מאַמע.
ווער האָט עס אונטער שטערן אויסגעקריצט פ ע י ־ ב ו ב ע ן
אין בית עלמנדיקן הימל?

בינט ווי יונה אין זיין צייט,
וואָס איז אין תרשיש־שטאָט אַנטלאָפן פון זיין גאָט,
בין איך אַוועק צום שיף, וואָס פאָרט קיין ארץ ישראל,
איך בין געפאָרן תחנונים בעטן:
זיי מוחל, טאַטעניו אין הימל!

געקויפט אַ בילעט,
פאַרבונדן מיין זעקל,
און אַ צענויפגעדרייטער, ווי אַ אידיש פעקל,
האָב איך פאַרנומען דעם חלוצימס הייליקן געזאַנג:
עם ישראל חי
עם ישראל חי
עם ישראל — עם ישראל — עם ישראל
חי
נאָר עמיצער האָט זיך אַרויסגערוקט פון מיין פאַרבונדן בינטל,
אַ האַרבאַטער ווי אַ פראַגע־צייכן:
און ר ב י ש ר א ל ?
און אַרום מיר איז אַן אביון פונקט אַזאַ ווי איך געזעסן
און צוגעברומט דאָס וואויל־באַקאַנטע לידל:
אין מיטן וועג שטייט אַ בוים,
שטייט ער איינגעבויגן,
פאָרט אַ איד אין ארץ ישראל
מיט פאַרוויינטע אויגן.

*

און ווייט איבערן ים ליגט אַ מדינה איטאַליע:
אַ פעלקעלע — אַ מזמור און הימלען — אַקוואַרעלן,
און קבצנים וויסטע בעטלען

מיט אַן אַריע פון פאַגליאַטשי.
און ווייט איבערן ים ליגט אַ כמורע בריטאַניע
און אַ ראַשיקע פראַנקרייך,
אַ דייטשלאַנד ,אַ האָלאַנד, די שווייץ

און ווייט איבערן ים ליגט אַ מדינה
אַ מ ע ר י ק ע

און איך רבי לוי יצחק בן שרה מבאַרדיטשעוו זאָג:
יתגדל ויתקדש ביה רבה

און ערגעץ וויינט אַ כשר׳ע מאַמע אַן איינאוניינציקע:
„אוי, אַ ריוועלע דער מאַמען״
אוי, מאַמע, מאַמע,
דיין בן־יקירל אברהמעלע
ווערט אָרעמער און אָרעמער,
ווי ער וואָלט קיין מאַמעס זון ניט געווען,
מאַמע כשרסטע אין אַלע וועלטן.

*

און אַ בריוול ווערט אָוועקגעשיקט:
לכבוד מיין טאַטן טייערן און מאַמע ליבינקער שיחיו
פון איינעם, וואָס באַהאַלט זיך אויס פון גאָט און מענטשן, אייער זון.
ראשית קום איך אייך צו מעלדן, ליבע טייערע,
אַז כב׳ין דאָ, גאָט צו דאַנקען, שטאַרק, איך בין געזונט.

און מיינט ניט חס ושלום,
אַז כ׳בין אין עצבות, וואַנדער טאָג ווי נאַכט אום אַן אַ פרייד,
און עדות איז מיר גאָט אַליין,
אַז אמת, ריכטיק זיינען מיינע רייד.

און עיקר שכחתי:
גערישט מיך עלצטן ברודער און עלטערער און איינגסטער שוועסטער
און מיינע פריינט, וואָס כ׳ליב ווי ברידער,
זיי זאָלן לעמאַנישעם נאָר ניט פאַרגעסן גאָט בעטן פאַר זייער
ברודער דעם פאַרוואָגלטן,
מחמת ס׳איז אים זייער ביטער.
און דאָס איז עס דער בריוו.

*

און אין דעם און דעם יאָר — —
און איך בין אין פראַנקרייך־לאַנד אָן אַ טלית־תפילין
און זוך אום אַ סידור תפילות צי גאָר סליחות
פאַרן מענטשן פונם אלף השישי.
ווייל אָט
היום — הייַנט איז דער און דער טאָג אין שבת,
אין וועלכן די לווים פלעגן זינגען,
אַ מזמור צו דעם פאָטער אונדזערן אין הימל,

און וואָסער מזמור זאָל איך זינגען פאַר די אייגענע לוויים (**באָלייטער**).
וואָס זייער צאָל איז פונקט שסה (365),
און אויב עס איז פאַר זיי גיטאָ קיין מזמור,
איז וואו זשע נעמט מען כאָטש די תפלה לעני?

*

און גאָט איז אַזוי ווייט אין הימל, אַזוי ווייט

און איך בין ניט קיין לוי יצחק, וואָס געווען איז זוכה
זיך אויסצושטעכן מיטן קדוש ברוך הוא
פנים אל פנים.

און איך בין ניט דער פאַסטוך צדיק,
וועמעס תפלה איז — אַ פייף אין אָרון קודש —
(אָ, תפלה נאַקעטע פון עם-הארצים!)

איך בין נאָר איינער פון די זין די אָרעמע,
פאַרטריבענע פון זייער פאָטערס טיש
אויף זעקסטן שטאָק פון אייראָפּייער הויפּטשטאָט,
און איך בין איינער פון די חצות-אָפּריכטער דאָ זייערע
דורך שלאָפלאָזיקייט און פּאַפּיראָסן-צי.
(אָ, דער יין המשומר פאַר גאָטס שטיפקינדער!)

ווײַלע אַ ווינט פאַרמאָגט דער האַרבסט דאָ, ווי אַ שמש
קלאַפּט ער, אויף די רעגן-פייכטע שויבן פונם 6-טן שטאָק
און רופט צו סליחות אויפן אַלטן שטייגער:
אברהם!
— כ'בין גרייט, ר' אלול! — —

וואָסער קלאַנג האָב איך פאַר תפלה?
וואָסער וועג צו סליחה?
און ווייט איז טאַטעניו אין הימל, אַזוי ווייט.
וועל איך זיך לאָזן יעדע נאַכט צום אייפל-טורעם,
דאָרט צו מתפלל זיין דורך ראַדיאָ צום רבונו של עולם.

*

רבונו של עולם,
אַ זון האָסטו אין דער מיט פון דיין וועלט,
איז זי ווי אַ שופר אַ גאָלדענער,
וואָס רופט מתפללים אין שול אַריין

רבונו של עולם,
אַ לבנה האָסטו אין דער מיט פון דיין וועלט,
ווען זי איז אין איר פולער גרויס,
איז זי ווי אַ תּפילה אַ גאָלדענער אויף דיין שיינעם קאָפּ.

רבונו של עולם,
אַ מענטשעלע האָסטו אין מיטן פון דיין וועלט
אין דיין געשטאַלט באַשאַפן מיט רויט בלוט און שסה אָדערן,
אָ, ממש ווי אַ טייל פון גאָט אין היכל.

נאָר, רבונו של עולם,
אַ אידעלע האָסטו צווישן די טויזנטער פון פאָלק ישראל,
וואָס דו האָסט אים באַשאַפן
און דו האָסט אבריב אויסגעטיילט אים אין זיין גוף
און ס'פעלט אים ניט קיין איינער פון דער צאָל רמח ((248) —
פאַרוואָס-זשע האָסטו אים באַשערט צו זיין אַ שניטער,
וואָס קומט מיט סערפּ אין פעלד אַריין אום שניט־צייט

און קען קיין זאַנגען ניט געפינען דאָרט?

אַ פאַרוואָס, רבונו של עולם?

## אָ ט

אָט איז לאַנד מיינס — ווילדער קערפער,
הויט ווי פאַרמעט — תורה־פאַרמעט,
און גאָטס וואָרט, געקריצט מיט קריץ־שטיפט
אויפן פאַרמעט.

וועלכער ווילדער קען עס לייענען
די מגילה פון אַ בראשית?
ווער וועט איינגעהילט אין טלית
זוכה זיין צו אַן עליה?

אפשר זיי גאָר, אָט די קעמלען,
פון גאָטס מדבר־וועג פאַרבלאָנדזשעט,
וואָס אָן פּיס פון כסא-כבוד
האָרבעס זייערע זיי קראַצן?

ס׳ליגן קעמלען פון גלבוע !

לעק, אַ תמוז־זון ,דעם קערפּער
פון מיין אויסגעטריקנט לאַנד דאָ ,
מירן מעלקן פון גאַכטס אייטערס
פאַר די הרודעס אירע מילך־טוי.

אפשר איז ער גאָר אַ העלפאַנט,
אויסגעריסן זיך פון צווישן
פיס פון ערשטן מענטשן אדם —

העי, אין גליל הויערט עדה
העלפאַנטן מיט פליכן־רוקנס.
קעמט, כאַמסינען, פליך פון גליל —
מירן גראָז פאַרזייען מאָרגן,
יה־חי־לי־לי
עמלי.

קי

לאַנגזאַם, לאַנגזאַם טרעטן גלייך די ווייסע קי
לאַנגזאַם, לאַנגזאַם טרייסלען זיי די פולע אייטערס.
ווייסע קי צעוואָרפן חנאי.
הנאָי! הנאָי!
קדושה־הנאי !

לאָמיר פולע הויפנס אָננעמען מיט דעם,
לאָמיר גופים אונדזערע זיך אויסשמירן מיט דעם,
ביז אָרונטערפאַלן וועלן שטערן פון אַ יעדער קרעץ,
ביז זיי וועלן ווערן קלענסטע קערנדלאַך פון זריעה,
ביז מירן באַמיסטיקט ווערן,
ביז מירן פאַרשווענגערן,
ווי מוטער ערד .

לאַנגזאַם בענען זיי דאָ איינע צו דער אַנדערער,
לאַנגזאַם לאָזן זיי די קעפּ אַרונטער, זיך צעמוקן
און פלוצים נעמען זיי
שוועלן — שוועלן — שוועלן —
פון די פולע מאָרגן־אייטערס טריפט געבענטשטע מילך

אויף מענטש און פעלד.
מילך, מילך, מילך פון גאָט!
אין שוואַנגערשאַפט געשוואָלן ציט זיך שוואַרצע ערד,
און וויבט מיט לאַפּע האַריקער איר גלעט דעם בויך דעם נאַקעטן.

מאָרגן — די גערעטעניש!
מאָרגן — שוין די שניט צייט!
מאָרגן קומט דער גאַרבן־בינדער.

***

אַ גאָט היל מיר איין מיין נשמה אין טלית
און זינג אויפן קול: בואי כלה!
אַ ווייבעלע שיין מיינס, צינד שבת־ליכט אָן שוין
און גרייט אָן אויף קידוש די חלה.

די נאַכט האָט געבענטשט שוין די שבת־ליכט אירע,
צום קידוש ליגט גרייט די לבנה,
ווען איך וועל אַ היים קומען היינט, די מזוזה
ביים טיר וועט מיך קושן זי מאָנען.

די שיף־קוימענס האָבן שוין אויפגעהערט רויכערן,
פאַרשטומט האָט געוויין פון סירענעס,
אַ הימל פון שבת אויף לאַנד מיינס איצט נידערט,
ווי באָבע אויף צאינה־וראינה.

ווייל זיבן טעג זיינען די טעג אין וואָך יעדער.
אַ מנורה מיט זיבן מיט ליכטער,
און ווער עס צינדט אָן אין זיין האַרץ אַ מנורה
איז צושטעלן בוימאויל פאַרפליכטעט.

אַ גיס־זשע דעם בוימאויל און זע דעם געזאַנג וואָס
עס פליסט פונם גאָלדענעם בעכער,
וואָס דו, אָ, מיין גאָט, האָסט מיט האַנט דיינס צעגאָסן
אויף זאַמדן פון לאַנד מיינס און דעכער,

געדענקסטו דאָס ליד, וואָס מיר, עולים, אויף שיפן
אויף פרעמדע געטאָן האָבן ברומען —
ווי גרויס עס וועט זיין אונדזער פרייד, ווען דער איד
וועט אין ארץ ישראל קומען?

צי האָסטו פֿאַרגעסן? דיין האַנט האָט דאָך זעגלען
אויף שיף פֿון די עולים צעשפּרייט דאַן.
איצט זיינען מיר ראוי צו זיצן די ערשטע
ביים שבת־טיש דיינעם אין פֿריידן.

אָ, גאָט, היל איין אונדזער נשמה אין טלית
און זינג אויפֿן קול: בואי כלה!
די חן־פּרויען אונדזערע ליכט וועלן בענטשן,
און מירן מאַכן קידוש אויף חלה.

## ● חנה סענעש

פֿון העברעאיש ה. גאָלדאָווסקי

## צו מיין מאַמען

וואו האָסטו געלערנט פֿאַרווישן די טרערן
און טראָגן דיין ווייטיק שטיל?
אין האַרצן באַהאַלטן און זיך ניט באַקלאָגן
אויף פּיינען און ליידן פֿיל?

הער, ווי דער ווינט
רייסט זיך געשווינט,
שרייט איבער בערג און אין טאָל.
הער, ווי דער ים
מיט רויש־טאַראַראַם
שלאָגט זיך אין פֿעלזנס שטאָל.

עס רוישט און עס ראַשט די גאַנצע נאַטור,
און צוימען האָבן קיין האָפּט.
פֿון וואַנען די שטילקייט בײַ דיר אינעם האַרץ?
וואו האָסטו געלערנט די קראַפֿט?

## מיין גוטן פֿריינט

יאָ, כ׳האָב פֿאַרוואונדערט, ניט פֿילנדיק ווי
די שלאַכט האָט פֿאַרוואונדעט אויך מיך.
פֿון עקן פֿון ביידע ז׳געוועזן שאַרף די פֿייל —
וועט לאָזן אַ סימן נאָך זיך.

## צו ברידער

ווען מיר הערן אויף,
נעמט איר דעם יאָדאויף
דער שווערן אַרויף
זיך אַליין.

בויט דאָ אויף דעם זאַמד
אונטער בלוי־הימל־ראַנד,
בויט אַלץ מיט אַנאַנד
פון דאָס ניי .

און ווייסט, אַז דער וועג
פון ווירדע, פון רעכט
איז ניט ביליק.

## צו שטאַרבן...

צו שטאַרבן?... יונג.... צו שטאַרבן... כ׳האָב עס ניט געוואָלט —
כ׳האָב ליב די זון, לבנה, שטערן,
דאָס ליכט, דאָס ליד, אַ גלאַנץ פון אַ פּאָר אויגן,
איך האָב דאָך ניט געוואָלט דעם קריג און די צעשטערונג,
איך האָב עס ניט געוואָלט ,אָ, ניין !

נאָר אויב ס׳איז לעבן מיר באַשערט
אין צייט פון חורבן און פון שווערד,
זאָג איך: געלויבט איז גאָט, כ׳בין דאָ,
מעג קומען אויך פון טויט די שעה
פאַר מיר אויף ערד דיינס, מיין געבורטלאַנד

## אַ ליד צום גליל

גליל, דײַנע בערג, פּונקט װי בערג אַלעמאָל,
דאָ געל און דאָ גרין, דאָ פעלז און דאָ טאָל,
ביים זייט זייערס שװעבט אום אַ שאָטנדל קיל,
נאָר אָט די בערג זיינען ניט דער גליל.

און אויך דײַנע פעלדער װי פעלד אומעטום:
אין שויס פון דער ערד ליגט דער סוד דאָרטן שטום
פון ברויט װײסן, פּרוכטן זיס־אײדעלע פיל,
נאָר אויך אָט די פעלדער איז ניט דער גליל

אַפילו די זין דײַנע — מענטשן ניט מער
מיט מי־טעג, װאָס ציען זיך לאַנגזאַם און שװער,
געזיכטער ,צעאַקערט מיט קנײטשן מיט פיל,
דאָך אויך אָט די זין זיינען ניט דער גליל,

נאָר איבער די בערג און אין הערצער פון זין
אַ צויבער פון טויזנטער יאָרן זיך שפּינט ,
און װײבט אין אַ פייפל־קלאַנג פײַנלעך און שטיל —
אָט דאָס איז גליל.

## אַ מינוט

אויף גרענעץ פון עברס צענטויזנטער יאָרן
און צײַט, װאָס װעט קומען נאָך מיר ,
כנרת, דײַן אײביקײט־פּנים מיט קושן
פון יוגנט הייס האָב איך באַרירט.

כ'האָב געציטערט, נאָר דו ביסט װי תמיד געלעגן,
דײַן אויסזען רואיק און קאַלט,
דײַן גוף אַזאַ רעגנדן, קלײנעם און צאַרטן
דער אָרעם פון באַרג־קײט באַהאַלט.

איך לאָז זיך אין װעג. צי כ'װעל קומען צוריק
און װען — װער װײס, װער װײס,
נאָר ברענען װעט אָנדענק פון אײביקײט־קוש
אויף מײַנע ליפּן הייס.

# אויפן וועג אין קסריה

שאַ, זאָלן פאַרשטילן די רייד
אויף יענער זייט זאַמד־ים צעשפּרייט,
אַט באַלד און פון נאָענטן פאָרט,
פון גאָלדענעם טייערן אָרט
אונדז ליבע געבורטלאַנד שוין ווינקט.

מיט פרייד־טריט אַריבערן שטיין
קומט לאָמיר צום פרעמדן פאָלק גיין
אַן קול פון געזאַנג, אַן אַ וואָרט
צום צוקונפט־פאַרגאַנגענהייט אָרט —
קסריה

און ווען מירן קומען אין חרובער שטאָט
און אויסשעפּטשען ווערטער אַ פּאָר גאָר, ווי אַט:
געקומען צוריק.
וועט שטיין־שטומקייט ענטפערן אונדז: עס איז וואָר
מיר האָבן דערוואַרט אייך שוין צוויי טויזנט יאָר.

# גינוסר *)

אין פינצטערע נעכט אין שוואַרצן פעלד
צעצונדענע ליכט האָבן שיין אויפגעהעלט
צום יום טוב פון בייט.

אין שוואַרצע נעכט אין ווייסן פעלד
די פלאַמען, צעשטערער פון דער וועלט,
זיך האָבן צעשפּרייט.

אין שוואַרץ־פעלד לאַנג
האָט טראַקטאָר־קלאַנג
די צוקונפט אונדז געבענטשט.

אין ווייס־פעלד ריסן
געקרעכצט אין גסיסה
האָט דער מענטש

---

*)געשריבן נאָכן יום טוב לכבוד דעם פאַראַקערן פון 500 דונאַם ערד און אין דער צייט פון שווערע שלאַכטן אויפן סאָוועטישן פראָנט.

## צו מוטערס אין גלות

אַ טאָג און צוויי, אַ וואָך און צוויי
און יאָר נאָך יאָר דערוואַרטן
אַ שורה, אַ בריוול, אַ קאַרטל.

און נעכט נאָך נעכט
אין גרויל־געפלעכט
פון שרעק־געשטאַלטן.

באַהאַלטן אַ טרער
אין בלוט — און צעשטער —
ימען —

וואָס איז דאָ צו זאָגן.
אַ בליק, אַ שטיל קלאָגן:
מאַמע!

## ווען וואָלסט מיר אַנטקעגן קומען

ווען וואָלסט אַנטקעגן קומען מיר אין גאַס
מיט הענט אין קעשענעס און שמייכל אין די אויגן
מיט קלאַנג פון טאַקט באַקאַנטן אינם טראַט.
ווי וואָלט איך געבליבן פון שרעק איבעראַשט
פון וואונדערלאַך־טייערער זעאונג אין שטאָט?

ביז ס׳וואָלט זיך דיין בילד צעשפרייט אין מיין טיף
צעשטערט דאָרט צוויפל מיט גערודער,
וואָלסט שלעפן די הענט מיר אַרומנעמען דיך
מיט שמייכל און טרערן: מיין ברודער!

## איינזאַמקייט

אַ מענטש אַ פאַרשטענדיקן ווען כ׳וואָלט באַגעגענען
אַן ווערטער, אָן אַ זיך קליגן,
אָן אַ ווידוי, אָן אַ ליגן
און אָן אַ פרעגן.

ווי אויף אַ טישטוך וואָלט איך אויסגעשפרייט
נשמהס טיף מיינס, האַרץ מיין וויסט,
דאָס גאַנצע גאָלד און אויך דאָס מיסט

פאַר דעם, וואָס מיך פאַרשטייט.
און ווען איך וואָלט מיין האַרץ באַרויבט
ביז דעק און אַלץ אים אָפּגעגעבן,
וואָלט איך מיין צער און וויי ווי פאַרטויבט —
איך בין פיל רייכער איצט געבליבן.

## אַ שפּאַציר אין קסריה

מיין גאָט עס זאָל גאָר ניט נעמען קיין עק
צום זאַמד אויפן ברעג,
צום ים־וואַסער טאַנץ,
צום הימלישן גלאַנץ,
צום מענטשנס געבעט.

## אַ קערנדל

אַ קערנדל ז׳געפאַלן, זיך פאַרזייט, אַ געלס
ניט אויפן גאַסנברוק, ניט אויף אַ פעלז.
שיכט פון שוואַרצערד, נעם אים אויף און באַשיץ
פון בייזן פראָסט פון ברענענדיקער היץ.

אַ קערנדל, אַ לעבעדיקס, אַ שאָלעכץ היט עס אָפּ,
פון אין סוף־סוד אַ קערנדל, אַ פיצעלע, אַ טראָפּ.
ער וואַרט נאָר אויף אַ רמז טיף אונטן אינם גרונט,
אויף פרילינג-וואָונק, אויף ליכט אַ שטראַל, אויף זון,

אויף טאָג.

## אין וועג

אַ קול האָט געוועקט, כ׳בין אַוועק,
כ׳בין אַוועק, ווייל אַ קול האָט געוועקט,
כ׳בין אַוועק — ניט צו פאַלן אין וועג .

נאָר אויף וועג־געקרייץ
האָט ווייסקייט קאַלטע מיר פאַרשטאָפּט מיין אויער
איך האָב געוויינט:
איך האָב פאַרלאָרן עפּעס און באַדויער.

## ביסט ניט אַליין

ביסט ניט אַליין. אָט איז דיין ים,
ער פרעגט דיך מיט זיין רויש־געקלאַנג,
וואָס איז דיין האָפנונג, טרוים אין וועג?
דערוואַרט האָבן אַלע דיין אָנקום אַהער:
דער זאַמד און דער ברעג, דער ים און די בערג.
זיי האָבן געוואוסט — וועסט אין שוואַרצע נעכט קומען.

און הימלס אויגן טויזנטער פון הויך
פאַרשטייען זייערע חברטעס דאָ אונטן אויך,
ווען זיי געבענטשן פון ים אין־סוף אַ טרער.

## אַ האָרע פון אַ גלות־טאָכטער

שפּרייט זיך און דרייט זיך אַ רוישיקע, ראַשיקע
האָרע אַראָפּ און אַ רוף
מיט צויבער פוןביידן:
פון טרויער און פריידן
זי ציט מיט מיין האַרץ און מיין גוף.

עס ציטערן אַקסלען, עס וויגן זיך טריט,
עס פלאַקערט דאָס ליד, און דער ניגון ער בריט:
אַ טאַנץ, אַ געזאַנג,
אַ תּפילה אָן קלאַנג
צום גאָט פון דער צוקונפט, וואָס שאַפן ז׳זיין דראַנג.

און פלוצים —
עס שוועבט אַ געשטאַלט פאַר מיין בליק,
פון חברס איך שלעפּ שוין מיין אָרעם צוריק,
און פרעמד ווערט מיין האַרצן דאָס ראַשיקע ליד,
אַ נאָענטע־פרעמדע באַצווינגט מיין געמיט.

די אויגן ,די בלויע, עס בעט זיך איר קוק,
אַ טרויעריק שווייגן ,פאַרעקשנט איר מויל.
איך בלייב אַזוי שטיל צווישן הונדערטער פיל ,
נאָר איך און זי אין וועלט פון גרויל.

# געקליבן בלומען

געקליבן די בלומען אין פעלדער, אויף בערג,
געאָטעמט דעם פריש פרילינג־ווינטל געהיים,
געשוואומען אין שטראַליקע פלאַמען פון זון
אין אונדזער געבורטלאַנד, אין אונדזער היים.

מיר גייען צו ברידער, וואָס לײדן אין פרעמד
פון ווינטער־קעלט, פראָסט און פון חושך געדיכט,
מיר טראָגן זיי בשורה פון פרילינג אין האָרץ
און זינגען אַ העלן געזאַנג צו דעם ליכט.

# אַז וואויל...

אַז וואויל דעם שוועבעלע פאַרברענטן, פלאַמען ט׳עס צעהעלט,
אַז וואויל די פלאַמען, וואָס האָבן די הערצער אויפגעהעלט,
אַז וואויל די הערצער, וואָס מיט כבוד האָבן זיי זיך אָפגעשטעלט.
אַז וואויל דעם שוועבעלע פאַרברענטן, פלאַמען ט׳עס צעהעלט.

● מאַטעס דייטש

# נ. ב. מינקאָוו – פּאָעטישער אינטעלעקט

אייגנאַרטיקייט איז שווער,
פאַרלאַנגט עס פון אונדז דעם גרויסן קלער;
אייגנאַרטיק קלערן איז אָפט ניט קלאָר,
טאָר מען עס ניט מעסטן מיט דער וואָר.

יהי אור! זאָל זיין וואַרטיק, ליכטיק וועט שוין ממילא ווערן. ס׳איז דאָס וואָרט וואָס האָלט אין איין ברענגען ליכטיקייט.

ס׳איז דאָס וואָרט וואָס שטעלט זיך פאַר גאָרניט אָפּ, דער לאָגוס וואָס צעליכטיקט אַלץ; ס׳איז דער ליכטיקער שטראָם וואָס ציט זיך זינט בראשית אָן און צעגיסט זיך אַריבער און אַרונטער אַלע יאָרהונדערטער און האַלט אין איין אָנטרונקען די דורות און אַלערליי פרייזעכע און טרויעריקע עפּאָכעס. עס שטעלט זיך ניט אָפּ. עס פאַרקערעוועט זיך אַמאָל, עס שפּרינגט אַריבער (סימבאָליש) עס פאַרטייעט זיך אַמאָל (מיסטיש) אָבער עס האַלט אין איין שטענדיקן פלייצן און עס האַלט אין איין אויפרייסן בייע שטראָמען און שווענקען די וואָרטיקע, אַלץ מער ליכטיקע, ווערטיקע וואָרטיקייט.

אַמאָל דערקייקלט עס זיך צו אַ גרויס פּאָעטיש געזאַנג — דער בעש״ט, וואַלט וויטמאַן — פילן עס אָן פול מיט התרוממות און עס רעדט צום לעבן מיט דריי מאָל אויסגערופענעם: קדוש! קדוש! קדוש. און פאַרקערט: אַמאָל ווערט עס אויך דער וויסטער געפילדער פון וואָרטגעווייסער מיט אַ איכהדיק און קינהדיק יאָמערן און קלאָגן — דער היטלערטאָל פון בלוט און מיט אַלערליי יסורים־טרערן. אָבער אויך דאָן אפילו, איז נאָך אַלץ דאָס אייגנעשפּאַרטע, איינגעקשנטע וואָרט דאָס וואָרט וואָס שרייט תורהדיק: יהי אור! זאָל זיין וואָרטיק! ליכטיק וועט שוין ממילא ווערן.

און עס ליכטלט זיך דורך, דורך אַלע שפּאַרונעס גלייך אין אונדז אַריין. ווארים בשעת מיר זיינען איכהדיק באַזעלט און קינהדיק צעקרעלט, איז דאָן ערשט דאָס איינגעשפּאַרטע, איינגעקשנטע וואָרט, צעליכטיקט און טיפוואָרטיק צעשטראַלט.

גען ווייך האָט שטילע וואַרשטאָטן;
קריג — היסטעריש־צעפינקלטע קוזניעס.

און דאָס וואָרט קומט דאָך סיי פון די שטילע וואַרשטאָטן און סיי פון די היסטעריש־צעפינקלטע קוזניעס אַרויס. האָט עס טאָקע דעם טרערנדיקן, בלוטיקן טעם, און דעם קויליקן, רויכיקן ריח; דעם לעבעדיקסטן

זשעסט און די פאַרגליווערטע אַגאָניע! עס פאַרמאָגט די שוועבנדיקע פלאַטערדיקייט פונעם לעבן און די שווערוואַגיקייט פונעם טויט! לכל הפחות דערמאָנט עס אונדז אינעם לעבן — דער וואַרעמער געדאַנק פאַר־זייעט עס און מיט ריטמישן קלאַנג בידערט עס אַראָפּ פונעם מויל. וואָרט איז די שילד פונעם לעבן אין יעדן טייטשן . . . נ. ב. מינקאָוו איז פון די פאָעטן אַמוראים, זיין בוך „ביים ראַנד" באַווייזט:

ער האָט יאוש אָבער ער איז ביי אים אַ קאָנטראָלירטער, דערפאַר איז ער ניט קיין דעפּרעסירטער נאָר אַ פרעגנדיקער, אַ זוכנדיקער; ער האָט פאַרצוויפלטקייט אָבער אויך אָט דער צוויפל זיינער איז אויך ניט מער ווי דער צייט'ס אָטעם וואָס הויכט אַרויס מיט איר תהו און שליידערט דעם פאָעט אין פנים אַריין איר בייזע כאַאָטישקייט פון אומגלויבן. ער מוז פאַרבייגיין ווי אַן אוריקאַן — ווען וועט ער זיך שוין ענדיקן?! אָט דאָס דריקט מינקאָוו, דער סוף! ווען קומט שוין דער סוף? ער ווייסט אַז די וועלט שטייט „ביים ראַנד" פונעם סאַמע אם־הדרך פון דעם מענטשנס דענקען און ווילן; וואָרים ער קייקלט זיך נאָך אין שטויס פון זיינע אור־טימלעכע וואַקכאַנאַליעס פון סטיכישע מעשים. און מינקאָוו פרעגט דער־ריבער טאָקע שווערמוטיק אָבער ניט אָן ביטחון: אומפאַרשטענדלעך . . .

איך האָב געזאָגט אַז מינקאָוו פרעגט, ניט אָן ביטחון. ווייל אין דער פערטער סטאַנזע איז ער אַזוי ממעמקימדיק צעווייטיק אמאי אין זיין פולן ביטחון מוז ער דווקא שרייען:

גאָט, פאַרלעש די לעצטע פונקען פון זיכרון.

און דאַן וואָלט ער נאָר געבליט — אַ דומם אָבער אַזוי איז עס גאָ־לע שמאַך און פיין:

און סאַראַ חוזק . . . הויך אין חשכות בליט
אַ וואָלקנדיק ־צעשויסטע האַנט.
און צינדט־אָן — בראשיתדיק — אַ שטערן,
וואָס ציטערט, וואַקסט, און בליט פון ראַנד צו ראַנד.

און אָט דאָ גיט ער אונדז די אנונג, די פּערצעפּציע וואָס בעמט אונדז פּילווייטער אַוועק ווי דער טרוקענער באַגריף — די עקזאַקטע קאָנ־צעפּציע. דעריבער הייבט ער תיכף אָן אין צווייטן ליד („לאָז שטאַרבן") פאַנאַנדערוויקלען די שוידערלעכע מגילות פון אונדזער גייסטיקייט:

אין טאָג, פון אומגלויבן, ווען ס'ליגט גאָטס ווערק צעבראָכן,
ווען זינגען זינגט קאַשמאַר, ווען ניסים — נוצלאָזער באַטרוג,
ניט רעד פון טייערע אבדות, ניט רעד פון טרייסט, דערצייל ניט פון בטחון.
מיר האָבן אַלץ געהאַט, מיר האָבן אַלץ געהאַט גענוג.

טאָ פאַרוואָס האָט עס ניט געאַרבעט? פאַרוואָס האָט עס ניט אויסגעע־האַלטן? און עס וועקן זיך אויף אין אים, ווי אין איובן די אומפאַרשטענד־לעכקייטן פון דעם וואָס צינדט אָן בראשיתדיק אַ שטערן נאָך אַ שטערן, אימער און תמיד; און ער צאָרנט־ אויף מיט פּראָטעסט קעגן דער אַלטער,

טויבער געדולדיקייט:
מיר צינדן ניט, מיר צינדן ניט קיין ליכט. מיר ווילן מער ניט צינדן
קיין שום פייער!
לאָזט שטאַרבן אָן פאַרשקלאָפטע בשורות.

דאָס איז דער זעלבער דראַמאַטישער מין זאָג וואָס עס זאָגט אים רב שלמה ביי פּרצן.

אָט אָ דער־אָ זאָג איז דאָס בלוט פון אַן אַנטוישטער אידייע אָבער ניט פון דער אוניווערסאַלער — די קאָסמישע גייסטיקייט. און מינקאָוו איז פול מיט איר — ס'איז זיין געזיכערטער ביטחון.

און ווייל זיין אַנונג דורך זיין פּאָעטישער פּערצעפּציע איז ניט קיין אינטואיטיווע נאָר די אינטעלעקטועלע זיכערקייט אַז גאָט ליידט צוויי מאָל איבערן מענטש; איינמאָל — איידער ער דאַרף אָנשיקן גורמדיק זיין בייזע שטראָף אויף אים, און דאָס צווייטע מאָל — בעת עס ליידט שוין טאַ־קע דער מענטש די יסורים פון זיין מקוימדיקער און שוין פאַקטישע באַ־שטראָפטקייט, ליידט גאָט מיט מיט־אים...

ער קומט צו צו דער איבעצייגטקייט פון איוב'ס לעצטער דערקענ־טעניש...

אָט די פּאָעטישע ספּיריטואַלקייט מינקאָוו'ס, האָט זיך צו מיר אַנטפּלעקט דורך זיין גאַנצן בוך „ביים ראַנד". איך האָב דערפילט דעם אמצת־כוח פון זיין וואָרט וואָס טראָגט מיט זיך די אינטימקייט פון יענער אַנונג וואָס קומוניקירט זיך מיט אַזאַ ספּיריטואַלער עמאָציע, אַן עמאָציע וואָס קומט פון דער גרויסער איבערלעבונג וואָס אַנטפּלעקט זיך ווען מ'קומט אין דער אַנוועזנהייט פון גרויסע געשעענישן.

ס'איז דאָס טיפסטע, פּראָפונדישע טראַכטן. זיין צימצומדיקייט פון וואָרט ווירקט אַז זיין ליד זאָל אַרבעטן אויף אַזאַ מין אופן איבער אונזער געמיט, טאַקע ווי נאָר ער וויל עס זאָל דורכפירן די פונקציע אַזוי אין דער פּערצעפּציע זיינער, איך וואָלט זאָגן: זיין קילע אַנונג. און זי איז ביי אים איינגעפורעמט אין אַ מוזיקאַל. און דאָס געניטע אויג, וואָס האָט שוין ניט איינמאָל פריי געוואַנדערט איבער די בייטן פון לידער, ווייסט, אַז לייענענ־דיק מינקאָוו'ס „ביים ראַנד" איז דאָ איין ברירה: דער ברייטער, אָפענער וועג, אויף וועלכן מ'מוז דורכגיין — פּאָעטישער אינטעלעקט.

ער אַרבעט ביי אים אָן די צעלאָזטע שפּיל־כלים פון גלאַטשטיינען, און אָן דעם אַנגעסטראָיעטן ווערד פון קלאַפּערגעצייגלעכער מייסטעריש־קייט פון לעיעלעסן.

טעמאַטיש זיינען כמעט אַלע יידישע פּאָעטן פון דער היטלער־צייט, אַלע ווי איינער, צוגעשטעלט צו דער זעלבער איינציקער וואָנט: חורבן און יידישער פּאַרטיליקט ווערן. און אַלע גייען זיי צו אים, אָן אויס־נאָם. מיט דער גרעסטער פּיעטעט און מיט ניט ווינציקער אויפגעטרייסלט־קייט.

אין מינקאָוו איז ניט אַנדערש פון קיינעם ,טעמאַטיש.

די ניין און צוואַנציק לידער זענען היינטצייטיקע מאָטיוון אין זיין בוך ,,ביים ראַנד" ,אָבער לחלוטין ניט קיין שרייענדיקע; זיי זיינען אַן דעם געפילדער וואָס מיר הערן אָפט ביי אַסך פּאָעטן; ס'איז שוין שוידערלעך וויטיקדיק, זיי אויפצונעמען (די שרייעוודיקע) מיט דעם אַליין וואָס זיי שטעלן אַן אַזוי גענייט די גוטע געצילטקייט זייערע פון די שרייענדיקע קאַנאָנען־פּיסקעס און מיר ווערן לייכט באַלד צעשאָסן. און מיר זיינען אפילו אויך ניט איינמאָל שטאַרק צופרידן וואָס מיר ווערן גרינג צעשאָסן; נו, איבערגעקומען . . .

אין דעם דאָזיקן בוך איז מינקאָוו ווי אַן עקספּאָזיציע פון אַ אייך־קינסטלער אויסגעשטעלטע אַרבעטן און דאָס פון גאָלע שטיל־לעבן געמעלן, פון שטיל טראַכטן פון שטיל־פרעגן און עס לויערט אויף אונדז מיט אַ דערקענטעניש פון ריינעם שכל. זייזיינען לידער פון ריינעם שכל. דער שכל וואָס קומט שוין נאָכאַלעמען .

דעריבער קען ער מיט אַזאַ געזעצמעסיקער שטרענקייט פאָדערן ,,לאָזט שטאַרבן".

דער טויט ,אַ זינלאָזער, אין שאָדנפריידיק הויערן
באַפאַלט, צעשענדט, צעפייניקט — ווען ס'לאָזט זיך נאָר.

טאָ צו וואָס נאָך ליאַרעמען און פאַרשליאַרעווען מיט געזאַנג פון גרויסן פּאַטאָס אין דיכטערישע באַפּוצאַכצן? אים מאַטערט דער געדאַנק:
איז וואָער געבליבן פונעם לעצטן קאַמער אויפצומאָנען וואָס ער האָט געזען?
און דעם יידישן חורבן האָבן ניט אַלע יידן געזען, כאָטש אים איבערגעלעבט אין פאַרשיידענע קאַשמאַרן, האָבן אים אַלע.קאַשמאַרן וואָס די פּאָעטן באַ־מיען זיך מיט זייער גאַנצער טאַלאַנטישקייט — איבערצוגעבן. און ס'איז גאָר ניט מעגלעך קיין ערגערער גהינום פאַרן מענטש, ווי זיין פאַרשטעלן זיך דעם אופן פונעם יידישן חורבן. נאָר פאַרט . . .

דער וואָס איז טאַקע ניט געווען אין דער לעצטער קאַמער ווייסט ניט, בשום אופן ניט, ווי אַזוי און מיט וואָס אויפצומאָנען און ווילאַנג, די מאָנונג, זאָל דויערן . . . ענדיקט ער דאָס ליד ,,דער לעצטער" מיטן אויספיר: אַז וויפיל מ'זאָל ניט אָפּצאָלן לויטן דין און שכל דעם שונא־יש־ראל, אומגליקלעך בלייבט דאָס האַרץ וואָס וועט שוין בלייבן אַ געליטנס אויף תמיד — עס קען זיך שוין ניט פרייען ס'יידישע האַרץ:
נאָר ערגעץ־וואו פאַרהוילן ,טיף־פאַרהוילן וויינט און וויינט דאָס האַרץ.
און דער שכל קען אַפילו ניט טרייסטן און ניט צימאָלס — וויינען.
אים איז פיל אומגליקלעך מאָל ערגער. ער דאַרף בלויז היבטערציען די סך־הכלען . . .

האַרץ. האַרץ. צייל ניט. ענטפער ניט.
זוך ניט, זוך ניט האַרץ, וועסט ניט געפינען.
סך־הכלען שטאַרבן אין לעצטן רויש פון לעצטע טריט.

סך־הכלען ווילן ניט און דאַרף ניט קיין שום באַגינען.
(האַרץ ענטפּער ביט . . . )

אין די ביין און צוואַנציק לידער זענען פאַראַן אי דער צלם אלקים, אי דער לעצטער קנויט, אי דאָס ניסימדיקע וואָרט, די גהינום־טירן, דער שטורעם, אונדזערע טעג, ביים טויטן וואַסער, די טויטע נאַכט, ביים גלי־ווערדיקן טייך, אי דער קוואַל, אליהו הנביא, אי אין הויז אומשטערבלעכן; אַ חוץ אַנדערע מאָטיוון וואָס זיינען סיי פּראָבלעמאַטיש און סיי ריין פּאָ־עטיש־קינסטלעריש .

אַלע יידן זיינען אין דער היטלער-צייט געוואָרן מער יידישער אָבער מער ווי אַלע איז דער פּאָעט געוואָרן יידישדיק. יעדער פּאָעט פון אונזער צייט, ראַנגלט זיך אַן אַ שיעור צו פאַרקערפּערן, צו פאַרענטפערן, און צו פאַראייביקן דעם נאַציאָנאַלן צער און ווייטיק, דעם פּאָלקס בראָך, פון אַלע פאַרמעסטן וועלן געוויס קומען אייניקע צום העכסטן אויסדרוק אָבער ס'וועט נאָך נעמען געוויס לאַנג ביז ס'וועט קומען צום לעצטן אויסדרוק.

מינקאָוו איז איינער פון די געציילטע ביי אונדז, וואָס האָט דער־גרייכט אָט די הויך וואָס איז ראוי אָנגערופן צו ווערן — קינסטלערישער דערגרייך, קינסטלערישע שלימות.

זיין ליד „ביים טויטן וואַסער" פירט אונדז דורך די פייערדיקע טויטן־געראַנגלען פון מלחמה, נאָר אַן דעם מלחמה־געשריי און אָן איר באַרבאַרישע היסטעריע. די אַנטלאָפענע קומען צוריק אין אַ טויט־שווייגנ־דיקער ווינטער־נאַכט און זיי זעען ווי אַלץ איז אין אַ פאַרפרוירענער בילד־ליכער טויטלעכקייט — אַ געמעל פון אַ מייסטער אַ מאָלער. אַ ווינטער־פּייזאַזש:

ניט ווייט פון נוסבוים שטייט אָפן אַ טיר. די נאַכט איז פראָסטיק שוואַרץ.
ניט ווייט פון שוועל פרירט אַ שטראָם. ביים שטראָם צוויי שאָטנס שטאַר.
אין הויז זיינען אַלע טויט. די גאַנצע געגנט טויט.
דער נוסבוים — דערטרונקען אין נאַכט .דער שטראָם איז טיף און רויט.

און עס וואַרפט אונדז אַריבער, די מחשבה, צום ביבלישן אייכנבוים וואָס איז געוואַקסן אין ממרא און לעם זיינע שאָטנס פלעג זיך אָפט טרעפן גאָט און אברהם. און מינקאָוו גיט איבער אַזוי געדאַנקען־בולט דעם חומש־דיקן אַמאָל אין אַ איצטיקן מאָל, פון גאָטס און אברהם'ס דינגעניש איבער סדום ועמורה; און דער מענטש און גאָט זיינען איצט ניט מער ווי צוויי שאָטנס פון געשטאַלטן וואָס טענהן אַ שטיל שווייגעניש פון אומגליק און חורבן:

. . . בן אדם רופט מיך צוריק.
. . . אין תהום ווען אַלץ איז דערשטיקט.
. . . זעט וואָס איר האָט דאָ צעטאָן ?
און דער מענטשישער שאָטן האָט אים צוריקגעשוויגן:
. . . ניטאָ שוין מער קיין זינען.
. . . דערמאָן, דערמאָן, כ'וועל נייער באַגינען.

אין צוואַנציק שורות, ניט מער, רופט ער אַרויס די סקרופולע אײ־בער דער מלחמה־וויסטעניש וואָס אַ פּראָזעניק וואָלט אַנגעווענט גענוג פאַרשריבענע בלעטלעך כדי אונדז אַזוי העפטיק צו באַשווערן מיטן געמיט.

אָט דאָס איז געשאַפן ווי אַ קופּערשטיך און אויך אַזוי שטעכט זיך עס אַריין אין אונדזער אויפפאַסונג. אין אונדזער נשמה; און ער זאָגט און זאָגט מאַלעריש:

דער נוסבוים פאַרטראָגן אין חלום: צוויי שאָטנס ביים בלוטיקן שטראָם.
ביים יבוק מיט שוויגן שטרייטן: גאָט או[ן] בשר ודם.

און ווי אַ שניט אין לייב גיט זיין שורה אין לעצטן אויספּיר אַ זאָג און מעסערט אונדזער געביין מיט אַלטע פּיינען:

קיינער האָט דאָרט ניט געזיגט. איך בין בלויז אַראָפּ פון זינען.

אָט דאָס איז דער פּשוטער כוח פונעם מאָדערנעם ליד; און פון פאַר־לער מייסטערשאַפט.

ס׳וואָלט געווען דאָ אַ גוטער פאַרגלייך צו זאָגן, אַז גלאַטשטיין איז דער סימפאָנישער אָרקעסטער, לעיעלעס דער דיריגענט און מינקאָוו — דער טשעלאָ־סאָלאָאיסט.

ווער האָט ניט באַזונגען די געשטאַלט אליהו הנביא? אַ מילדע, אַ פריידיקע און אַ בשורה־ברענגער — אליהו דער אַלטיטשקער, אַ גאָטס קינד ביי מינקאָוון איז ער אַ פאַרצווייפלטער אַליין פון זיין צופיל וואַרטן אויף דער גאולה און ער ברעכט שוין צוזאַמען באַגלייך מיט אַלע:

און אָט — אַ שליידער דעם זאַק
און אויסגעפּלאַצט אין געוויין.
שפּעטער — האָרט ביי דער וואַנט,
שפּעטער — דעם קאָפּ אין די הענט.

אין אַ פריערדיקער סטאַנזע האָט ער געמאָלן אַז מיר זיינען ניט מער ווי מתים .אַפילו ביים יום־הדין זיצן מיר ווי מתים. ווייל דער אָרום, די גאַנצע וועלט איז טויט צו אונדזערע געשעענישן. דעריבער ווען ס׳האָט שוין „ענדלעך גענומען טאָגן” האָבן אַלע אין פאַרוואונדערטקייט גענומען פרעגן „פון וואַנען? פאַרוואָס”? אַז סע האָט אַזוי לאַנג געדויערט די פּיינען, און לאַנג האָט גענומען, און חצות איז געבליבן חצות”.

און כאָטש ער ענדיקט:

אין דרויסן גייט אין ווייסן
אַ מת אין כעלות השעה .

נאָר ער האָט נאָך פריער טיף־טראַכטנדיק געזען:

ערגעץ־וואו גליט אַ טראָט,
אַ יש, אַ יש־מאין.

און אַז דער יש איז פאַראַן איז — אַלץ פאַראַן. נאָר נישט מער דער ייד איז אויס־גלויביקער ייד געוואָרן. אַן אָפּגעשטאַרבענער, אַן אַפּטריני־קער פון יידישער אַלקיומדיקייט. נאָר ניט דער פּאָעט. וועקט ער טאָקע

איצט מיט זיין לעצטן מתיש־כוח און גאַראַנטירט אַפילו סיי דעם ייד און סיי דעם מענטש בכלל:

העלער טאָג, שוין שעהן ווי גאָטס פייערדיק געזיכט קוקט אַלץ אָהער אַראָפּ.
אַן אָפּגעשטאָרבענעם איז מיר אַלץ איינס, צי ס׳איז גאָט, חסד צי זיין צאָרן.
נאָר איינס איז זיכער: כביכול קוקט און זעט און — שווייגט.
און קיינער מאָנט מער גאָרניט פון אים; אפילו איך, דער אומשולדיקסטער צווישן אַלע בכורן.

נאָר זייענדיק אַזאַ בעל ביטחון ווי ער איז, און פאַרמאָגנדיק די גע־וואונטשענע וויזיע, צערייסן זיך ביי אים די וואָלקנס און אַ ליכטיקע קיום־דיקע שיין באַווייזט זיך פאַר דעם דיכטער:

אַ ריס פון שלאָף, און זע — מיין אייניקל, אַ זקנה, לייענט שטיל די צאינה וראינה!

דאָס ליד פון וואַנען די פריערדיקער פערז איז ציטירט, רופט דער [illegible] אַן „ענדלעך״ . . . ס׳איז פון די געציילטע לידער וואָס פאַראייביקן די מלחמה־גרוילן פון דער מאוימדיקער היטלער־צייט און דאָס זיינען ניט קיין פאַרפיקסירטע כימערעס פון אַ וואַנזיניקן פאָעטישן מאַרך נאָר פון אַ אינטים ־דיכטערישן חזיון וואָס ער אַנט דורך זיין פאָעטישן אינטעלעקט פון ר׳יינעם שכל — יידיש־ירושהדיקער שכל — — —

ענדלעך־שלאָף .עס וואַכן בלויז די שלייפן,
קלאַפּן אויס דעם גזר. אָן חלום, אָן שום צווייפל.

ווי אַנטפּלעקט ס׳איז אַלץ פאַרן דיכטער, פאַר אונדז, פאַר דער גאַנצער געהייליקטער כנסת ישראל וואָס זעט די אונטערשטע שורה מיטן סך־הכל פונעם פאַלקס־חורבן — אָן חלום, אָן שום צווייפל. און ווי ברוטאַל ס׳איז דער אכזריותדיקער ענדלעך צו אונדז אַלעמען, פון דעסטוועגן פאַר־טויבט עס ניט דעם דיכטערס אויער און אויך ניט זיין בליק פאַרשטעלט עס ניט צו וועקנדיקן אַרום:

אין דרויסן רעדט פאַרשטעלט דער רעגן מיט דער רינווע.
לבנה שטעלט־אויס פּאַסטקעס, שפינט און שפינט מכלומרשט שפּינוועב.

לייענט נאָך אַמאָל איבער די ציטירטע צוויי פערזן און זעט ווי קרעפטיק עס זיינען דאָ די עקספּרעסיאָניסטישע אימאַזשן. דעם גאַנצן אומקום נעמען זיי אַריין אין זיך ווי אַ מעטאַלענע ראַם פון קאַלטן זילבער, כאָטש דער פּאָעט איז אין אַזאַ קילקייט, שילדערן אָבער די פערזן דער וועלטס גלייכגילט צו אונדזער אומגליק און בראָך.

און אָט אין דעם אופן פון שילדערן ליגט דער גרויסער כוח פון קינסטלערישער איינגעהאַלטנקייט, אָביעקטיווע קינסטלערישע פּראָפּאָר־ציע באַלאַנסירט די געפילן וואָס זיינען דווקא גרייט צום אויפפּלאַצן אין אַ היסטעריש געקראַכטווערן! אָבער שטאַרקער פון אַלץ איז די מייסטערשע האַנט וואָס פורעמט אויס די סימעטריע און פירט און דערפירט זיין ליד

פונקט צום קוואַל פון אַלע קוואַלן — צום האָרץ:
אין זעל האָט קיין שום שאָטן ניט געהאַט קיין שליטה.
איצט צאַפּלט דאָרט דאָס לעצטע פּייערל אין לאַפּעס פון געוויטער
ווי שוין פריער באַשטעטיקט:

דער פּאָעט איז ניט פאַרצווייפלט, ער איז ביט אין יאוש, הגם ער איז, אַ זאַנג טרוקענע, צווישן יענעם העלישן פייערל, איז ער אָבער טיף איינגעקרעפטיקט אין דער יידישער מסורה פונעם ערשטן ביבלישן אָנ־הייב און דאָס מאַכט אים צו זיין אַ באַווארנטער. ער איז באַפּאַנצערט מיט דעם ירושהדיקן אויסגעשמידטן ביטחון און ער גייט אַרום ווי אַ לע־גענדאַרישער פייער־זייל און קוקט צום פּינטעלע — צום אַלטן פּינטע־לע ייד:

ווי ס׳באַפאַלן ווילדע זשאונגען, באַפאַלן שלאַנגען און היענעס,
אַ ריס פון שלאָף, און זע — מיין איניקל אַ זקנה, לייענט שטיל
די צאינה־וראינה.
גייט אום אַ האַנט, לאָזט צייכנס אויף באַשטימטע טירן.
נביאיש לויפט יחזקאל אום אין פייער, ברענט אויס איטלעכע מסורה.

און אָט אַזוי זוכט ער דעם קדמון פאַר אונדז אויס און קומט צו אַזש ביזן צווייטן פון די יידישע אבות:
ניטאָ דער ווידער. אויך יצחק איז פאַרברענט. פאַרפרוירן איז געבליבן
שטיין די לעצטע פלאַמענצונג.

זיין ליד „דער שטורעם״ גיט דאָס געפיל ווי מען שטייט קעגן שפּיגל און מען דערזעט אין אים ווי אונטער זיך שטייט אין אויפגעהייבענעם האַלבן בייגל — דער קאָפּ פון אַ קאַברא. מ׳ווערט אומבאַוועגלעך פאַר־שטאַרט, נאָר געדאַנקען פאַלן מעטעאַריש חידושדיק.

„האַרבסט״ איז אַ ליד פון זעכצן שורות און עס גיט איבער כמעט בייאַגראַפישן אויפגעשווידערטן מאָמענט וואָס דער דיכטער, לייענענדיק ציטונגען און זשורנאַלן, לעבט דורך. ער צערייסט די צייטונגען און די זשורנאַלן, נאָר עמיצער מאַכט אויף די ראַדיאָ און באַכ׳ס מוזיק גיט אַ שטראָם, און אַ נשמהדיקן פלייץ אויף אים, און ער ווערט פון דער מתיקות׳דיקער נגינה אַזש פאַרשטאַרבן. צווישן אַזויפיל רישעות און אומ־גלויבלעכע טויטן פליסט זיך אַזוי זעליג די געטלעכע מוזיק, גלייך ווי דער אחרית הימים וואָלט שוין מקוים געוואָרן און ישעיה׳ס גייסט הערשט הערשט איבער אַלץ . . . און אַ פאַרחלשטער רעגיסטרירט זיך ביי אים:

אי ך האָב דאָן קלאָר דערהערט, גאָט קלאַפּט ביי מיר אין אָדער.
און זוכט אַ וועג, און קלאַפּט און וועקט מיך, אַ פאַרצווייפלטער און וועקט
און הבל׳ס קולות האָבן זיך אין מיר געוואָרפן, געשריען און געזאָדן.
און גאָט האָט אַלץ געקלאַפּט, געקלאַפּט — און האָט זיך מער שוין ניט אַנטפּלעקט.

דאָס איז פּאָעטישע סטאַקאַטאָ לויט איר טעמפּאָ. דאָס איז אַ סקולפּ־

טורע אויסגעהאַקט פון גראַניט לויט דעם קלאַפּ פונעם ריטם. עס לייענט זיך, אין דער הויך, ווי מען וואָלט הערן דעם שווערן האַק פון אַ סקולפּ־טאָרס דלאָטע. און פון הינטער אָט דעם אַלעמען יאָוועט זיך אַרויס דער גייסט פון וואָרט, די מוזיק פון פערז דער אָטעם פון פּאָעזיע. און די גאַנצע געמיט אויפגעטרייסלטקייט, איז איבערגעגעבן בלויז אין זעכצן שורות. און אין אָט דעם סטיל זיינען ביי אים אויך די איבעריקע לידער; זיי זיינען מיניאַטור־ביכער פאַר זיך גופא; דאָס קלענסטע ליד זיינס באַ־שטייט פון אַכט שורות און די לענגסטע פּאָעמע וואָס באַשטייט פון פיר און פערציק ווי „ביים גליווערדיקן טייך" אָדער „הערנדיק בעטהאָווענס „פאַר עליז", זיינען גרויסע ווערק. יעדערס מיט אַ פּאָטענציעלן קערן פאַר אַ באַזונדער בוך.

יעדער קינסטלער פאַרמאָגט אַ הויפּטווערק, אַ דערגרייכונג. נ. ב. מינקאָוו'ס דערגרייכווערק, איז בלי ספק זיין בוך „ביים ראַנד". זעט ווי ער גיט אַ שוידערדיק בילד פון אַ תליה. מיר זעען אַלץ ווי ס'וואָלט געווען אַ געמעל אין אויל־פאַרב קאָלירן. דאָס גאַנצע ליד פאַרמאָגט ניט מער ווי אַכט שורות און אין זיי זענען פאַרקערפּערט אי לעבן און אי טויט: דער גילדערנער וועוורק שפרינגט אַרום, דעם שטומען וואַנזין פונעם וואַלד הערט מען, און מ'זעט ווי עס באַמבלט זיך אַ טיפער זקן אויף דער תליה.

אַן אַנרעגנדיק ליד, פול מיט קינסטלערישן שטייגער, איז דאָס ליד „צו אַ יידישער דיכטערין פון פּוילן"; ס'איז פול מיט זונפאַרגייענדיקע אָוונט־שטימונגען, מיט ליכט און שאָטנס וואָס ציען אויס די אָביעקטן און פאַרענדערן דעם אַרום:

דאָס שטאַרבנדיקע פייער־שפּיל פון האָדסאָן־טייך גייט אויס.

די פּאָעמע איז פול מיט אַזוינע ענלעכע פערזן און נאָכמער מיט פאַר־בענקטע, ווי די לעצטע שטראַלן וואָס שפּרינגען אַרום אין דעמער פון איין צווייג אויפן צווייטן, פון איין בלעטל אויף אַן אַנדערן, אָט אַזוי שפּרינגען אַרום די שטימונגען און בילדער ווען מען לייענט די פערזן; ווייטיקדיק שווימען אַרויס רמזים וואָס פאַרבינדן עפּיזאָדן אין דער אַמעריקאַנער גע־שיכטע. עס גייען דורך: קאָסציוסקאָ; מיצקעוויטש; עס גייען פיגור נאָך פיגור. עס גייט און גייט דער יידישער האָדסאָן אינעם דיכטערס צעפלויישט געמיט, זיין יידיש געמיט:

אין מיר גרוילט פּשיטיק, בריסק, פון שרפות העלישע דער ציש.
עס טיפּט די נאַכט. און ס'וואַראַזשען גרילן בשורות חרובע אין ימן
שוואַרצן אַש.

און דער ייד אינעם דיכטער מעדיטירט, און עס זעט זיך דאָס גע־זיכט פון אַ צעקרענקטן מאָלער וואָס וויל אַריינכאַפּן דעם מזונס צעברעקל־טע דעמער־שטראַלן אין זיין בילד אַריין; מאָלט ער האָסטיק שאַרף, ער וויל גאָרניט פאַרלירן פון דער שנעל־אַפּגייענדיקער זון און ער מאָלט אויסצוגן פון איר ווי מע ציטירט אַ ליד . . .

עס הערט זיך דאָס קול פונעם דיכטער, עס זעען זיך פון די געשטאַלטן די געזיכטער און מיר פאַלן מיט די אויגן אויפן פנים פון ליד, אויפן האַרץ און מוח פון דעם צעשפּילטן ייד און מיר דערפילן וואָס דער דיכטער טוט און וואָס ער וויל אַז מיר זאָלן וויסן און זעען. ער בעמט אַרויס אַ באַשריבן זייטל פּאַפּיר און ער לייענט אַראָפּ דערפון:

אין צאַנקענדיקער שטים מיר שטום אַ שטעל פון אייער בריוו געבראַכט

און ער פּליסטערט אין דער שפּראַך פון דבורה פאָגל: און אפשר איז דאָס גאָר די שפּראַך פון אַלע פּאָעטן:

כ׳וועל אורשפּרינגלעך רעאַל אין אייער אויפגעוויקלטן מאַנטאַזש.

און פּונקט ווי דער לעצטער זונשטראַל פאַרלאָזט דעם האָדסאָן־טייך געשווינד אָט פּונקט אַזוי פאַרענדיקט זיך דאָס ליד מיט אַ פאַרמאַך:

און טירן שווינדן, שווינדן־אָפּ. און בלויז געציילטע ווערן ניט אין טאָג פאַרפאַלן.

אין יעדער ליד האָט מינקאָוו דיכטערישע שטימונג וואָס ער טוט זייער מייסטערדיק באַהערשן מיט זיין מוזיקאַלישקייט און אַדעקוועט אַריינגעקרעמפּעוועט וואָרט וואָס איז ווי אַנגעמאָסטן פאַר איר. אָט למשל גיט אונדז זיין ליד „צלם אלוקים” די שטימונג פון אונדזער אורטימלעכקייט צוזאַמען מיטן יידישן אַרט דענקען און חלומען פונעם צלם אלוקים; שטאָלצירן און זיך יחוסן מיט אים; נאָר אַלץ איז ווי אין אַ טיפן ברונים אַריינגעפאַלן און פאַרהוילן געוואָרן:

און אין חשכות טוט דעם שטנס רעגנבויגן טרויערן
וואָס מיר טראָגן נאָך דעם צלם אלוקים.

דאָס ליד ווי זיינע מערסטע לידער אין זיין בוך „ביים ראַנד” זייַנען געשריבן אין דער סטאַקאַטאָ און טאַקע אין אָט דעם באַווייזט זיך מינקאָוו׳ס אייגנאַרטיקער סטיל. ער איז בכלל זייער מוזיקאַליש. ער האָט אַ ליד „אין הויז אומשטערבלעכן” ווען ביט דער סטאַקאַטאָ ריטם, וואָלט עס לויט דער איבערחזרונג און די אַליטעראַציעס זייער גרינג געקענט צוגעשריבן ווערן צו מאַני לייבן:

לאַנגע נעכט. ווייסע שטערן שלאָפן אויף די שוועלן.
אַלטע שאָטנס שלאָפן. ס׳שלאָפט די גאַנצע וועלט.

ווייטער:

פון צייט צו צייט גייט עמיץ אום.
מען זעט אים ניט. און גייט דאָ אום.

ביז עס ווערט גאָלע מאַני לייב נאָך ווייטער:

גייט אום. פאַרלעשט, פאַרלעשט די שטומע ליכט.

און צום סוף דערגרייכט עס דעם ריטם פון מאַני לייב׳ס שטילער, שטילער:

און שטערן, שטערן שלאָפן אויף די שוועלן.

בכלל האָט מינקאָוו אַ סך דעמער, אַ סך דין־פאַרנאַכטיקס ווי מאַני

לייב. נאָר ס'איז באַטירלעך אַז ער זאָל עס פּאַראַידייעווען אַזוי. אַז עס גיט די אימפּרעסיע ווי דער בין־השמשות פֿאַלט אַראָפּ ווי קאַסקאַדן פֿון דער ווייטנס. ס'איז אַ נייע, גאָר נייע ליריק, די ליריק פֿונעם פּאָעטישן אינטע־לעקט.

צום גאַנצן בוך דאַרף מען זיך צוהערן זייער אויפמערקזאַם, אָט ווי מען הערט זיך צו צו אַ טשעלאָ סאָלאָאיסט אָדער צום זאָגן תורה פֿון אַ בריסקער רב . . . און גאָר אַ ספּעציעל אויפמערקזעמקייט דאַרף מען שיינקען די צוויי גרעסערע פּאָעמעס; מען מוז זיך טאַקע גוט אַריינטראַכטן אין זייער ספּיריטועלקייט. „הערנדיק בעטהאָווענס' פֿאַר עליז" און „ביים גליווערדיקן טייך", וואָס איז אגב די לעצטע פּאָעמע און שליסט דאָס בוך; זי דערמאָנט באַלד ביים אָנהייב, סיי אינעם ריטם און אין איר תוך, די תּפֿילה על נהרות בבל. שוין די ערשטע צוויי פֿערזן קומען און ברענגען מיט זיך אָט יענע אומעטיקע גייסטיקייט:

ביים גליווערדיקן טייך איז דאָס געווען,
ביי דעם פֿאַרשטומטן וואַלד איז דאָס געווען.

דער קערן פֿון אָט דער פּאָעמע ליגט אין דער פּאָעטישער מעטאַ־פיזיק, נאָר אַז מען גראָבט זיך טיף אַריין אין איר מאַכן זיך אויף, בשתיקה, קליינע פֿענצטערלעך און געהיימע פּאָרטישקעס, און מיר זעען ווי גרויסע ניסים אַנטפּלעקן זיך אין זייער פֿייערלעכע ממשותדיקייט — דער גאַנ־צער באַגאַזש דער יידישער פֿון וויזיאָנערישקייט, גאולה, חצות־געוויין, גלות השכינה קלאָגעניש, און נאָך און נאָך: גזירות און קבלה, פּילפּול אַרום קץ, מכוח תחית המתים, אַרום דעם מענטשנס בחירה, מכוח עולם־הבא און די פּראָבלעמען אַרום אונדזער שיקזאַל־גאַליק אָנגעצייכנטן לעבנס־גורל; און טאַקע ווידעראַמאָל און דער עיקר פֿון אַלע עיקרים — די השגחה־פּרטית און שכר־ועונש.

אָט דאָס אַלץ ווערט טראַכטנדיק און קלערנדיק געפֿרעגט הינטער די שאָטנס פֿון אַ בלינדן פֿייערדיקן שרף וואָס איז מיט זעקס פֿליגלען. די פּאָעמע דאַרף מען לייענען און נאָך אַמאָל לייענען. הן צוליב איר ימיקער טיפֿקייט און הן צוליב אירע קערנדיקע טראַדיציאָנעלע געדאַנקגענג וואָס הויערן, און הן צוליב איר הויכער פּאָעטישער קוואַליטעט. איך האַלט אַז מינקאָוו האָט דאָ קאָאָרדינירט דעם העכסטן אויסדרוק פֿון באַנעמען די יידישע אויפֿפאַסונג פֿון די צוויי באַגריפֿן: ערדישקייט און מלכות־השמים — קאָסמישער גייסט, קאָסמישער שכל.

ער האָט גענומען דעם גרעסטן איוב־פֿרעג און אים געמאַכט פֿאַר אַ פֿאָלקס־פֿרעג; אים געגעבן די בולטסטע פֿאָלקס־כאַראַקטעריסטיק און אים צוגעשריבן צום יידישן פֿאָלקס־דענקן. ער גיט צו די שטאַרקסטע ליניע, אַז מיר זיינען ניט נאָר אייביקע גאָט־זוכער, נאָר אויך אייביקע — גאָט־פֿרעגער. מיר שטופּן אים צו צו דער וואַנט פֿונעם זיבעטן הימל און — באַק! נישטאָ וואו ער זאָל זיך פֿון אונדזערע צערייצטע געדאַנקען־לאַפּעס

אַרויסדרייען צי נאָך ערגיץ אַוועקווייטערן פון אונדז! אָבער נאָך די אַלע געשיקטע אייגנשאַפטן אונדזערע, בלייבן מיר פּאָרט זיצן ביים ראַנד פונעם אומבאַשטימטן און ענעגמאַטישן אם־הדרך:

ביים גליווערדיקן טייך —
ביים אור־אור־אַלטן וואַלד —
אין מיט פון שטחים חורבות —
אין מיט פון טויטער וועלט —

זיצן מיר מיט אונדזער ברענענדיקן טראַכטן און קלערן פון אונדזער גורלדיקער אַליינקייט וואָס איז ענלעך צו דער אַליינקייט בלויז, פון גאָט — אחד!

און איצט צו דער פּאָעמע „הערנדיק בעטהאָווענס פּאַר עליז". דאָ איז מינקאָוו ווידעראַמאָל דערגאַנגען צו דער מיסטישער וואַנט. יעדער פּאָעט, יעדער קינסטלער, יעדער דענקעוודיקער מענטש קומט צו צו איר אין גע־וויסע מאָמענטן פון לעבן. עדגאַר אַלען פּאָו איז צו איר צוגעקומען און אַפילו דער בעל־שם־טוב׳דיקער וואָלט וויטמאַן איז צו איר צוגעקומען, ביים סוף פון זיין פּאַרענדיקטן קרייז. אַוודאי איז ער צו איר צוגעקומען ניט דורך עצבות, נאָר בתוך ספּיריטועלער חדוה, און פּאָעטישער דערקענטניש, איז וויטמאַן צו איר צוגעקומען. מען דאַרף לייענען זיינע לידער „מורמלענישן פון הימלישן טויט" און די באַשטעטיקטקייט איז דאָ. הערט ווי מינקאָוו, דערגרייכנדיק די זעלבע פּאָעטישע ספערן, באַשטעטיקט עס:

מיר דוכט איך בין בלויז האַלב וועג דורכגעגאַנגען.
איז מעגלעך, אַז איך לעב מיין גאַנצן לעבן אויפן זעלבן וועג?
מיר דוכט, איך האָב שוין דאָ געחלומט וועגן.
געוועזן די ערד, דער זאַמען, פּליסטער פון די גאָלדענע זאַנגען.
און מעגלעך, אַז צו ווידער־אויפלעבונג איז גאָר ניטאָ קיין ברעג.

און ער, דער פּאָעטישער אינטעלעקט, וואָס שרייבט לידער נאָר פונעם ריינעם שכל, גיט אַ שפּרודל אַרויס זיין האַרצנס קוואַל:

יאָ, יאָ, ס׳איז מעגלעך אַלץ, ווי ס׳זיינען מעגלעך מיינע טרערן,
וואָס קיינער זעט ניט, ווי עס שלינגט מיין ענגווערנדיקער האַלדז

און ער ווידערהאָלט: ס׳איז מעגלעך, מעגלעך. און ער פרעגט אויף זיין אופן:

און ווען? פון וועלכן דור? אין וועלכן בלי איז דאָס געוועזן אַלץ?

אָבער אַנשטאָט אַן ענטפער באַווייזט זיך אַ פּראָצעסיע:

די לעבנס־שטראָמען־אויף אין נאַכטוואַנדל, ווי אַלע טייערע אבדות.

נאָר איינע דערקענט ער:

און דאָס ביזטו, עליז, דו קיינמאָל ווירקלעכע און ניט פאַרווירקלעכסטע עליז
און איך לעב דאָרט לעבנס . . . אָ עליז, ווען שטאַרב איך ווען?

די אַלטע פּיאַנאָ ווײנט מעטאַדיש אויס

דײַן קינדערשע, דײַן קײנמאָל ניט געװעזענע געשטאַלט.
און זו אַלײן, אין טענער, לאַנגזאַם שאַפּסט און קרײזסט און קרײזסט
דײַן אײגן לעבן, זיך אַלײן, דײַן זעל, דײַן דינסטן פֿאַלד.
און מאָדנע. בלױז אײן רגע דאָ געװען.

און ער פֿאַרענדיקט מיט אַ רעפֿרײן װאָס לױפֿט אין אַ קרײַז װי דעם לעבנס ספֿער, אין אַ קאַראַהאָד לױפֿט זי. די ערשטע סטאַנזע איז אױך די לעצטע און דער לײַט־מאָטיװ קײקלט זיך אַרײַן װי עס קײקלט זיך אַרײַן אין אָרקעסטער די פּיקאָלאָ מיט איר באַשטעטיקטן אונטערשריפֿט־טאָן:

יאָ, יאָ, ס׳איז מעגלעך אַלץ, װי ס׳זײַנען מעגלעך מײַנע טרערן.

מינקאָװ, דער דיכטער פֿון לעצטע סך־הכּלען, װאָס קלערט מער װי ער זינגט און װײנט איבערן יידישן חורבן, איז זײַער יידישדיק אױפֿגע־טרײסלט פֿונעם גאַנצן אומקום װאָס ציט זיך װי אומענדלעכע יסורים־פּראָצעסיעס. אַלע פּאָעטן לעבן אים איבער אין געמיט װי יידן, און נאָך אַמאָל װי פּאָעטן — בײם שאַפֿן זיך אַ בילד פֿון זײַן פּײַערדיקער פּרעס־ראַליטעט. יעדערער טראָגט־צו זײַן קינסטלערישן צוגאָב אױף זײַן ספּע־ציפֿישן אופֿן און פּאָטענציעלער מעגלעכקײט; גלאַטשטײן, לײװיק, לעיע־לעס, ראַװיטש, גרינבערג, קאַדיע, מנחם פֿעפֿער, א. צײטלין — יעדערער נאָכ זײַן כּוח נאָך, נאָך זײַן פֿאַנטאַזיע נאָך; נאָר מינקאָװ דערפֿירט אים ביז צו אַ באַזונדערער, אינדיװידועלער באַזונדערקײט װאָס איז כּולל, אין אַ געװיסן פּרט, אַלעמענס אופֿנים און דרכים; װײַל ער איז בײַ אים „בײם ראַנד" ביז דער העכסטער הױך פֿאַרטיפֿט און קינסטלעריש געלײַטערט. ער איז אין לױטערקײט מקדש דעם טײװלישן חורבן. ער איז בײַ אים דער בראַכט געװאָרן צו אָט אָ דעם־אָ אײנגעהאַלטענעם פּונקט פֿון פּאָעטישער שאַפֿונג, אַז עס הױכט פֿון אים ריטואַלע פֿאַרכטיקײט װי יום כּפּור בײַ דער הױכער שמונה־עשׂרה, װי אין די מינוטען פֿאַר נעילה . . .

בײַ אַנדערע פּאָעטן איז ער באַװעגלעך און רױשיק װי דער ים און אָט אַזױ װעט ער שױן בײַ זײ פֿאַרבלײַבן — אַ ימיקע צעטרײסלקײט.

װי גלאַטשטײן, װי לעיעלעס, איז ער אַ בעל בטחון און אַ בעל־תּכלית בנוגע אונדזער יידיש לשון, — דער שעפֿער, מעג ער בלײַבן אײנ־ציק און אַלײן און אומפֿאַרשטאַנען אַפֿילו (װי מינקאָװ טוט זיך אַזױ קלאָר אױסדריקן אין זײַן פֿאַרענטפֿערן זיך אין זײַן ליד „אָן ענטפֿער") איז װי ער רירט זיך נאָר צו מיט זײַן פּען, דערפֿילט ער אַז ער דאַרף מיט די בעסטע שפּראַכקערנער פֿאַרזײען זײַן שאַפֿונג. ער דערשפּירט די יצירה און ער באַהעפֿט זיך אין איר: און נאָר אַזױ אַרום, קומט ער צו דער איבערצײַ־גונג פֿון איוב׳ס לעצטער דערקענטעניש:

און גאָט אין פּאַספּאַר־ליכט,
װײזט זיך אומגעריכט
און זעט צעבליטע פֿײַער־קערנער

און לאַנגזאַם בלייבט די טויטע נאַכט.
און גאַט, זעיט און זעיט און זעיט.

**און איצט נאָכאַמאָל צום סאַמע אָנהייב:**

**„אַל זיין וואָרטיק! ליכטיק וועט שוין ממילא ווערן. דער עיקר — ווען מיר זיינען זיך מעין אין מינקאָוו׳ס אַ ליד, צי לעייעלעס׳, צי גלאַטשטיינ׳ס צי מלך ראַוויטשעס, דאַרף פאַרשווינדן דער באַגריף — ליי־ענען. מיר דאַרפן ווערן אויס לייענער און ווערן — לערנער!**

ווארים אייגנאַרטיקייט איז שווער,
און ווייל אייגנאַרטיק קלערן איז אָפט טאַקע ניט קלאָר,
טאָר מען עס דעריבער ניט מעסטן מיט דער שזאַווערדיקער
וואָר.

**באַר מעסטן זאָל מען מעסטן מינקאָוו׳ס שאַפן מיט דער אייביקער ליכטיקער צעשטראַלטקייט פון אונדזער גייסטיקן וואָרט — יהי אור! וואָס טראָגט אויף זיך די פאָעטישע כוואַליעס פון בראשית אָן צו אונדז, און פון אונדז — אַד אינפיניטום.**

# לידער

• יצחק בערלינער

## מיט זייד דיינע גלידער

מיט זייד דיינע ליכטיקע גלידער
פאַרדעקטע פון אויבן — —
און דו ביסט אַ הייליקער סידור,
אַ סידור צו לויבן.

אויף וועג ווו דו גייסט אַזוי שטיל איז,
אַזוי שטיל איז צו טרעטן,
דו קוקסט מיט די אויגן — צוויי תפילות,
צוויי תפילות וואָס בעטן . . .

עס פאַלט אויף דיין שלווה אַ שאָטן,
אַ שאָטן אַ דיגער — —
די ליפּן — צוויי בלעטלעך — מיט אָטעם,
מיט אָטעם פון שכינה — — — —

## ס׳ציטערן די שטערן

ס׳ציטערן די שטערן,
אַזוי ציטערסטו, —
כ׳וויל אַנטשלאָפן ווערן
אין דיין ווייכער רו — —

ס׳האָט אַנטפּלעקט דער הימל
שוואַרצע נאַקעטקייט — —
דיינע אויגן — דרימל —
נאָכט אין זיי פאַרזייט.

און חלומות בליען
אין די אַפּלען צוויי —
וויל איך זיך באַמיען
חלומען אין זיי — —

אין דיין בליק באַגערן
וואַנדלען ערגעצוו
כ׳וויל אַנטשלאָפן ווערן
אין דיין ווייכער רו — —

כ׳רייס מיט אַלע קרעפטן
פון דער נאַכט דעם שטאָר,
ווײַל איך איצט באַהעפטן
חלום־רו מיט וואָר.

ביימער־שאָטנס ליגן —
פלאָנטערס חושך-גרויל — —
זינגט דער ווינט אַ ניגון
דורך דעם צווייגן־קנויל — —

לעצטער קלאַנג פון נאָטן
צאַפּלט אין מיין בלוט —
און דיין בלאַסער שאָטן
נעבן מיינעם רוט — — —

## אַזויפיל גליק אויף דיין באַלקאָן

שוואַרץ די נאַכט און מאַנאַטאָן — —
נאָר אַזויפיל שטראַלן ליכט
לויכט אַראָפּ פון דיין געזיכט — —
הינטער דיר אַ שאָטן קריכט —
קוקסט אַראָפּ פון דיין באַלקאָן — — —

פלאָטערט נאַכט — אַ שוואַרצע פאָן —
פלאָטערט און דו פלאָטערסט מיט — —
ערגעץ הילכן ווייטע טריט
האַרט און שווער און מאַנאָטאָן — —
הערסט זיך איין, דיין פנים גליט,
קוקסט אַראָפּ פון דיין באַלקאָן — —

פינסטער, נאַכט, — איר שוואַרצער צאָן
בייסט דיר אָפּ פון לייב אַ שטיק — —
ווייסט עס ניט, די נאַכט פאַרוויגט
דיין שטומע זעל אויף שטערן־טראָן — —
עס קלאַפּט דיין האַרץ, — אַזויפיל גליק,
אַזויפיל גליק אויף דיין באַלקאָן — — —

# טאָג און נאַכט

וואָרקען, וואָרקען טויבן ווייסע —
שעהן פונם טאָג דעם העלן — —
ווינטל פלוידערט שטיל אַ מעשה
פון פלינקע רגעס, ווי גאַזעלן — — —

הימל אויסגעשטיקט מיט קרעלן,
נאַכט פאַרדעקט פון טאָג די שויבן — —
אויף ראַנדן פינצטערע פון שוועלן
שלאָפן־איין די ווייסע טויבן — — —

# מיין אוצר פון פריען באַגין

אַ פאַס ליכט, אויסגעצויגן און לאַנג
ביי דעם ראַנד האָריזאָנט, ווי אַ שווערד,
אויפגעשאָפט האָט דעם חושך־פאַרהאַנג — — —
אויף דער בלוילעכער סצענע פון ערד
כ'בין געלעגן, געברומט אַ געזאַנג :

יעדעס טראָפּנדל טוי — אַ בריליאַנט —
ווי שמאראַגדן, די גרעזעלעך, גרין
און זיי פינקלען ביי מיר אויף דער האַנט — —
מיט דעם אוצר פון פריען באַגין
איך פאַרגין זיך צושפּילן אין זאַמד — — —

אויפן שליאַך פונם טאָג קומט אַרויס
פולע זון, אַזוי ליכטיק און קלאָר, —
זי פאַרטוליעט איר קאָפּ אויף מיין שויס
און איך צערטל און גלעט אירע האָר — —
יעדער שטראַל איז אַ גאָלדענער קרויז — — —

איך שטרעק־אויס מיינע הענט אין געבעט, —
ס'לאָזט די נאַכט אַראָפּ זיך ווי אַ שטאָר ,
נאָר די בינע ברעכט־איין, ווי אַ ברעט;
און ס'פאַרציט זיך דער שוואַרצער ראָלעט — — —

# אַזוי האָסטו געזאָגט...

האָסט געעפנט דיינע ליפּן און שטיל אַזוי געזאָגט:
מיין טאָג האָט קיינמאָל נישט געטאָגט,
מיין לעבן לאַנג —
אַ קלאַנג
פון אייביק נאַכט —
געלעגן איז פאַרמאַכט
אין שוואַרצער צעל;
מיין זעל
געפיבערט האָט, געברענט
דורך מיינע אויגן זיך געשטרעקט צום פירמאַמענט;
מיינע הענט
צעשפּרייט ווי פליגלען צוויי
האָבן זיך געצויגן צו דער זון,
ווי ס׳רייסט זיך אַ געשריי,
ווי ס׳רייסט זיך פון דער כוואַליעדיקער טיף
— אַ זינקנדיקע שיף,
אַזוי האָסטו געזאָגט — —

און ט׳האָבן דיינע ווערטער אין מיין בלוט אַרומגעריזלט און געקלאָגט,
געוויינט,
געפאַלן אַזוי שווער — —
געפאַלן אַזוי שווער — —
דיין יעדע טרער —
געגליווערט ווי אַ פּערל אין מיין האַרצן טיף —
אין מיין רויטער נעסט
מיין לעבן, זעסט? —
איז אויך אַ זינקנדיקע שיף,
איז אויך פאַרטונקלט און איז גרוי,
דער הימל מיינער —
ער איז קיינמאָל נישט געווען בלוי,
מיין טאָג האָט קיינמאָל נישט געלויכטן העל, —
אַזוי האָט שטיל גערעדט צו דיר מיין זעל — — —

## געגנבעטע מינוטן

יובל בישט מיין האַרץ — עס איז דער יום־טוב בישט געווען קיין פולער —
ס'האָט דער גרויער אינדערוואַכן אפשר לאַנג, צו־לאַנג, געדויערט — —
אין די אָדערן, געפּאַנגען, האָט געריזלט די גאולה —
און נאָך אויסלייזונג זי האָט געריסן זיך, געבענקט ,געלויערט,
ווי נאָך טיפן ריס פון אַקער ס'בענקט די בתולהדיקע רויערד.

ערגעץ האָט אַ העלער חלום אינם האַרץ ביי מיר געדרעמלט,
ציטערן געמאַכט די שטראָמען הייסע לויפּנדיקע בלוטן — —
אַלע שהע'ן זיינען פול מיט אומעט, נאָר איין שעה — זי פּלעמלט
און זי לאָקט מיך, ווי אַ ווייטע עפענונג דורך חשך־גרוטן, —
צי איך צו דעם פייערל און גנבע פונקען — די מינוטן.

## האָסט איבערגעריסן

גאָטס האַנט האָט אין הייכן די זון אויפגעקלעפּט,
די זון אויפן הימל — דעם בלוילעכן שפּיגל.
דאָס האַרץ דיינס פאַרהאַמערט אויף שלאָס און אויף ריגל — —
אויף וועג צו דיין לעבן — צעפּאַלענע טרעפּ —
גאָטס האַנט האָט אין הייכן די זון אויפגעקלעפּט
אַ גאָלדענעם זיגל.

אויף באַרג וויל איך שטייגן, אויף גאָרלעצטן שפּיץ
און אייבוויקלען ס'לייב אין די בענדער פון שטראַלן,
עס זאָלן די דונערן ברומען און שאַלן,
דער שטורם זאָל וואָיען און שטעכן דער בליץ — —
אויף באַרג וויל איך שטייגן, אויף גאָרלעצטן שפּיץ
און ווערן פאַרפאַלן — —

דערפרישנדער קוואַל פון דיין ברויזנדע פרייד — —
און איך האָב פון קוואַל דיינעם טראָפּנס גענומען, —
איך האָב בישט געטרונקען, — באַנעצט נאָר מיין גומען — —
די אויגן, — געטרערט האָבן שטילינקערהייט — —
דערפרישנדער קוואַל פון דיין ברויזנדע פרייד —
אומענדלעכער ברונעם .

האָסט איבערגעריסן ס׳געזאַנג אינדערמיט,
איצט ליגט עס צעבראָכן ,צעשניטן אין רינגען — —
טאָ וויל איך צעבלאָזן, דערברענען, באַצווינגען
די פלאַמיקע קופּע פון פייער — מיין ליד — —
האָסט איבערגעריסן ס׳געזאַנג אינדערמיט
און כ׳וויל עס דערזינגען — — —

## ס׳איז באַנג

ס׳איז באַנג —
אוי ווי באַנג —
נאָר ס׳קען נישט כאַפּן מיין געדאַנק
נאָך וואָס — —
צי נאָך באַגינענדיק געזאַנג
פון גראָז,
נאָך גרין
פון פעלד,
פון וואַלד
וואָס רוט,
צי נאָך וועלט
אין פריערדיק געשטאַלט
אָן שמינק
פון בלוט — —
אָן איבלדיק געשטאַנק — —
אָן שוואַרצע שטילקייט פון דער ערד —
דעם פאַנטעאָן — —
אַוודאי איז מיר באַנג,
טאָ וואָס-זשע זאָל איך טאָן? —
דאָס בענקעניש, עס הייבט זיך אָקאָרשט אָן — — — —

# • אַלטער עסעלין

## צו א. סוצקעווער

ווער פון אונדז האָט ניט געטרוימט דאָ יאָרן־לאַנג
פון דיין הערלאָישן דערגרייך. מיך וואונדערט ניט צומאָל
וואָס דו האָסט גיך באַזיגט פּראָווינץ און מעטראָפּאָל,
די פּאַנעגיריק אויך — כאָטש אָן דעם גלאָקן־קלאַנג.

אויך מיך גייסטו בלוטיק אָן, פּאָעט פון העכסטן ראַנג.
אין רגע פון באַרוישונג פון דיין ליד, ווי אונטער אַלקאָהאָל,
האָט אַ ביטערע ניכטערקייט אין מיר געשריען אויפן קול:
צי ביזטו ניט דער שיינער קורצער פלאַקער פון אַ זונפאַרגאַנג?

עס לעשט זיך ליכט נאָך ליכט. עס שאָטנט אונדזער בנין.
פאַר וועמען דער אַלכעמיע־פּערז, אַראַבעסקן, פיליגרינען
דיינע, שפּעט געקומענער אבן עזרא, נייער, דרייסטער,
אָ, דו נאָענטסטער, געפין אַ זין, באַגייסטער
דעם ניט דערהערטן ,דעם צאַנקער אין דעם לעצטן מנין
ווי איך, וואָס שטייט פאַר דיר אין ערנפורכט, מייסטער.

## צו א. לעיעלעס

ניט אַלט און נאָך ניט מיד ביזטו, קלוגער קאָנער פון מאַנהעטן,
ווען פאַרטיק שטייט דיין זעלבסט געמאַכט פּערפעקטער מאָנומענט.
דיין נאָמען אויפן טורעם ווי דער דעקאַלאָג אין נביאס הענט
פאַרזאָרגט מיט דויער ווי זעלטענע נעמען פון פּאָעטן.

האָסט לאַנג געקליבן, געמישט, געפורמט דעם צעמענט,
און לענגער נאָך געפוצט אים מיט פיינע וואָרט־בוקעטן,
ווייט אַהינטער דיר די לייט מיט פאַרשפּילטע טרעף געוועטן
פאַרשטומט האָט דיין נייע און הייסע סומע פון טאַלאַנט
די דיאַטריבן, פון די וואָס האָבן זיך געמיט
צו ווייזן דיין געשוילטע קאָלטע קאָנשאַפט פון דעם ליד;
געוועזן ליובער אויך — פעדער־גרינגע סודות אויפן אויער
האָבן לייכט פאַרבייגעווינטיקט, נאָר וויפל ביטערס און וויפל טרויער
האָסטו אויסגעטרונקען, איצט צאָל צוריק זיי מיט
אַ ברייטן שמייכל און — שפּאָר ניט קיין מיטלייד און באַדויער.

## לייענענדיק קאַפקאַן

אַ בומעראַנג דאָס וואָרט, אַ וואָרף אין ווייטע ספערן,
געריכט, צי אומגעריכט — ער קומט צוריק צום וואַרפער —
געשפּאַנט ווי אַ סטרונע אונטער פינגער פון אַ האַרפער
און הער וואָס ער פאַרטרויט, אויב דו ווילסט נאָר הערן.

איך האָב געפּלאָקערט ווי אַ ליכט פון בײדע עקן,
אין דעמערונג זיך נאָכגעיאָגט נאָך גנאָמען
און נאָך זאַכן וואָס האָבן ניט קיין נאָמען,
וואָס איך וועל נאָך דערפינדן און ענטדעקן.

כ'האָב געטאַנצט מיט קינדער, נואפים און דעקאָלטירטע צנועות;
דעם גוטן תם, וואָס שמייכלט אָן פאַרוואָסן,
האָב איך טרוימענטרייסט אין האַרץ אַריינגעשאָסן,
און מיט מילבן געפירט אָן עלפאַנדיקן שמועס . . .

געהערט געלעכטער פון קראַנקע אין שפּיטאָלן
ווען ענציקטע רו האָט זיי אַרומגענומען,
און רייד, קוים געאַנטע — ווי שטומע צו אַ שטומען —
געצוימט פון שאַרפזין און אָן היפּערבאָלן.

כ'בין אויפן צונג געלעגן ביי חשובע פאַרשוינען,
געזען ליכט־שטראָם און שמחה אויף די ברייטע שטחים,
נאָר איך האָב ניט באַגעגנט אַזאַ שטאָלצן חכם
וואָס זאָל אַ גאָט ניט דאַרפן אויף זיך אויסצוויינען.

## ס אָ נ ע ט

די רייפע צאַרטע רויז מאָנט אויך אַ טראָפּן בלוט
פון גראָבער האַנט וואָס רירט נאָר אָן איר צווייג,
ווייסט ניט פון הכנעה און פון איינרייד — שווייג,
ווען פליקער פוצט מאָרד מיט שיינעם אַטיטוד.

אויג פאַר אויג, און ווי איז דעם וואָס איז פייג
צו שטיין אין רעכטער צייט אַנטקעגן שונא'ס רוט,
ביז אומבאַזיגבאַר ווערט דער רשע און רעכט איז וואָס ער טוט,
און דו אַליין — אַ שרייפּעלע אין מערדערס מאָרד־געצייג.

צייט מיט גאָט־רייך, נאָר זי גיט ניט פיל
דעם וואָס קוקט אויף פאָלקס־יסורים ווי אויף אַ קינדער־שפּיל;
נאָר אַרויסצורייסן די עלאָקווענטע צונג
ביים דעמאַגאָג, וואָס שטיקט אין פאָלק דעם לעצטן לעבנס־פונק.
עס קעמפט פאַרשיידן: דער הדיוט און דער ביבליאָפיל,
דער אָקס מיט זיינע הערנער, דעם חכם מיט אַ וואונק.

# אברהם ברוידעס

דער יונגער העברעאישער דיכטער אברהם ברוידעס פאַרנעמט אַ באַזונדערן פּלאַץ אין דער נייער העברעאישער דיכטונג אין ארץ ישראל.

אַליין אַ קינד פון אַן אָרימער אַרבעטער פאַמיליע איז ער אויפגע־וואַקסן און אויפגעהאָדעוועט געוואָרן צווישן דעם „נוער העובד", וואו ס'האָט זיך אויסגעפורמט זיין ליטעראַרישער זשאַנר. ער האָט אָנגעהויבן זיין דיכטערישן שאַפן מיט געזאַנג וועגן די ליידן און אָרימקייט פון אַר־בעטער. דאָס עלנטע לעבן פון חלוץ אין אידישן היימלאַנד האָט געפונען ביי אים זיין אויסדרוק; אויפברויז פון שטימונגען וועגן דעם נייעם יידישן אויפבוי און שאַפונגס־אַרבעט אין ארץ ישראל. אַרבעטענדיק אַליין אין קבוצים און אין קאָלאָניעס איז ברוידעס דורכגעדרונגען מיט פּיאָנערן־גייסט. ווי האַרציק־שיין איז זיין „בריוועלע צו דער גולה":

„כ'שטרעק אויס מיין האַנט צו מיינע פריינט אין אַלע עקן
כ'האָב היינט אַ בריוועלע צו שרייבן זיי באַשלאָסן;
אין ווערטער פשוטע דעם אמת ביטערן אַנטפּלעקן
פון אונדזער לאַנד, וואָס איז פאַרוואָרלאָזט און פאַרשלאָסן".

„די מיסיע און אויפגאַבע איז שאַפן בויען אין די ברייטן און די לענגען
ניט שרעקן זיך פאַר קיין דראָענדער סכנה
און שטעלן אַלץ אין קאָן, און בלוטיקע קרבנות ברענגען
ווייל קיין שום לאַנד ווערט ניט געשאָנקען במתנה".

ברוידעס איז דער דיכטער פון אומרו. ניט נאָר אַנטהאַלטן זיינע לידער מאָזאַלן אַרבעט, פּראַצע האַמערקלאַפּעריי נאָר אויך שילדערונגען פון אויפבוי אין פרייד און לייד.

ער איז דערשינען מיט זיינע ערשטע לידער נאָך מיט צוואַנציק יאָר צוריק. דעמאָלט זיינען געקומען די העברעאישע דיכטער יצחק למדן, אורי צבי גרינבערג און א. שלאָנסקי, יעדערער מיט זיין חלום און מיט זיין פתרון.

ברוידעס איז דעמאָלט אַרויס מיט זיין לידער ביכל „מבית" אין פאַרלאַג „דבר". — דאָס הויז איז געווען „בית ישראל" — זיינע לידער, פּאָעמען, וועגן אידישן הויז פון שומר און פון חלוץ אויף די פעלדער פון יהודה און אויף די פעלדער פון גליל.

די לייד פון אַ שלאָפלאָזער נאַכט און די פרייד פון אַ האָראַ טאַנץ האָט זיך אויסגעמישט אין זיין גאַנג. כאַראַקטעריסטיש איז זיין ליד „נישט אומזיסט", וואָס איז געוואָרן, אַ פאָלקס־לידל ביי די חלוצים.

# ניט אומזיסט

מיר פשוטע בויער פון אייגענעם היימלאַנד,
טראָגן געבענטשטע יסורים
מיט פלאַמנדע אויגן.
מיר זעגען אַ ליכטיקער בליץ אין וואָלקנדע הימלען
אַ בליענדער אינזל אין וויסטקייט פון מדבר.

מיר שניידן אַ וועג דורך גיפטיקע זומפּען
און טרעטן אויף שטעכיקע דערנער.
דאָ ווערן פאַרשטיינערט די קינדערשע אַקסלען,
פאַראייזנט די פוכיקע הענט.
מיר רייסן ריזיקע פעלזן מיט אימפּעט
און שטורמען פאַר׳חלומ׳טע בערג.

ניט אומזיסט, מיינע ברידער, טריפט אונזער שוויס,
פליסט אונזער בלוט
אין די דאָרשטיקע זאַמדן.
און ס׳פּלאַטערן גופים אין חמסיניקע טעג!
מיר זיינע געבערענטע עקשנים פון דורות,
שלעפּן אַ יאָך מיט פאַרביסענע ליפּן
און טאַנצן אַ „הוירא״ פאַרמאַטערטערהייד . . .

מיר ווייסן:
עס וועט נאָך שמעקן די זאַפטיקע תבואה
פון פאַרשאָלטענע בלאָטעס
און שפּראָצן אַ דופטיקער פרילינג
מיט הילכיקע פּויערשע לידער
אויף דער אייגענער ערד — — —

ברוידעס׳עס ליריק איז ס׳רוב פּובליציסטישע ליריק, ער האָט רעאַגירט אויף טאָג געשעענישן — מיט זיין פּען. ער האָט אין זיין גרעסע־רער פּאָעמע „אין שפּאַן״ געשילדערט ווי אַזוי די חלוצים די טרוימער מאַ־טערן זיך אויף אַלטער ערד צו פאַרווירקלעכן אַ צוויי־טויזנט־יאָריקן חלום. דער טריבער וואָכעדיקער טאָג ווערט שטענדיק באַלויכטן פון דעם בליאַסק פון דעם טרוים, אַזוי בלאַנקעט אַרום דאָס בילד פון אייגענעם פאַרלאַנג, אַ פאַרלאַנג נאָך באַדן. מיטן חלום אין האַרצן באַדט ער זיך אין דער זומערדיקער זון, שלעפּט עמערס זאַמד פאַר אַ געביידע וויל ער פילט ער איז אַ רינג אין דער קייט פון כלל ישראל.

**ווי פערל זענען צעשאָטן געוואָרן זיינע קלענערע לידער, וואָס זענען אַזוי באַ'חנ'ט און האַרציק פאַרוועבט אין דער נייער העברעאישער דיכטונג. די כאַראַקטעריסטישע זענען צוויי פאָלגנדע לידער:**

## מיין העמד

מיין העמד, וואָס צוגעקלעפּט איז אויף מיין רוקן —
טרויער־פּעדים טוען עס באַהעפטן:
מיין העמד האָט, פאַר אַ לעמפּל־שיין, מיין מוטער
געלאַטעט מיט די לעצטע קרעפטן.

מיין העמד, וואָס זאַפּט אַלץ איין דעם זיפץ פון ליד מיינס,
פון לייס און ציגל רויט צעשטאָכן;
מיין העמד טריפט אַזש מיט ביטערניש פון פּראָצע,
ווען כ'לאָזאָראָפּ זיך ,מיד און צעבראָכן.

מיין העמד דאָס אַלטע ,טראָג איך ליב און טייער,
מיין לעבן מיינס דעם ריס באַהעפטן;
מיין העמד האָט, פאַר אַ לעמפּל שיין, מיין מוטער
פאַרלאַטעט מיט די לעצטע קרעפטן.

## פאַר קנאַל פון קאַנאָנען

פאַר קנאַל פון קאַנאָנען און בלוטיקע זיגן,
ניט שעם זיך, מיין ליד; ווער, מיין שטים, ניט פאַרשוויגן.
קלינג, פערז מיינער, קלינג פאַר די פעלקער'ס יתומים,
און פאַר מיינע שמאַכטנדע ברידער אינאיינעם
צעטומלט וועלט, הויב זיך אויף, גיב אַ צייכן,
אַז אין האַרץ דאָס צווייטע זאָל קאָנען דערגרייכן
כל זמן ס'איז אַ בוים דאָ אויף דער ערד וואָס עס גרינט נאָך,
האָט מענטש נאָך ווערט און זיין טאָג איז באַזיגט נאָך.
כ'וועל אויפקלייבן זיינע צעבראָכענע לוחות
אין קנאַל פון קאַנאָנען און אָרגיע פון רוחות . . .

**ברוידעס נעמט זיינע מאָטיוון פון דער יידישער האַרעוואַניע אין אונזער היימלאַנד. און ער ווערט אינספּירירט און שאַפט אַ ליד ווען אַ קליינער קינד, אַ נייער נפש'ל וואָס איז צוגעקומען אין דער יידישער שטאָט תל־אביב. דאָס קינד איז דער גורל פון קינפטיקן דור און דער דיכטער שטעלט זיך אַוועק אַ פאַרגאַפטער, פול מיט יראה אַרום דעם ווי־געלע, און דאָס קינד ברענגט אים נישט קיין זאָרג נאָר פרייד, כאָטש עס איז שוין ביים וויגל אָפּגע'חתמ'עט דער גורל פון אַהאַסוועד פון אייביקן איד, וואָס וואַנדערט.**

# ביים קינדס וויגעלע

ערשט נעכטן גועיאָגט זיך נאָך וואָלקן אוןווינט:
היינט בייג איך זיך איבער דער וויג פון מיין קינד.

אָט לאַכט עס און מורמלט; אָט וויינט עס און שרייט,
און גרויס — וועט עס ערגעץ אַוועק פון מיר ווייט.

אַוועק, נישט ווי איך — אינעם פאַרמעט פאַרטון —
וועט פריידיק צעוויקלען די זעגלען, מיין זון.

און אפשר וועט שטום־זיין פון טרויער און נויט
זיין גאַנג, ווי אַ קעמל באַלאַדענערהייט?

און אפשר וועט זיין גאָר זיין גורל און איז —
זיין לעבן זאָל הענגען אין שלאַכט אויף אַ שפּיז?

. . . פאַרטראָגן אַזוי, לאָזט זיך איבער מיין קאָפּ
דעם שווערן, אַ שאָטן, אַ לאַנגער אַראָפּ.

איך טראַכט אין מיין זאָרג פאַרן קינד און איך פרעג:
— וואָס לויערט אויף אים אינעם אָנקום פון טעג?

ערשט נעכטן — געיאָגט זיך נאָך וואָלקן און ווינט —
היינט פליסטער איך שוין אַ געבעט פאַר מיין קינד.

**שיקזאַל, גורל, מזל — רופט עס ווי איר ווילט. ברווידעס דערזעט דעם גורל אומעטום, ווי נאָר ער ווערט פאַר׳שכור׳ט פון זונען־שיין אָדער פאַראומערט פון אַ פינסטערע נאַכט אָן אַ שטערן. ער איז אַ באָאָבאַכטער און אַ קאָמענטאַטאָר צוגלייך פון דעם לעבן פון חלוץ אין אידישן היימלאַנד. ער דערפילט די משא אויף זיינע פלייצעס און ער העלפט אים שלעפן די משא, און דערמיט האָט ער זיך קונה־שם געווען און זיינע לידער האָבן זיך פאַרוועבט אין געוועב פון דער נייער העברעאישער דיכטונג אין לאַנד.**

# דיכטער און שריפטשטעלער פון פינפטן באַנד "ליטעראַרישע זאַמלונגען"

## שלמה שוואַרץ

שיקאַגע

יידיש־ענגלישער דיכטער. ארויסגעגעבן ביכער: „בלוי מאָנטיק", „אמעריקע"; מיטרעדאקטירט „מידוועסט־מערב אנטאָלאָגיע" און „בריקן". האָט זיך באטייליקט אין „אינזיך", „שיקאגע", שפיגל", „די פעדער", „„אויפקום", „געצעלטן" און אנדערע צייטשריפטן און זשורנאלן. אין ענגלישן זענען פון דעם דזשיימס דעקער פארלאַג ארויסגעגעבן געוואָרן 3 ביכער פון שלמה שוואַרץ. ער באטייליקט זיך אויך אין די אָנגעזע־ענסטע ענגלישע זשורנאלן.

## אברהם סוצקעווער

תל־אביב

געבוירן אין סמאָרגאָן, ארויסגעוואַנדערט מיט דער משפחה קיין סיביר און אין 1921 אָנגעקומען קיין ווילנע, וואו ער האָט געלעבט ביזן לעצטן טאָג פון געטאָ. פון געטאָ זיך דורכגעריסן צו די יאַראַטירער וועל־דער, וואו ער האָט צעזאַמען מיט זיין פרוי געקעמפט אלס פאַרטיזאַן. אין 1944 ארויסגערופן געוואָרן קיין מאָסקווע. געלעבט דאָרט ביז 1946. געשיקט געוואָרן פון מאָסקווע אלס עדות צו דעם נירענבערגער פראָצעס. דערנאָך צוריקגעפאָרן קיין פוילן. געוואוינט דערנאָך א שטיק צייט אין פאריז. געווען אויך אין בעלגיע, האָלאַנד. באזעצט זיך אין ארץ ישראל. דערשינענע ביכער: „לידער", 1935. „וואלדיקס", 1940. „דיפעסטונג", 1945. „לידער פון געטאָ", „ווילנער געטאָ". געדרוקט זיך אין די אָנגע־זעענסטע זאמלונגען און זשורנאלן.

## ב. גראַבאַרד

שיקאַגע

מחבר פון דעם בוך „קריטיק — א פערטל יאָרהונדערט". געדרוקט זיך אין די זשורנאלן „צוקונפט", „די פעדער", „אויפקום", „ליטעראַרי־שע בלעטער", „אפּאטאָשו־לייוויק זאמלביכער" און אויך אין פארשידע־נע פעדאגאָגישע און שול־זשורנאלן.

## אַריה שמרי

עין שמר

— פון 1924 אין ארץ ישראל, אין דער קבוצישער באוועגונג פון השומר הצעיר. באטייליקט זיך אין „לייוויק אָפּאטאָשו זאמלביכער", „המשך" צוקונפט", „יידישע קולטור", „געצעלטן", „נייע יידישע דיכטונג

אַנטאָלאָגיע", „ארץ ישראל שריפטן", העברעאישע און יידישע אויסגאַבעס. אַרויסגעגעבן ביכער „ו"ל שירים על ליזר ציפרס", אַ פּאָעמע איבערזעצט אין העברעאיש דורך אברהם שלאָנסקי, (1939) און „אין טויער פון טעג" (1947).

## חיים גראַדע

### פּאַריז

געבוירן אין ווילנע. אין צייט פון מלחמה פאַרוואָרפן געוואָרן קיין אוזבעקיסטאַן. נאָך דער מלחמה געוואוינט אין מאָסקווע. צעזאַמען מיט א. סוצקעווער געווען פאַרטראָטן אַלס דעלעגאַט צום 19טן פּען קאָנגרעס אין ציריך. געפינט זיך איצט אין פּאַריז. ביז איצט זענען דערשינ'ער זיינע פּאָלגנדיקע ביכער: „יאָ" — „מוסרניקעס" — „דורות" — „פאַרוואַקסענע וועגן" — „פּליטים". באַטייליקט זיך אין די וויכטיקסטע און אָנגעזעענסטע צייטשריפטן און זשורנאַלן.

## מ. גיציס

### שיקאַגע

אַרויסגעגעבן די ביכער: „גלאָקן". „נאָוועלן". „די זון אין נזרח", „בטחון", „דער וועג צום באַרג", „מאַמע-ערד". געדרוקט זיך אין די „ליטעראַרישע בלעטער", „צוקונפט", „פּאָטאָשאָ-לייוויק זאַמלביכער", „אינזיך", „יידישע קולטור", „האַמער", „אויפקום" „די פעדער", „יידישער קעמפער", „בריקן", „פרייע אַרבעטער שטימע", „שפּיגל" און אַנדערע צייטשריפטן און זשורנאַלן.

## א. א. ראָבאַק

### קעמברידזש מאַסס.

לעקטאָר אין פּסיכאָלאָגיע אין אַ ריי אוניווערסיטעטן. געוועזענער דאָצענט אין האַרוואַרד. מחבר פון איבער אַ צענדליק ביכער אין ענגליש איבער פּסיכאָלאָגיע, אויך פון עטלעכע ביכער אין ענגליש וועגן דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור, ווגן י. פּרץ'ן, וועגן קוריאָזיטעטן אין דער יידישער ליטעראַטור. מיטאַרבעטער אין די אָנגעזעענסטע צייטשריפטן און זשורנאַלן איבערן לאַנד.

## יעקב גלאַנץ

### מעקסיקא

דיכער און עסייאיסט. באַטייליקט זיך אין אָפּאָטאָשאָ-לייוויק זאַמלביכער", „ליטעראַרישע בלעטער", „צוקונפט", „אינזיך", „המשך" און אין אַ גרויסער צאָל צייטשרפטן און זשורנאַלן. אַרוסגעגעבן ביכער: „פאָנען אין בלוט" 'טריט אין די בערג". רעדאַקטירט אַ צאָל צייטשריפטן און זשורנאַלן".

## ה. גאָלדאָוווסקי

לאָס־אַנגעלעס

אַרויסגעגעבן די ביכער: „פּרייִרי לאַנד", "אונדערע טעג", „זינגט אַ וועלט" און „ליכט אין גלויבן". געדרוקט זיך אין „יידישן קעמפער", „פרייע אַרבעטער שטימע", „אויפגאַנג" „יידיש". מיטרעדאַקטירט די שריפטן „פּאַסיפיק" און „אונדזער וואָרט.

## אברהם שלאָנסקי

ארץ ישראל

אָנגעזעענער העברעאישער דיכטער. אַרויסגעגעבן פינף זאַמלונגען לידער. רעדאַקטירט דעם וואָכנבלאַט „עתים", איבערזעצט אין העברייאיש פון רוסיש לידער פון בלאָק, מאַיאַקאָווסקי, גומילעוו; אויך פּושקינס „יעוו־געני אָניעגין". גאָרקיס „אין אָפּגרונט" און גאָגאָלס „רעוויזאָר". די לי־דער אין דעם באַנד איבערעצט פון גאָלדאָוווסקי, זענען פון שלאָנסקיס בוך „בגלגל".

## חנה סענעש

דיכטערין, טאָכטער פון אונגאַריש־יידישן שריפטשטעלער ביעלאַ סענעש. געבוירן אין יאָר 1921. צוליב דעם פאַשיזם אין אונגאַרן, איז זי אָנגעקומען קיין ארץ ישראל (1939) וואו זי איז געוואָרן אַ מיטגליד אין אַ קבוצה. די מלחמה האָט זי ניט געלאָזט רוען. פרייוויליק האָט זי זיך אָנגעשלאָסן אין אַ שליחות צו טאָן אַרבעט אין שונאים לאַ־גער. אין 1944 איז זי אָפּגעפלויגן פון ארץ ישראל קיין איטאַליע. פון דאָרט איז זיי אַריבער צו די יוגאָסלאַווישע פּאַרטיזאַנען און פון יוגאָ־סלאַוויע קיין אונגאַרן. דאָרטן איז די געכאַפּט געוואָרן פון די נאַציס, וועלכע האָבן זי פאַרמאַטערט צום טויט (1944), נאָך 5 חדשים אין תפי־סה. אין דעם באַנד גייען אַריין אַ צאָל פון אירע לידער, וועלכע זי האָט געשריבן אין העברעאיש.

## מאָטעס דייטש

אַרויסגעגעבן די ביכער: „אינם לאַנד פון די יענקים", "צווישן ימען און פלאַמען". רעדאַקטירט „מידוועסט מעריב אַנטאָלאָגיע" און „בריקן". געדרוקט זיך אין „אַפּאַטאָשו־לייוויק־זאַמלביכער", „אינזיך", „צוקונפט", „באָדן", „יידישע קולטור", „ליטעראַרישע בלעטער", „המ־שך", „האַמער", „אויפקום", „געצעלטן", און אַנדערע. מיטרעדאַקטאָר פון די ערשטע דריי ביכער „ליטעראַרישע זאַמלונגען".

## יצחק בערלינער

מעקסיקאָ

אַריוסגעגעבן ביכער: „דריי וועגן", „שטאָט פון פּאַלאַצן", „עד־מתי". רעדאַקטירט זשורנאַלן „מעקסיקאַנער יידיש לעבן" און „אָזוי". באַ־

טייליקט זיך אין „צוקונפט", „פרייע ארבעטער שטימע", „וואָכנשריפט", „שפּיגל", „שיקאַגע" און אַנד. שטענדיקער מיטאַרבעטער פון „וועג".

## אַלטער עסעלין

מילוואָקי

ארויסגעגעבן די ביכער „קנויטן", „אונטער דער לאַסט", באַטייליקט זיך אין „קונדס" „פרייע ארבעטער שטימע", די „פעדער", „דער טאָג", „צוקונפט", „אויפקום", „ליטעראַרישע בלעטער", „סטודיען", „געצעלטן" און אַנד

## ש. ערנסט

ארויסגעגעבן אין יאָר 1931 דאָס בוך „ספר האשה": אין 1933 „מאוצר הבדיחה", אין 1934 „ספר יעקב". געווען מיטאַרבעטער פון דער ענציקלאָפּעדיע „יודאאיקא", מיטאַרבעטער פון פאַרשידענע העברעאישע און יידישע צייטשריכטן און זשורנאַלן.

# אינהאַלט

